J. GROSSMAN

# ESSEYEN UN ZYKHROYNES

## (Essays and Memoirs)

With Photos and Illustrations

1974

Montreal, Que., Canada

NORTHERN PRINTING & LITHOGRAPHING CO.

*Printers and Publishers*

4844 St. Lawrence Blvd., Montreal, Que.

# אינהאַלט I



# אינהאַלט II

## אינהאַלט III



## אינהאַלט IV



**יום־טוב ליפמאַן צונץ**

# יום־טוב ליפמאַן (לעאָפּאָלד) צונץ

**1886 — 1794**

(פון דער סעריע: חכמת ישראל אין דייטשלאַנד)

ווי קען איךריידן וועגן דער געזעלשאַפט פאַר קולטור און
וויסנשאַפט פון די יידן און ניט דערמאָנען דעם אויסגעצייכנטן
מאַן — לעאָפּאָלד צונץ, דעם מאַן פון גרויסע אויפטוען?
ער האָט געאַרבעט און געשאַפן אין דער צייט ווען זיינע חברים
האָבן געחלומט און פאַנטאַזירט, צום סוף האָבן זיי אַראָפּגעלאָזן
די הענט און זיינען ניט בייגעשטאַנען דעם נסיון.

ה י י נ ר י ך ה י י נ ע

**אָט די ווערטער פון דעם גרויסן דיכטער באַציען זיך צו אַ געשעעניש אין גייסטיקן לעבן פון די דייטשישע יידן אין 19טן יאָרהונדערט, וואָס האָט**

געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער וויסנשאַפט אין משך פון אַ לענגערער צייט.

נאָך דעם ווינער קאָנגרעס אין 1815, ווען די קאָאַליציע קעגן נאַפּאָלעאָנען האָט נאָך איר גרויסן נצחון פון דאָס נײַ איבערגעצייכנט די געאָגראַפיש־פּאָליטישע מאַפּע פון אייראָפּע, איז צוריק אײַנגעשטעלט געוואָרן דער „אַלטער רעזשים״, און די רעאַקציע האָט זיך פאַרפעסטיקט אין די אייראָפּעאישע מלוכות. די דייטשן, וואָס זײַנען בעת די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות געווען דערדריקט און הכנעהדיק, האָבן ווידער אויפגעהויבן זייערע קעפּ. זיי האָבן נאַפּאָלעאָנען ניט באַזיגט, דאָס האָבן געטאָן אַנדערע, דעריבער האָבן זיי קיין צו גרויסע ראָליע אין דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק ניט געקענט שפּילן.

דערפאַר האָבן זיי זיך געפילט פרײַ און געגוג שטאַרק לגבי זייערע יידישע מיטבירגער. דער פאַנאַטישער דייטשישער נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם האָט זיך צעשפּילט מיט דער גאַנצער קראַפט, און דערמיט — דער פאַרוואָרצלטער אַנטיסעמיטיזם פון דורות. אין אַ ריי שטעט פון לאַנד זײַנען פאָרגעקומען פּאָגראָמען איבער יידן. די סטודענטן פון די אוניווערסיטעטן און זייערע „בורשענשאַפטן״ האָבן דערביי געהאַט אַ גרויסן חלק. די פירערס פון די דייטשישע מלוכות און פירשטנטימער האָבן ניט געקענט דרייען די ראָד פון דער געשיכטע אויף צוריק — קיין געטאָס פאַר יידן ווי פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן זיי ניט געקענט אײַנפירן. זיי האָבן אָבער יאָ אײַנגעפירט כלערליי געזעצן צו באַגרענעצן די רעכט פון די יידן.

אין דעם זעלביקן יאָר 1819, ווען די שטאָט־בירגער און די סטודענטן זײַנען געלאָפן איבער די גאַסן מיט ווילדע אַנטיסעמיטישע אויסגעשרייען: העפּ־העפּ, יודע פערעקע, אַ טויט די יודען! — האָבן דרײַ יידישע אינטעלעקטואַלן געשאַפן אַ „פאַראיין פאַר דער קולטור און וויסנשאַפט פון די יידן״. די ערשטע גרינדערס זײַנען געווען: לעאָפּאָלד צונץ, עדואַרד גאַנס, אַ תלמיד פון דעם פילאָזאָף העגעל, איינער פון די באַדייטנדיקסטע יונגע יוריסטן פון דייטשלאַנד, און משה מאזער, אַ פילאָזאָף. שפּעטער זײַנען צו זיי צוגעשטאַנען נאָך געלערנטע יונגע לייט, ווי לודוויג מאַרקוס, אַ גרויסער מומחה אין דער געשיכטע און קולטור פון אַזיאַטישע און אַפריקאַנישע פעלקער, דער היסטאָריקער מאַרקוס יאסט און דער פּאָעט היינריך היינע. דער פאַראיין האָט אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל „צײַטשריפט פאַר דער וויסנשאַפט פון יידנטום״. דער קולטור־פאַראיין האָט זיך געשטעלט אַ צווייאיקן ציל: הויבן די חשיבות

און דעם זעלבסט־באַוואוסטזיין פון די דייטשישע יידן, און דורך וויסנשאַפט־לעכע פאָרשונגען פון דער יידישער ליטעראַטור, געשיכטע און פילאָזאָפיע איבערצייגן די דייטשישע געזעלשאַפט, אַז זייערע יידישע מיטבירגער זיינען שוין ראוי צו פולשטענדיקער גלייכבאַרעכטיקונג.

דער קולטור־פאַראיין האָט עקסיסטירט בלויז פינף יאָר. די יידישע נאָ־טאַבלען און די פירערס פון די קהילות האָבן ניט געהאַט קיין צוטרוי צו די יונגע געלערנטע, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין פּאָליטישע דערפאַרונג און קיין געזעלשאַפטלעכן פּרעסטיזש. דערצו האָבן כמעט אַלע פירערס פון דעם פאַר־איין „אומגעביטן דאָס רענדל״ — זיינען אַריבער צום פּראָטעסטאַנטיזם. צונץ האָט דעמאָלט געליטן אַ טיפע אַנטוישונג אין זיינע חברים און אין די דייטשישע יידן בכלל, אָבער ניט אין דער יידישער וויסנשאַפט, וואָס איר האָט ער אָפּגעגעבן זיין גאַנץ לעבן און האָט געשאַפן גרויסע גרונטיקע ווערק, וואָס האָבן אומגעהויער באַרייכערט און סטימולירט די יידישע וויסנשאַפט־לעכע פאָרשונג.

## דאָס לעבן פון לעאָפּאָלד צונץ

יום־טוב ליפמאַן צונץ איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט דעטמאָלד דעם 10טן אויגוסט 1794. זיין פאָטער, מנחם, איז געווען אַ לערער פון תלמוד אין האַמבורג. ער איז געשטאָרבן יונג (לעאָפּאָלד איז דעמאָלט אַלט געווען 8 יאָר). דאָס יינגל איז געשיקט געוואָרן קיין וואָלפענביטל צו לערנען אין אַ שול פאַר אָרעמע קינדער. זיינע לערערס האָבן באַמערקט זיינע אויסער־געוויינלעכע כשרונות. ער איז אַנגעקומען אין דער גימנאַזיע (דער ערשטער יידישער תלמיד דאָרטן), וואו ער האָט געלערנט וועלטלעכע לימודים. נאָכן גראַדואירן די גימנאַזיע איז ער געוואָרן אַ לערער אין דער יידישער שול, ער האָט זיך אינטענסיוו אָפּגעגעבן מיט אַליינבילדונג. שפּעטער איז ער אַוועק־געפאָרן קיין בערלין. אין דעם בערלינער אוניווערסיטעט האָט ער שטודירט קלאַסישע פילאָלאָגיע, פילאָזאָפיע, תנ״ך, מאַטעמאַטיק און אָריענטאַלישע שפּראַכן ביי די באַרימטסטע געלערנטע פון זיין צייט.

אַ געוויסע צייט איז ער געווען אַ פּריוואַט־לערער אין הויז פון דער באַרימטער הענריעטע הערץ, וואו עס איז געווען אַ ליטעראַרישער סאַלאָן פון דער גייסטיקער עליטע פון יונג־דייטשלאַנד — שרייבערס, פילאָזאָפן און וויסנשאַפטלערס.

זיין דאָקטאָראַט האָט צונץ באַקומען אין דעם אוניווערסיטעט פון האַלע. זיין דיסערטאַציע איז געווען אויף אַ היסטאָרישער יידישער טעמע. קיין שטענדיקן מקור פון פּרנסה האָט ער ניט געהאַט. ער האָט געהאַלטן דרשות אין דער נייער בערלינער סינאַגאָגע, געגעבן פּריוואַטע לעקציעס, געווען אַ געוויסע צייט אַ פאַרוואַלטער פון אַ שול פאַר יידישע קינדער, וואָס די יידישע קהילה האָט געעפנט, געווען אויך אַ מיטאַרבעטער אין אַ טעגלעכער צייטונג, פאַרבעטן געוואָרן קיין פּראַג צו דרשענען אין אַ טעמפּל.

די אַלע באַשעפטיקונגען האָבן צונצן ניט באַפרידיקט. און ער האָט זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן זיינע פאָרשונגען פון יידישן גייסטיקן שאַפן במשך פון דעם דורותדיקן עבר.

זיינע אָריגינעלע פאָרשונגען, באַזונדערס זיין גרויס ווערק „די דרשות ביי יידן אין זייער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג" (דייטש), געדרוקט אין 1832, האָבן צונצן געשאַפן אַ נאָמען פון אַן ערשטקלאַסיקן געלערנטן. אין יאָר 1836 קערט ער זיך אום קיין בערלין, וואו ער האָט פאַרבראַכט זיין גאַנץ לעבן.

ער באַקומט די מעגלעכקייט צו שטודירן די יידישע כתב־ידן אין די ביבליאָטעקן פון אָקספאָרד, לאָנדאָן, פּאַריז און פּאַרמאַ (איטאַליע). ער זאַמלט מאַטעריאַל פאַר זיינע ווייטערדיקע פאָרשונגען.

די בערלינער יידישע קהילה האָט אים באַאויפטראָגט אָנצושרייבן אַ ווערק וועגן יידישע נעמען (זע ווייטער), שפּעטער איז ער באַשטימט געוואָרן ווי דער פאַרוואַלטער פון דעם יידישן לערער־סעמינאַר אין בערלין. סוף־כל־סוף האָט די קהילה אָנערקענט צונצס גרויסע אויפטוען פאַר דער יידישער וויסנשאַפט און פאַר דער חשיבות פון דעם יידישן פאָלק, און אין יאָר 1864, ווען דער געלערנטער איז אַלט געוואָרן 70 יאָר, איז געשאַפן געוואָרן אַ צונץ־פונדאַציע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן זיינע געזאַמלטע ווערק אין דריי בענד. ער האָט שוין געקענט לעבן רואיק און ממשיך זיין די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. ער איז געשטאָרבן אין בערלין אין 1886.

לעאָפּאָלד צונץ איז ניט געווען פון דעם מין געלערנטע וואָס שליסן זיך אָפּ אין „עלפאַנדביין־טורעם" און אינטערעסירן זיך ניט מיט די געשעענישן פון איצטיקער צייט. פאַרקערט, ער איז געווען זייער אַקטיוו אין יידישן און אַלגעמיינעם לעבן. ער האָט ענערגיש געקעמפט פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן אין פּרייסן און אין גאַנץ דייטשלאַנד. ער האָט געהאַלטן רעדעס און פאַרעפנטלעכט בראָשורן וועגן דער עמאַנציפּאַציע פון די יידן.

## עסייען

בעת דער רעוואָלוציע פון 1848 אין דייטשלאַנד איז ער געווען אויפן צד פון די רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געפאָדערט ענדערונגען אין דער דייטשישער קאָנסטיטוציע. זיינע וויכטיקע היסטאָרישע ווערק האָט ער גע־שריבן כדי צו באַווירקן די מאַכטהאָבערס פון דייטשלאַנד צו פאַרבעסערן די רעכטלאָזע לאַגע פון די יידן.

ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין וואָרט און אין שריפט אין דער באַוועגונג אַריינצוברענגען געוויסע שינויים אין דעם ריטואַל און אין די מנהגים, אָבער ער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די עקסטרעמע רעפאָרמערס אין דער יידישער אמונה (אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון זיין לעבן).

איצט, ווען דער ראַסן־פּראָבלעם אין אַמעריקע און אין דער גאַנצער וועלט איז זייער פאַרשאַרפט געוואָרן, ווען די אַמעריקאַנער נעגערס קעמפן אַזוי ענערגיש פאַר זייערע רעכט ווי בירגער פון לאַנד, איז זייער אינטערע־סאַנט צונצס באַציאונג צו דעם בירגער־קריג אין אַמעריקע, וואָס זיין פּועל־יוצא איז געווען דער נצחון פון די צפונדיקע שטאַטן און די באַפרייאונג פון די נעגערס אין דער צייט פון דעם פּרעזידענט לינקאָלן.

אין 1864 שרייבט צונץ: „מיט עטלעכע חדשים צוריק זיינען מיר געווען עדות פון אַ גראַנדיעזער און פּרוכטיקער געשעעניש אין דעם נצחון פון דער יוניאָן. מיט יאָרן צוריק האָט מען געמיינט, אַז מיטן אָפּשאַפן די קנעכטשאַפט וועט די רעפּובליק אומקומען, אָבער די אַמעריקאַנער האָבן פאַרמאָגט די ענערגיע און מוט צו שטעלן אַלץ אין קאָן כדי צו ראַטעווען די פרייהייט פון די בירגער צוזאַמען מיט דער פרייהייט פון דעם מענטשן, ווייל זיי האָבן אָנגענומען אַ קאָנסטיטוציע, וואָס האָט באַפרייט אַלע בירגערס צוזאַמען מיט די נעגערס".

צונץ איז געווען אַ גרויסער געלערנטער און אַ דינאַמישע פּערזענלעכ־קייט. ער איז געווען אַ פּאַטריאָט פון דייטשלאַנד. ער האָט געגלויבט און געהאָפט אַז די פינצטערע צייטן פון מיטל־אַלטער זיינען געענדיקט און „דער פונק וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן וועט שוין מער ניט פאַרלאָשן ווערן... די רדיפות אויף יידן זיינען עלול אויפצובלאָזן דעם פונק צו אַ לויכטנדיקן פלאַ־קער. מ׳קען שוין ניט אָפּפרעגן דעם נצחון פון פרייהייט און ציוויליזאַציע, די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן און זייער קולטור".

ווי אַ ביטערער חוזק קלינגען איצט די ווערטער פון צונצן. אָט די „ציוויליזירטע" דייטשן האָבן אין משך פון די לעצטע 50 יאָר אונטערגעצונדן

די וועלט אין צוויי גרויסע שחיטות, און אין דער לעצטער מלחמה האָבן זיי אויף אַ באַרבאַרישן אופן אומגעבראַכט מיליאָנען פון אונדזער פאָלק.

צונץ האָט, ווי אַנדערע יידישע אינטעלעקטואַלן פון דייטשלאַנד אין זיין דור געהאַלטן, אַז זינט דעם יאָר 70 פון דער אַלגעמיינער צייט־רעכענונג, ווען די רוימער האָבן צעשטערט די יידישע מלוכה, זיינען די יידן ניט קיין נאַציאָנאַליטעט, נייערט אַ קולטור־ און רעליגיעזע געמיינדע.

צו דער יידישער שפּראַך האָט ער געהאַט אַ פאַראַכטנדיקע באַציאונג, און האָט זיך געוואונטשן, אַז זי וועט בקרוב אונטערגיין, און די יידן וועלן אָנהויבן צו ריידן אַ „ריינע שפּראַך״, ד. ה. — דייטש.

אין די ענינים פון נאַציאָנאַליטעט און שפּראַך האָט ער זיך ניט דערהויבן איבער זיינע בני־דור אין דייטשלאַנד. וואָס איז שייך אָבער זיינע פאַרדינסטן פאַר דער געשיכטע און דעם גייסטיקן שאַפן פון יידישן פאָלק, זיינען זיי זייער באַדייטנדיק.

## צונצס וויסנשאַפטלעכע ווערק

עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אַז צונץ האָט געשריבן גרונטיקע ווערק וועגן דער גייסטיקער שאַפונג פון יידישן פאָלק אין די פאַרגאַנגענע דורות. איינס פון די ערשטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן זיינע איז אַ ביכל: „איניקע ווערטער וועגן דער רבנישער ליטעראַטור״. דאָס איז ווי אַ מין פּראָגראַם־אַרטיקל וועגן דער יידישער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. ער שילדערט דעם גייסטיקן מצב פון די יידן אין דייטשלאַנד. זיי האָבן זיך אויפגעהערט צו אינטערעסירן מיט זייער געשיכטע און ליטעראַטור. לעצטנס זיינען ניט גע־שאַפן געוואָרן קיין ווערק וואָס זאָלן וויסנשאַפטלעך אַנאַליזירן די גייסטיקע אוצרות פון יידישן שאַפן. דער אַלטער טראַדיציאָנעלער לעבנס־שטייגער ווערט צעשטערט, און עס ווערט ניט געשאַפן קיין נייער. צונץ קומט דעריבער צום אויספיר, אַז עס איז די רעכטע צייט צו גרינדן אַן אינסטיטוט פאַר דער פאָרשונג פון דער יידישער געשיכטע און ליטעראַטור פון די פאַרגאַנגענע דורות.

אין דעם זשורנאַל „צייטשריפט״, וואָס דער פאַראיין האָט אַרויסגעגעבן אונטער צונצס רעדאַקציע, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן דעם לעבן און שאַפן פון רבי שלמה יצחקי — רש״י — וואָס איז אַ מוסטער פון וויסנשאַפטלעכער מאָנאָגראַפיע.

אין 1836 האָט די פּרייסישע רעגירונג אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז עס איז די יידן פאַרווערט זיך אָנצורופן מיט דייטשישע נעמען. דער ציל איז געווען אַ קלאָרער: יידן מוזן זיך אָנרופן מיט יידישע נעמען, כדי די קריסטלעכע באַפעלקערונג זאָל וויסן ווער עס איז אַ ייד. דאָס האָט שטאַרק אָנגערירט די יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל, מיט מלאכה אָדער מיט פרייע פּראָפעסיעס.

די בערלינער קהילה האָט פאַרגעלייגט צונצן, וואָס איז שוין דעמאָלט באַקאַנט געוואָרן ווי אַ באַדייטנדיקער געלערנטער און אַן אויסגעצייכנטער סטיליסט, אָנצושרייבן אַ היסטאָרישע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם ענין. ער האָט אָנגעשריבן אַן אַרבעט: „די נעמען פון די יידן". אין דעם ווערק רעכנט ער אויס די נעמען פון די יידן זינט דער בבלישער תקופה ביז דעם 19טן יאָר־הונדערט, און ווייזט אויף אַז אין יעדער תקופה האָבן די יידן זיך געגעבן נעמען וואָס שטאַמען פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי האָבן געוואוינט. קיינמאָל האָבן די קריסטלעכע הערשערס אַפילו אין מיטלאַלטער ניט פאַר־ווערט די יידן זיך אָנצורופן מיט ניט־יידישע נעמען. אין דער תלמודישער און רבנישער ליטעראַטור געפינען מיר ווייניק נעמען ווי אברהם, משה, דוד. יידן האָבן אין פאַרשיידענע צייטן געהאַט נעמען וואָס האָבן געשטאַמט פון בבליש, פערסיש, אַראַמיש, גריכיש, לאַטיין און אַנדערע שפּראַכן (זרובבל, חסדיא, הורקנוס, פפא, טרפון). דערביי ווייזט צונץ אַרויס אַ פענאָמענאַלע בקיאות אין דער גאַנצער תלמודישער און נאָך־תלמודישער ליטעראַטור.

אין זיינע ווערק וועגן דער סינאַגאַגאַלער פּאָעזיע פון די יידן אין מיטל־אַלטער, וועגן פּיוטים און פּיטנים (אין דריי בענד אונטער פאַרשיידענע נעמען) האָט ער אויסגענוצט זיינע פאַרשונגען פון די מאַנוסקריפּטן און געדרוקטע מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין די גרויסע ביבליאָטעקן פון אייראָפּע. הונ־דערטער סליחות, קינות, פּיוטים און תפילות האָט ער געלייענט און שטודירט. אויף דעם סמך באַקומט זיך אַ גראַנדיעז און פּאַטעטיש בילד פון די גזירות, רדיפות, העלדישקייט און מאַרטירערטום אין דער געשיכטע פון די יידן בעתן מיטלאַלטער. ער גיט וויכטיקע באַשרייבונגען וועגן די פּייטנים וואָס האָבן מחבר געווען אָט די אַלע פּיוטים און סליחות, וואָס אַ טייל פון זיי זיינען ביז זיין צייט געווען אומבאַקאַנט אַפילו פאַר יידישע געלערנטע און פאַרשערס.

דאָס וויכטיקסטע און אַלזייטיקע ווערק צונצס איז: „די דרשות ביי יידן אין זייער היסטאָרישער אַנטוויקלונג".

ביים שרייבן דאָס קאַפּיטאַל וויסנשאַפטלעכע ווערק האָט צונץ אויך געהאַט אַ פּאָליטישע כוונה. די פּריסישע רעגירונג האָט פאַרווערט צו האַלטן די דרשות אין די שולן און סינאַגאָגעס אין דער דייטשישער שפּראַך. צונץ האָט געוואָלט „אויפקלערן" די דייטשישע מאַכטהאָבערס, אַז דער פאַרבאָט איז קעגן די היסטאָרישע טראַדיציעס פון יידישן פאָלק און פון זייער רעליגיע, ווייל שוין זינט טויזנטער יאָרן איז אַ מנהג ביי יידן, אַז די דרשות ווערן געהאַלטן אין דער לאַנדשפּראַך און אין דער אומגאַנג־שפּראַך פון די יידן.

דער היסטאָריקער מאַרקוס יאָסט, צונצס אַ יוגנט־חבר, האָט זיך אויס־געדריקט אַז דאָס ווערק איז אַ וויכטיקע געשעעניש אין דער פאָרשונג פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, און איינער פון די אַנגעזעענסטע דייטשישע געלערנטע פון יענער צייט שרייבט, אַז זינט ברוך שפּינאָזאַ האָט אַ ייד ניט געשאַפן אַזאַ גרונטיק וויסנשאַפטלעך ווערק. אין די „דרשות" און אין די צענדליקער הערות (באַמערקונגען) צו יעדער קאַפּיטל ווייזט דער מחבר אַרויס אַ זעלטענע בקיאות אין דער יידישער ליטעראַטור פון אַלע צייטן. ער האָט צונויפגעזאַמלט און אַנאַליזירט הונדערטער ספרים און מדרשים פון תלמודישער און מיטלאַלטערלעכער שאַפונג. „די דרשות ביי יידן" האָבן צונצן מיט רעכט פאַרשאַפט דעם נאָמען „דער פאָטער פון חכמת ישראל".

אַוודאי זיינען ניט אַלע באַגרינדונגען און מסקנות גילטיק ביז היינטיקן טאָג. אַ סך פון זיי זיינען לעצטנס אָפּגעפרעגט געוואָרן און געשטעלט געוואָרן אין ספק, אָבער די וויכטיקייט פונעם ווערק איז ניט געמינערט געוואָרן. עס איז נאָך היינט אַ סטאַנדאַרט־בוך פאַר יעדן פאָרשער וואָס שטודירט די מדרשים־ליטעראַטור.

דאָס ווערק „די דרשות ביי יידן" באַשטייט פון 24 קאַפּיטלען. צונצס געדאַנקען־גאַנג איז: די איינציקייט און אינטעגראַלקייט פון דער תורה, תלמוד און מדרשים — איז דער המשך פון יידישן גייסטיקן שאַפן. די קייט האָט זיך קיינמאָל ניט איבערגעריסן. אין פאַרשיידענע תקופות פון דער יידישער געשיכטע, אין ארץ־ישראל און אין די לענדער פון זייער צעשפּרייטונג, האָבן יידן ניט אויפגעהערט צו שאַפן גייסטיקע ווערטן. די פאָרם, שפּראַך און דער סטיל האָבן זיך געענדערט. אָבער דער ציל איז געבליבן דער זעלביקער: אויפהיטן און פרעזערווירן די אומה אין דערהויבונג און אין קדושה.

מיט פאַרלירן די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט איז דער איינציקער יסוד

פון דער אומה פאַרבליבן דער בית־הכנסת, וואו יידן פלעגן זיך צונויפזאַמלען אויסצוהערן די רייד פון גאָט און זיינע נביאים. די סופרים האָבן פאַרנומען דאָס אָרט פון די נביאים נאָך מלאכין, און די דרשות הייבן אָן צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָליע אין דעם לעבן פון פאָלק.

צונץ גיט אַ שאַרפן וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז פון הלכה און הגדה. די הלכה — דאָס געזעץ און די אויסטייטשונג פון די דינים — איז די שאַפונג פון די תנאים, אמוראים, רבנים — בכלל פון די געלערנטע און גייסטיקע מנהיגים; די הגדה מיט איר מוסר, עטיק און שטאַרקונג פון דעם נאַציאָנאַל־רעליגיעזן גייסט איז אַ קנין פונעם גאַנצן פאָלק, פון יעדער יחיד.

ער קלאַסיפיצירט די פאַרשיידענע מינים פון הגדה: עטישע, היסטאָרישע, דערקלערונג פון פסוקים פון תנ״ך, פאָלקס־ווערטער וכדומה. ער באַשרייבט גענוי די פאַרשיידענע איבערזעצונגען פון תנ״ך און זייער היסטאָרישע אַנטוויקלונג (די תרגומים אונקלוס, יונתן, תרגום שני צו דער מגילה, די סעפּטואַגינטאַ — די איבערזעצונג פון די 70 פון העברעאיש אויף גריכיש). ער גיט אַ היסטאָרישן איבערבליק איבער די דרשנים און פייטנים פון מיטל־אַלטער. די הערות צו יעדן קאַפּיטל זיינען אַן אומדערשעפּלעכער קוואַל פון ביבליאָגראַפיע, און זאָגט עדות אויף דער אויסערגעוויינלעכער פלייסיקייט און פּינקטלעכקייט ביים זאַמלען דעם אָריגינעלן מאַטעריאַל פאַר דער סטרוקטור פון דעם ווערק.

אין איינעם פון די קאַפּיטלען ווערט איבערגעגעבן די געשיכטע און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך. דער מחבר גיט אָן די גרונט־עלעמענטן פון יידיש — דייטש, העברעאיש, סלאַווישע און אַנדערע עלעמענטן; אַרכאַאישע ווערטער און פאָרמען וואָס ווערן אין מאָדערנעם דייטש שוין ניט גענוצט.

זיינע אויספירן און מיינונגען וועגן דער יידישער שפּראַך האָבן איצט אַ קנאַפּן וויסנשאַפטלעכן ווערט אין ליכט פון די פאָרשונגען פון יידישן לשון אין דער לעצטער צייט.

צונץ איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון אַ מאָדערנער דייטשישער איבערזעצונג פון תנ״ך. זינט מענדעלסאָנס ביאור זיינען שוין אַריבער צוויי דורות, און די יידישע יוגנט האָט זיך שוין גענויטיקט אין אַ נייער איבערזעצונג.

אַ גרויסע השפּעה אויף צונצן האָבן געהאַט די דריי יידישע געלערנטע פון זיין דור: רבי נחמן קראָכמאַל (רנ״ק), שלמה יהודה ראַפּאָפּאָרט (שי״ר) און שמואל דוד לוצאַטאָ (שד״ל). נחמן קראָכמאַל האָט אָנגעטרויט צונצן צו רעדאַגירן און אַרויסגעבן זיין לעבנסווערק „מורה נבוכי הזמן״. צונץ האָט אָנגעשריבן אַ הקדמה צום „מורה״.

יום־טוב ליפּמאַן צונץ האָט געלעבט ביז 92 יאָר. אין די לעצטע 12 יאָר פון זיין לעבן האָט ער שוין כמעט ניט געשריבן. ער איז שוין געווען מיד, איינזאַם און אויסגעשעפּט. זיין טויט האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף די געלערנטע פון פאָלק אין אַלע לענדער.



**אברהם גייגער**

# אברהם גייגער

**1810 — 1874**

פון דער סעריע: חכמת ישראל אין דייטשלאַנד

## אַריינפיר

צוויי יידישע פערזענלעכקייטן פון דעם פאַרגאַנגענעם דור, וועלכע זיינען געווען נית בלויז גרויסע שרייבערס, נייערט אויך מענטשן פון דערהייבענע אידייען און געדאַנקען. זיי האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ גראַנדיעזן חלום וועגן דעם צונויפזאַמלען פון יידישן גייסטיקן שאַפן פון אַלע דורות אין אַלע

לשונות. די צוויי מענטשן זיינען געווען: יצחק־לייבוש פרץ און חיים־נחמן ביאַליק, און דער חלום זייערער איז געווען: כ י נ ו ס. פון צוויי באַזונדערע אַספּעקטן האָבן זיי באַטראַכט דאָס יידיש גייסטיק לעבן, וועגן דער אויפלע־בונג פון צוויי יידישע שפּראַכן האָבן זיי געטרוימט, אָבער די גרונט־אידייע איז געווען כינוס: צונויפזאַמלען און איבערגיסן אין די אייגענע, עכט יידישע שפּראַך־כלים אַלץ וואָס איז שאַפעריש, דערהייבן, און וואָס איז לכתחילה געשריבן געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן.

ביידע האָבן זיי דעם געדאַנק אַרויסגעזאָגט און האָבן אויף זייער שטייגער אים פּרעכטיק אויפגעקלערט און פאָרמולירט. וואָס איז שייך פּרצעס חלום איז צו דער פאַרווירקלעכונג בלויז אַן אָנהייב געמאַכט געוואָרן. דער דיכטער י. י. שוואַרץ האָט איבערגעזעצט אויף יידיש ווערק פון די יידישע פּאָעטן אין דער גאָלדענער תקופה פון שפּאַניע. דער געלערנטער שמחה פּעטרושקאָ האָט אונדז געגעבן אין אַ גוטן לומדישן יידיש די זעקס סדרים פון משניות. פון צייט צו צייט זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף יידיש וויכטיקע וויסנ־שאַפטלעכע ווערק פון יידישע פאָרשערס, אַזוי האָט, למשל, נחום שטיף (בעל דמיון) פאַרעפנטלעכט אין באַנד (דעם 3טן) פון ד״ר גידעמאַנס גרויסן ווערק „די קולטור־גייסטעסגעשיכטע דער יודען אים מיטלעלטער". ד״ר גידעמאַן, אַ רב פון ווין, האָט פון שטיקלעך און ברעקלעך, דערמאָנט אין די פאַר־שיידענע שו״ת (שאלות־ותשובות)־ספרים, ווי אויך אויפן סמך פון אַנדערע מאַטעריאַלן, קאָנסטרואירט אַן אַלזייטיק און אינטערעסאַנט בילד וועגן דעם גייסטיקן לעבן פון די יידן אין אייראָפּע בעתן מילטאַלטער. לעצטנס האָט דער יידישער קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק אַרויסגעגעבן די „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק" פון שמעון דובנאָוו אין 10 בענדער. אָבער דאָס איז, ווי געזאָגט, בלויז אַן אָנהייב, געשאַפן פון יחידים. אַזאַ וויכטיקע אויפגאַבע ווי כינוס דאַרף דורכגעפירט ווערן דורך אַ גרויסן קאָלעקטיוון אָנשטרענג.

בנוגע ביאַליקס חלום וועגן כינוס אין דער העברעאישער שפּראַך איז אין ארץ־ישראל אַ סך מער אויפגעטאָן געוואָרן. עס זיינען אויפגעקומען פאַר־לאַגן וואָס האָבן אַרויסגעגעבן וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע ווערק, געשריבן פון יידישע געלערנטע אין פרעמדע שפּראַכן. די שטודירנדיקע יוגנט האָט געמוזט האָבן די נייטיקע ביכער צו לערנען יידישע געשיכטע, רעליגיע, פילאָסאָפיע און אַנדערע דיסציפּלינען. דער ירושלימער אוניווערסיטעט, מוסד

הרב קוק, מוסד ביאַליק און אַנדערע פאַרלאַגן האָבן דעם בלויז געמויזט דערפֿילן.

דער מוסד ביאַליק האָט פאַרעפנטלעכט אין אַ העברעאישער איבערזעצונג צוויי ווערק פון די גרינדערס פון חכמת ישראל אין דייטשלאַנד: 1) הדרשות בישראל, פון יום־טוב ליפּמאַן (לעאָפּאָלד) צונץ, און 2) המקרא ותרגומיו, פון אברהם גייגער.

## קורצע ביאָגראַפיע

אברהם גייגער איז געבוירן געוואָרן אין פראַנקפורט אַם־מיין, דייטשלאַנד, אין 1810. געלערנט אין חדר ביז 8 יאָר, דערנאָך — ביי זיין פאָטער און ברודער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער למדן (ר׳ שלמה דיין), תנ״ך, דקדוק, תלמוד און מפרשים. לימודי חול האָט ער נישט געטאָרט לערנען. גייגער איז אויף שטענדיק געבליבן דאַנקבאַר זיין ברודער, וואָס האָט אים געגעבן גרונטיקע ידיעות אין תלמוד און תלמודישער ליטעראַטור.

אָבער דער גייסט פון השכלה איז אויך אַריינגעדרונגען אין דעם טראַדיציאָנעלן און שטענג־אָרטאָדאָקסישן לעבנסשטייגער פון פראַנקפורטער געטאָ. גייגער האָט געהיים, אָן דער הילף פון לערערס, שטודירט די דייטשישע און פראַנצויזישע שפּראַכן און די ליטעראַטור פון די פאַרשיידענע תקופות. ער האָט זיך אויך באַקאַנט מיט די קלאַסישע שפּראַכן — גריכיש און לאַטיין. צו זיין בר־מצווה האָט ער געזאָגט אַ דרשה אויף יידיש, און האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ לויב צו דער בילדונג און אויפקלערונג אויף דייטש. דאָס באַנוצן די דייטשישע שפּראַך ביי אַזאַ פייערלעכער געלעגנהייט האָט אַרויסגערופן אַן אומצופרידנקייט ביי זיינע קרובים.

אַ קורצע צייט נאָך זיין בר־מצווה איז זיין פאָטער געשטאָרבן. ער איז געבליבן אַן אָרעמער יתום אָן קיין שום מיטלען צו פאַרפולקומען זיך אין לערנען און אין וועלטלעכער בילדונג. וועגן די אויסערגעוויינלעכע כשרונות און אַלזייטיקן וויסן פון דעם יינגל האָט זיך דערוואוסט דער פראַנקפורטער ראָטשילד. דער גביר האָט דעם גאונישן יינגל מקרב געווען און אים געגעבן די מעגלעכקייט צו ממשיך זיין דאָס לערנען דייטש און די קלאַסישע שפּראַכן. ער האָט גלייכצייטיק זיך פאַרטיפט אין תלמוד און פוסקים. זיינע קרובים האָבן דווקא געוואָלט, אַז אברהם זאָל פאָרן קיין ווירצבורג לערנען אין דער באַרימטער ישיבה און זאָל ווערן אַ רב. ער האָט אָבער פעסט באַשלאָסן זיך

אָפּצוגעבן מיט וועלטלעכער בילדונג, און נאָך אַ קאַמף מיט זיין משפּחה פאַרלאָזט ער זיין געבוירנשטאָט, פּאָרט אַוועק קיין היידלבערג און קומט אָן אין דעם אויסגעצייכנטן אוניווערסיטעט.

דער גרויסער דייטשישער פּאָעט יאָהאַן וואָלפגאַנג געטע, וועלכער איז אויך געבוירן געוואָרן און האָט פאַרבראַכט זיינע קינדער־יאָרן אין פראַנקפורט, דערציילט אין זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק „דיכטונג און וואַרהייט״, ווי ער פלעגט זיך אַרויסגנבענען פון זיין הויז אויף דער אַריסטאָקראַטישער גאַס, און אַריינגיין אין דער יידנגאַס. דער אויסערלעכער אויסזען פון די יידן, זייער פרום־פאַרצייטיקער לעבנס־שטייגער, זייער דאַוונען אין בית־מדרש האָט אויף דעם יונגן געטען געמאַכט אַ טיפן איינדרוק. עס איז פאַר אים געווען ווי אַן אַנדערע, עקזאָטישע וועלט.

צו 19 יאָר איז גייגער אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט. ער האָט דאָרטן שטודירט אַראַביש און סיריש, אָבער ער האָט אויך ניט פאַרלאָזן דאָס לערנען תלמוד. ד״ר יוסף קלויזנער, וואָס האָט אָנגעשריבן גייגערס ביאָגראַפיע ווי אַן הקדמה צו דעם בוך מיינט, אַז אין יענער צייט איז פאָרגעקומען ביי דעם יונגן געלערנטן אַ מין גייסטיקער איבערברוך. ער באַטראַכט שוין נישט דעם תלמוד ווי אַ הייליק ווערק, נייערט ווי אַ היסטאָרישער מקור צו דערקענען די שטופנווייזע אַנטוויקלונג פון דער יידישער רעליגיע און געזעצגעבונג. ער שטודירט אויך אין דעם אוניווערסיטעט פון באָן. דאָרטן האָט ער זיך באַפריינדט מיט דעם פירער פון די אָרטאָדאָקסישע יידן אין דייטשלאַנד, ר׳ שמשון רפאל הירש. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז גייגער געוואָרן דעם רבס ליידנשאַפטלעכער קעגנער. אין באָן שרייבט ער זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט: „וואָס האָט מאַכמעד גענומען פון יידנטום״. די אָריגינעלע פאָרשונג האָט געמאַכט אַ רושם אין די וויסנשאַפטלעכע קרייזן, און אין 1834 האָט דער אוניווערסיטעט פון מאַרבורג אים געגעבן דעם דאָקטאָר־טיטל. צו יענער צייט איז ער שוין געווען רב אין וויסבאַדען. אין משך פון זעקס יאָר האָט ער אַנטוויקלט אַ לעבעדיקע טעטיקייט ווי אַ וויסנשאַפטלער און אַן אַקטיווער קעמפער פאַר רעליגיעזער רעפאָרם. ער גיט אַרויס אַ זשורנאַל, וואו ער פאַרעפנטלעכט אַ רייע אַרטיקלען און עסייען וועגן יידישער געשיכטע און רעליגיע. ער פאַרטיידיקט דעם געדאַנק, אַז עס איז דערלויבט, און עס איז נייטיק איינצופירן רעפאָרמען אין דער יידישער רעליגיע, ווייל זי איז לויט איר מהות אַ רעליגיע פון אַנטוויקלונג, ענדערונג און באַנייאונג.

זיינע שריפטן האָבן אַרויסגערופן די שאַרפסטע קעגנערשאַפט ניט בלויז ביי די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן, נייערט אויך מצד די מעסיקע פרומע יידן.

אין 1838 איז אין דער פּרייסישער שטאָט ברעסלוי פריי געוואָרן די שטעלע פון דיין און געהילף־רב. דער הויפּט־רב איז דעמאָלט געווען ר' שלמה אברהם טיקטין, אַ באַקאַנטער תלמודיסט און אַן אָרטאָדאָקס פון אַלטן שניט. אין ברעסלוי איז שוין דעמאָלט געווען אַ גרעסערע גרופּע יידן, וואָס זיינען געווען נוטה צו געוויסע שינויים אין דעם סדר פון תפילות, מנהגים און אין דעם שטרענג־טראַדיציאָנעלן איינשטעל. גייגער איז געווען באַוואוסט אין אַלע קהילות פון דייטשלאַנד ווי אַ גרויסער למדן, געלערנטער און קעמפער פאַר רעליגיעזער רעפאָרם. ער איז פאַרבעטן געוואָרן קיין ברעסלוי צו האַלטן זיין פּראָבע־דרשה אויף דייטש. אין פּרייסן איז דעמאָלט געווען גילטיק אַ געזעץ, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן נאָך אין 1823, אַז די דרשות אין שול דאַרפן די רבנים האַלטן אויף יידיש, און בשום־אופן ניט אויף דייטש! ער האָט אָבער זיין דרשה געהאַלטן, האָט שטאַרק אויסגענומען, און איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם פּאָסטן. דייטשלאַנד איז אין יענער צייט (נאָך דעם ווינער קאָנגרעס אין 1815) צעברעקלט אויף פאַרשיידענע מדינות מיט באַזונדערע געזעצן, און גייגער האָט נישט געקענט זיין קיין רב אין ברעסלוי, סיידן ער זאָל ווערן אַ פּרייסישער בירגער. נאָך גרויסע שוועריקייטן און מניעות, איז גייגער געוואָרן אַ פּרייסישער בירגער (מיט דער הילף פון דעם באַרימטן דייטשישן געלערנטן אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט). ער איז געווען רב אין ברעסלוי במשך פון 23 יאָר. שפּעטער — אין זיין געבוירנשטאָט פראַנקפורט, און אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער געלעבט אין בערלין, וואו ער איז אויך געווען פּראָפעסאָר פון דער ניי־געשאַפענער הויכשול פאַר יידישע וויסנשאַפטן, וואָס וועגן דעם האָט ער געטרוימט אַ סך יאָרן פריער. ער איז געשטאָרבן דעם 23סטן אָקטאָבער 1874.

## דער אָנהייב פון חכמת ישראל אין דייטשלאַנד

נאָך דער מפּלה פון נאַפּאָלעאָנען און דעם ווינער קאָנגרעס איז דייטשלאַנד פאַרבליבן צעטיילט אויף מלוכות, פירשטנטומס און „פרייע שטעט". אין גאַנץ מערב־אייראָפּע האָט געהערשט אַ פּאָליטישע רעאַקציע. די מאַכטהאָבערס האָבן זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען אויסצואוואָרצלען די פרייהייט־לעכע אידייען פון די ענציקלאָפּעדיסטן (דידראָ, וואָלטער און רוסאָ), וואָס

האָבן אין אַ באַשטימטער מאָס מיטגעווירקט צו דעם אויסברוך פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אין 1789.

אין פראַנקרייך זיינען די יידן געווען עמאַנציפּירט און האָבן באַקומען בירגערלעכע רעכט אויפן חשבון פון זייער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג. זיי זיינען געוואָרן אָפּיציעל פראַנצויזן פון יידישן גלויבן, אָבער אין דייטשלאַנד איז דער יידישער יישוב געווען על־פּי רוב איינגעפונדעוועט לויט דעם טראַדיציאָנעלן לעבנסשטייגער. די יונגע, געלערנטע יידן פון לאַנד האָבן געוואַרט און געהאָפט, אַז סוף־כל־סוף וועט קומען די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, הגם זיי האָבן וואויל געוואוסט, ווי טיף עס איז איינגעוואָרצלט דער אַנטיסעמיטיזם ביי די דייטשישע מאַסן, און אויך ביי די אויבערשטע שיכטן פון פאָלק.

דער שטאַרקסטער „שאַק" איז געקומען אין 1819, ווען אַ העסלעכע פּאָגראָם־כוואַליע האָט זיך צעגאָסן איבער דייטשלאַנד. מ'האָט געראויבט און געהרגעט יידן אין פאַרשיידענע שטעט פון לאַנד. אין אַ בראָשור וואָס איז דעמאָלט פאַרשפּרייט געוואָרן, ווערט געזאָגט: „בכדי די יידן זאָלן זיך ניט פאַרמערן, דאַרף מען די מענער קאַסטרירן, און די ווייבער און טעכטער אין שאַנדהייזער אונטערברענגען". דאָס זיינען ווערטער וואָס דערמאָנען די נאַציפּראָפּאַגאַנדע פון דער פאַרשאָלטענער היטלער־געבעלס־תקופה פון אונדזערע טעג!

און גראָד אין יענע טעג האָט אַ גרופּע יידישע אינטעלעקטואַלן זיך אָרגאַניזירט און געשאַפן אַ פאַראיין פון קולטור און וויסנשאַפט פון יידנטום. די גרינדערס זיינען געווען: לעאָפּאָלד צונץ, מאָזעס מאזער, לודוויג מאַרקוס, עדוואַרד גאַנז, און שפּעטער איז צו זיי צוגעקומען היינריך היינע. זיי זיינען אַלע געווען זייער געלערנטע און טאַלאַנטירטע יונגע יידן. מעגלעך אַז אונטער דער ווירקונג פון די געשעענישן האָט זיך ביי זיי דערוועקט דער נאַציאָנאַל־יידישער געפיל און באַוואוסטזיין. זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די „צייטשריפט פיר די וויסנשאַפט דעם יודענטום". דער פאַראיין האָט קיין אריכת־ימים ניט געהאַט, ווייל אַלע גרינדערס אויסער צונצן האָבן זיך דערווייטערט פון יידישקייט, אַנדערע האָבן זיך געשמדט. לעאָפּאָלד צונץ האָט זיך געווידמעט דער יידישער וויסנשאַפט, און האָט אָנגעשריבן ווערק, וואָס זיינען דער יסוד פון חכמת ישראל אין דייטשלאַנד.

צונץ און גייגער זיינען נישט געווען די איינציקע וואָס האָבן זיך פאַר־אינטערעסירט מיט דער פאָרשונג פון דער יידישער געשיכטע און דעם רעלי־גיעזן געדאַנק. די גאַליצישע שולע פון דער השכלה און יידישער פאָרשונג איז באַשטאַנען פון אַזעלכע גרויסע געלערנטע ווי ר׳ נחמן קראָכמאַל (רנ״ק) און שלמה יהודה ראַפּאָפּאָרט (שי״ר).

## גייגערס געזעלשאַפטלעכע און וויסנשאַפטלעכע אַרבעט

גייגער איז געווען ניט בלויז אַן אָנגעזעענער פאָרשער, נייערט אויך אַן אומדערמידלעכער קעמפער פאַר זיינע מיינונגען און איבערצייגונגען. אַ גלענצנדיקער שריפטשטעלער און אָראַטאָר, האָט ער געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די צוהערערס און לייענערס פון זיין דור.

די גרונט־יסודות פון זיין שיטה זיינען:

1. צופּאַסן די יידישע רעליגיע און דעם לעבנסשטייגער צו דערוואַרטער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן אין דייטשלאַנד.
2. די רעליגיעזע רעפאָרם דאַרף אָפּמעקן פון יידנטום די מינדסטע נאַציאָ־נאַלע סימנים.
3. די יידן זיינען ניט קיין פאָלק, נייערט אַ „רעליגיעזע געמיינשאַפט״.
4. די יידישע געזעצגעבונג איז קיינמאָל נישט געווען סטאַטיש; זי איז שטענדיק געווען דינאַמיש.

גייגער האַלט, אַז זינט יידן האָבן פאַרלוירן זייער נאַציאָנאַלע און מלוכה־שע אומאָפּהענגיקייט זיינען זיי געוואָרן אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט, און עס איז ניטאָ קיין האָפענונג, אויך ניט קיין נייטיקייט, צו ווערן נאַציאָנאַל אַקטיוו. די יידן זיינען בירגערס פון די לענדער וואו זיי וואוינען; זיי אונטערשיידן זיך פון די אַנדערע בירגערס בלויז מיט זייער רעליגיע. אין 1854 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ סידור וואו עס זיינען אַרויסגעלאָזן געוואָרן אַלע תפילות וואָס האָבן אַ שייכות צו ביאת המשיח, שיבת ציון און קיבוץ גלויות, ווי אויך אַלץ וואָס באַציט זיך צו ארץ־ישראל, ירושלים און צו דער אויסדערוויילטקייט פון יידישן פאָלק. אין זיין ווערק „דאָס יודענטום אונד זיינע געשיכטע״ שרייבט ער: „ירושלים איז אַ ווירדיקער אָנדענק פון דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער זי איז ניט קיין האָפענונג אויף דער צוקונפט. אַטען (גריכנלאַנד) וועט שוין מער ניט זיין קיין צענטער פון וויסן און אויפקלערונג; רוים גרויסט זיך

מיט די מצבות פון די קייסאָרים־תקופות. כבוד און רום צו ירושלים און איר אָנדענק ווי צו אַ גרויסן מת, אָבער לאָמיר ניט שטערן איר רו״.

אין 1862 איז אַרויס דאָס ווערק פון משה העס „רוים און ירושלים״. העס איז געווען דער באַגרינדער פון דער נאַציאָנאַל־יידישער אויפלעבונג. ער האָט געהאַלטן, אַז יידן זיינען אַ פאָלק, און ניט בלויז אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט, און אַז די „רעפאָרמערס לײדיקן אויס דאָס יידישע האַרץ און רייסן אָפּ פון יידישן שטאַם זיינע צווייגן״. גייגער האָט וועגן דעם בוך פון משה העס באַמערקט: „אַלטע ראָמאַנטיק און נייע רעאַקציע״. דער באַרימטער געלערנ־טער און אויפדעקער פון דער גניזה פראָפ. סאָלאָמאָן שעכטער זאָגט אין זיין אינטערעסאַנטן עסיי וועגן אברהם גייגער: „קיין איין רוימישער פראָקוראַטאָר איבער פאַלעסטינע, אָדער אַ קריסטלעכער בישאָף פון אַנטיאָכיע און ירושלים איז ניט געווען אַזוי פיינדלעך צו יידישע אַספּיראַציעס ווי גייגער״.

גייגער איז געווען זייער אַ פּראָדוקטיווער שרייבער. צענדליקער אַרטיק־לען, עסייען און פאָרשונגען אויפן פעלד פון יידישער געשיכטע און תנ״ך־פאָרשונג אין פאַרשיידענע צייטשריפטן, ווי אויך לײדנשאַפטלעכע פּובליציס־טישע אַרטיקלען וועגן דער רעפאָרם פון דער יידישער רעליגיע זיינען געדרוקט געוואָרן. אָבער זיין גרונטיק ווערק איז „די ביבעל אונד איהרע איבערזעצונגען״, אין העברעאיש — המקרא ותרגומיו — דער תנ״ך און זיינע איבערזעצונגען.

דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס די גרעסטע געלערנטע פון יענער צייט האָבן עס באַצייכנט ווי דאָס מאָנומענטאַלע און עפּאָכע־מאַכנדיקע, — איז דורכ־געדרונגען מיט דעם געדאַנק, אַז די יידישע רעליגיע האָט זיך שטענדיק געביטן. אין פאַרשיידענע צייטן, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן און אומשטאַנדן האָבן די דינים און געזעצן זיך געענדערט, אָפּהענגיק פון דעם, וועלכע גרו־פּעס און געזעלשאַפטלעכע שיכטן זיינען געשטאַנען ביי דער מאַכט אין דער זעלבשטענדיקער יידישער מלוכה — כוהנים, פרושים אָדער צדוקים. עס זיינען פאַראַן מצוות התלויות בארץ, בזמן שבית המקדש היה קיים, דאָס הייסט, די מצוות וואָס זיינען געווען גילטיק בעת די יידן האָבן געלעבט אין ארץ־ישראל, אין אַ זעלבשטענדיקער מדינה, אָבער זיי זיינען איצט נישט נייטיק, און עס איז נישט מעגלעך זיי דורכצופירן. דעריבער דאַרף מען זיך אָפּזאָגן פון זיי.

מיט אויסערגעוויינלעכער ערודיציע, מיט חריפות און בקיאות אין אַלע צווייגן פון דער הלכה, מיט דער הילף פון אַ שאַרפן וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז, ווי אויך מיט זיין גרונטיקן וויסן פון די קלאַסישע און אָריענטאַלישע שפּראַכן און פאַרשיידענע טעקסטן דערוויזט גייגער, אַז ניט בלויז אין דער תלמודישער ליטעראַטור זיינען געמאַכט געוואָרן שינויים אין די דינים אין די באַזונדערע תקופות, אין הסכם מיט דער נייטיקייט פון דעם געגעבנעם מאָמענט און אָרט, זיינען אויך געענדערט געוואָרן די טעקסטן פון תנ״ך.

זיין אויספיר איז: אויך אין דער איצטיקער צייט פון פּראָגרעס און וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג קענען מיר ניט בלייבן פאַרשטיינערט אין אונדזער גלויבן אין בריאת העולם, און בנוגע אַלע מצוות וואָס זיינען ניט פון גאָט, נייערט מענטשן האָבן זיי געשאַפן.



די טרויעריקע דערפאַרונגען פון אונדזער דור האָבן אונדז געלערנט, אַז די האָפענונגען און דערוואַרטונגען פון גייגערן און זיינע בני־דור אויף דעם מענטשלעכן פּראָגרעס, אויף דעם יושר פון דעם דייטשישן פאָלק און זיינע הערשערס בנוגע יידן — זיינען געווען פאַלש און פאַרפירעריש. זיין מיינונג (ווי אויך פון אַ סך אַנדערע ניט בלויז אין דייטשלאַנד, נאָר אויך אין לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע), אַז יידן זיינען „ניט קיין פאָלק, נאָר אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט״, איז היסטאָריש און וויסנשאַפטלעך נישט ריכטיק. יידן זיינען ניט קיין דייטשן, פראַנצויזן, פּאָליאַקן אָדער אַמעריקאַנער פון משהס גלויבן, נאָר קינדער פון איין פאָלק.

מלוכה־אָנגעהעריקייט און נאַציאָנאַליטעט אָדער עטנישער אָפּשטאַם זיינען צוויי סאָציאָלאָגישע באַגריפן. זיין קוק אויף די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס פון יידישן פאָלק, זיין אָפּלאַכן פון דער „אַלטער ראָמאַנטיק״ בנוגע דעם באַנייען פון אַ זעלבשטענדיק מדינה־לעבן, זיינען דורך די געשיכטלעכע פאַקטן פון דער לעצטער צייט אָפּגעפרעגט געוואָרן אויף אַ ממשותדיקן אופן.

די פאַרטיפונג פון דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין אין אַלע יידישע יישובים, און די עטאַבלירונג פון מדינת ישראל, איז אַ באַשיימפערלעכער באַווייז ווי ווייט גייגער און די געלערנטע פון זיין דור האָבן ניט פאַרמאָגט קיין וויזיע אין דער צוקונפט.

וואָס איז שייך דער רעפאָרם־באַוועגונג, וואָס גייגער האָט מיט ענערגיע און טאַלאַנט פאַר איר געקעמפט, איז זי לכתחילה געווען ווי אַ קעגנגעוויכט צו דער אָרטאָדאָקסישער יידישקייט, וואָס האָט נישט געוואָלט גיין אויף קיין שום הנחות, אויף די מינדסטע קאָמפּראָמיסן מיט די נייע באַדינגונגען און אומשטאַנדן אין דעם שטייגער און סאָציאַלע פאַרהעלטענישן אין יידישן לעבן אין דער נייער צייט.

די רעפאָרם־באַוועגונג האָט אַרייַנגעבראַכט אין יידישן לעבן און אין דער יידישער רעליגיע אַבסאָלוט פרעמדע עלעמענטן, האָט דעם כלל ווי דעם יחיד באַפרייט פון דעם עול פון תורה און מצוות, האָט געוואָלט האַסטיק שאַפן אַ „גרינגע יידישקייט", און האָט זיך אָריענטירט אויף די רייכע און געלערנטע שיכטן פון פאָלק. מיט דער צייט האָט זיך די רעפאָרם־באַוועגונג דעגענערירט.

אברהם גייגער וועט אָבער פאַרבלייבן אין דער געשיכטע פון דער יידי־שער קולטור ווי איינער פון די גרעסטע וויסנשאַפטלערס און פאָרשערס פון דער יידישער רעליגיע און געזעצגעבונג. זיין ווערק וועגן דעם תנ"ך און זיינע איבערזעצונגען איז אַ מוסטער פון גרויסער לומדות און טיפער אַנאַליטישער פאָרשונג.



היינריך גרעץ

# היינריך גרעץ און די מזרח־אייראָפּעאישע יידן

## צום 70סטן יאָרצייט פון דעם גרויסן היסטאָריקער

גרעץ איז דער גרעסטער יידישער היסטאָריקער פון 19טן יאָרהונדערט. ער איז געווען אַ גרינטלעכער קענער פון תלמוד און פון די יידישע היסטאָרישע מקורים. ער האָט שטודירט די קלאַסישע און אָריענטאַלישע שפּראַכן — לאַטיין, אַראַביש, סיריש — און האָט דעריבער געהאַט אַ צוטריט צו די ניט־יידישע קוואַלן פון פאַרשיידענע תקופות. זיין דאָרשט נאָך וויסן און זיין אַרבעטס־פעאיקייט זיינען געווען פענאָמענאַל. ווי אַ פאָרשער פון יידישער געשיכטע פון אַלע צייטן און לענדער איז ער געווען אַ פּיאָנער. דער געלערנטער יצחק מאַרקוס יאָסט האָט פריער פאַר אים אָנגעשריבן דאָס ווערק „די געשיכטע פון די איזראַעליטן". יאָסט איז געווען אַ גרויסער מלומד, אָבער ניט קיין גרויסער היסטאָריקער. אַוודאי האָט ער געוויסע פאַרדינסטן פאַר

צונויפזאַמלען און איבערגעבן די פאַקטן פון דער יידישער געשיכטע, אָבער ער איז טענדענציעז און אַפּאָלאָגעטיש לגבי די דייטשישע הערשער פון 18טן יאָרהונדערט און זייערע כוונות בנוגע די יידן איז ער, לויט דער מיינונג פון ש. דובנאָוו, געווען סערוויליסטיש (קנעכטיש). באַשרייבנדיק די נאָך־ביבלישע תקופה האָט יאָסט נישט ריכטיק געשילדערט די ראָל פון די פּרושים אין לעבן פון די יידן אין יענער צייט, און האָט אויך פאַלש פאַרשטאַנען דעם באַטייט פון דעם תלמוד און מדרשים פאַר דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון פאָלק. זיין שפּראַך איז טרוקן, שטייף, זיין סטיל איז לאַנגווייליק.

גרעץ איז, פאַרקערט, געווען אַ פּרעכטיקער סטיליסט. די דערהויבענע תקופות פון דער יידישער געשיכטע, ווי די יידישע מאַרטיראָלאָגיע פון דורות, ווערן אין גרעצס ווערק באַלויכטן קרעפטיק און טאַלאַנטפול. די באַשרייבונגען פון די העלדן און גייסטיקע פירערס זיינען באַהויכט מיט ליבשאַפט און וואַרעמקייט. זיין מאַטעריעלער מצב האָט אים נישט דערלויבט צו פאָרשן די מאַנוסקריפּטן און די געדרוקטע מאַטעריאַלן פון און וועגן יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די אַרכיוון און ביבליאָטעקן פון פאַרשיידענע שטעט אין אייראָפּע, אָבער די היסטאָרישע מאַטעריאַלן, צו וועלכע ער האָט געהאַט אַ צוטריט, האָט ער אויסגענוצט אויף אַ גרינטלעך־וויסנשאַפטלעכן אופן.

די היסטאָריקערס פון זיין צייט האָבן געשריבן וועגן דער פּאָליטישער, מיליטערישער לאַגע פון די מלוכות, וועגן די הערשערס און קריגסהעלדן, וועגן דעם גייסטיקן שאַפן פון דער עליטע, אָבער זיי האָבן ניט געהאַט קיין באַזונדערן אינטערעס און קיין געהעריקע מאַטעריאַלן וועגן דעם סאָציאַלן מצב און די עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן.

אויך ביי גרעצן איז ניטאָ קיין סך מאַטעריאַל וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון די יידישע קהילות אין פאַרשיידענע לענדער, און וועגן ענינים וואָס זיינען נישט אין דעם גדר פון גייסטיקן לעבן. אַזאַ איז געווען דער דרך און די טענדענץ פון דער היסטאָריאָגראַפיע אין 19טן יאָרהונדערט.

כדי צו האָבן אַן אַריינבליק אין דעם מהות פון גרעצס פערזענלעכקייט און פון זיין שאַפן, וועלן מיר זיך באַקענען מיט זיין ביאָגראַפיע.

היינריך גרעץ איז געבוירן געוואָרן אין 1817 אין אַ קליינעם שטעטל פון פּויזנער געגנט. די שטאָט פּויזן און דיסטריקט האָבן זינט 1795 געהערט צו פּרייסן. אין יענעם יאָר איז די פּוילישע מלוכה צום דריטן מאָל צעטיילט געוואָרן צווישן אירע שכנים: רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסן. פּויזן איז געווען

אַ שטאָט מיט אַ באַדייטנדיקער (צו יענער צייט) יידישער באַפעלקערונג, און איז אויך געווען אַ מקום תורה. בעת די יוגנט־יאָרן פון גרעצן איז דער רב און ראש־ישיבה פון פויזן געווען דער באַרימטער גאון ר׳ עקיבא אייגער.

גרעץ האָט אין זיין געבורט־שטעטל און שפּעטער אין אַ גרעסערן מקום, וואוהין זיינע עלטערן האָבן זיך אַריבערגעצויגן (זערקאָוו), באַקומען זיין דער־ציאונג אין אַ חדר, וואָס איז געווען אַ ביסל מאָדערניזירט. ער האָט דאָרטן געלערנט ניט בלויז חומש, תנ״ך און גמרא, נייערט אויך דייטש און חשבון. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שאַרפער תפיסה און אויסערגעוויינלעכער התמדה. נאָך זיין בר־מצוה שיקן אים די עלטערן אַוועק אין אַ גרעסערער שטאָט — וואָלשטיין — אין דער ישיבה. ער לערנט דאָרטן גמרא און פּוסקים. אָבער דער גייסט פון דער השכלה, וואָס איר שאָפער איז געווען משה מענ־דעלסאָן, האָט דערגרייכט אויך קיין וואָלשטיין. דער יונגער גרעץ הייבט אָן צו לייענען די ווערק פון דער דייטשישער ליטעראַטור, לערנט זיך אַליין פראַנצויזיש און לאַטיין. זיין ערשטן חיבור האָט ער אָנגעשריבן צו 14 יאָר: חשבון העתים — וועגן יידישער און דייטשישער כראָנאָלאָגיע. אין משך פון פינף יאָר האָט ער אַ סך געלערנט און געלייענט אָן אַ סיסטעם און סדר. אין זיין טאָגבוך פון 1835 — צו 18 יאָר — שרייבט ער אַריין דעם ווייטערדיקן זאַץ: „איבער די פאַרשיידענע קעגנזעצלעכע אידייען, וואָס האָבן פאַרטומלט מיין מוח — געצנדינערישע, יידישע, קריסטלעכע, עפּיקורעאישע, פון קבלה, פון רמב״ם און פּלאַטאָ — איז מיין אמונה געוואָרן אַזוי אומזיכער, אַז ווען איך טראַכט וועגן גאָט, וועגן צייט, אייביקייט און דאָס גלייכן, וואָלט איך זיך געוואונטשן צו פאַרשווינדן אין אָפּגרונט אַריין״.

דורך אַ צופאַל באַקענט ער זיך מיט אַ שריפט פון דעם באַרימטן רב, געלערנטן, דעם פירער פון די אָרטאָדאָקסישע יידן אין דייטשלאַנד, ר׳ שמשון רפאל הירש — 19 בריוו וועגן יידישקייט. דאָס בוך האָט אויף דעם יונגן, אומרואיקן גרעץ געמאַכט אַ טיפן רושם, און האָט באַרואיקט זיין צערודערטן געמיט. ער פאָרט אַוועק קיין אָלדענבורג, וואו ש. ר. הירש איז געווען רב און פאַרברענגט דאָרטן דריי יאָר אין לערנען תלמוד און וועלטלעכן וויסן. אין 1840 לאָזט ער זיך קיין ברעסלוי און נאָך געוויסע שוועריקייטן (ער האָט ניט געהאַט קיין פאָרמעלע מיטל־בילדונג) קומט ער אָן אין דעם אוני־ווערסיטעט. אין ברעסלוי שטודירט ער געשיכטע, פילאָסאָפיע און אָריענטאַ־לישע שפּראַכן. אין 1845 באַקומט ער דעם דאָקטאָר־טיטל פון דעם אוניווער־

סיטעט אין יענאַ. נאָך פריער האָט ער באַקומען סמיכות אויף רבנות. איצט האָט ער שוין געהאַט דאָס רעכט אָנצונעמען אַ שטעלע אַלס ראַבינער. ניט געקוקט אויף זיין שווערער מאַטעריעלער לאַגע (ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ פאַמיליע־מאַן) האָט ער ניט אָנגענומען דעם פאָרגעלייגטן ראַבינער־פאָסטן, און ער האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן מיט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. דאָס איז אים מעגלעך געוואָרן ווייל ער איז געוואָרן איינגעלאַדן ווי אַ לערער אין דעם ניי־געשאַפענעם רבנים־סעמינאַר (טעאָלאָגישער סעמינאַר) אין ברעסלוי, אָנגעפירט פון דעם געלערנטן זכריה פרענקעל. פרענקעל האָט אויך צו יענער צייט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל „חודש־שריפט פאַר דער געשיכטע און וויסנשאַפט פון יידנטום" (אין דייטש).

אין דעם זשורנאַל און אין באַזונדערע ביכער פאַרעפנטלעכט גרעץ אַ גאַנצע ריי וויסנשאַפטלעכע עסייען וועגן יידישער געשיכטע, תנ"ך־פאָרשונג און תלמודישער כראָנאָלאָגיע. מיט יאָרן שפּעטער זעצט איבער אויף דייטש די ספרים קהלת, רות און תהילים מיט קריטישע באַמערקונגען, וואו ער ווייזט אַרויס טיפע ערודיציע, חריפותדיקע איינפאַלן און געוואַגטע השערות אין תנ"ך־פאָרשונג.

אָבער זיין קרוינווערק איז „די געשיכטע פון די יידן פון די עלטסטע צייטן ביז דער איצטיקייט".

***

אין משך פון 22 יאָר זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן באַזונדערע בענדער פון דער געשיכטע, און אין 1876 איז אַרויס דער לעצטער באַנד וועגן דער ביבלישער און נאָך־ביבלישער תקופה. צום ערשטן האָט ער געשריבן וועגן דער תקופה פון דעם אונטערגאַנג פון דער יידישער מלוכה ביז חתימת התלמוד (1854). דעם לעצטן באַנד וועגן דער ביבלישער תקופה — נאָך אַ שטודיר־רייזע קיין ארץ־ישראל.

דאָס ווערק האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין דער יידישער וועלט. צום ערשטן מאָל האָט זיך באַוויזן אַ סיסטעמאַטישע געשיכטע פון יידישן פאָלק פון אַלע צייטן און דורות, געשריבן פון אַן ערשטקלאַסיקן פאָרשער, וואָס פאַר־מאָגט אַלזייטיקן יידישן און אַלגעמיינעם וויסן און איז גלייכצייטיק אַ טאַלענ־טירטער שרייבער.

גרעצט געשיכטע איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכן, אויף העברעאיש (פון שאול פּנחס ראַבינאָוויטש) און אויף יידיש (פּאַרקירצט).

עס איז אָבער אַ גרויסער חידוש וואָס אַ היסטאָריקער פון אַזאַ קאַליבער זאָל ניט האָבן קיין פאַרשטענדעניש פאַר די היסטאָרישע פּראָבלעמען פון די מזרח־אייראָפּעאישע יידן. ביים באַשרייבן געוויסע תקופות און באַוועגונגען ביי יידן אין מזרח־אייראָפּע, ווערט דער זעלביקער גרעץ אומהיסטאָריש און ניט־וויסנשאַפטלעך. כדי צו באַגרינדן אַזאַ דרייסטע, אפשר העזהדיקע פעסט־שטעלונג וועלן מיר זיך דערלויבן צו געבן בלויז צוויי ביישפּילן:

דעם שאַפער פון חסידות רבי ישראל בעל־שם־טוב שילדערט גרעץ ווי אַ היסטערישן, גייסטיק ניט באַלאַנסירטן פאַנטאַזיאָר. בכלל איז דער טאָן אַ ביטולדיקער, אָפּלאַכערישער. דער בעש״ט איז געווען אַ „דאָקטער", וואָס האָט זיך אויסגעלערנט צו היילן חולאים ביי אוקראַינישע פּויערטעס. דעם צווייטן גרינדער פון דער באַוועגונג, דעם מעזריטשער מגיד, באַשרייבט גרעץ שיער ניט ווי אַ שווינדלער; אַז ער האָט זיך דערוווּסט פון פאָלק, האָט זיך אַרומגערינגלט מיט פאַרברעכערישע פאַרשוינען, מיט שפּיאָנען אאַז״וו.

אַזעלכע רייד וועגן חסידות איז שאָקירנדיק אַפילו פאַר אַ היינטצייטיקן וועלטלעכן יידן, וואָס טוט נישט גלאָריפיצירן די חסידישע באַוועגונג אין אַלע אירע אַספּעקטן און אין איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג.

דער היינטצייטיקער וועלטלעכער ייד באַטראַכט דאָס חסידות ווי אַ פאָלקסטימלעכע ריינע באַוועגונג (לכל־הפּחות אין זיין בראשית־סטאַדיע), וואָס האָט געשטרעבט צו דערהייבן דעם פּשוטן יידן — דעם האַלצהעקער, דעם וואַסערטרעגער, דעם ישובניק — צו אַ העכערער גייסטיקער מדרגה, צו דערמוטיקן אים, ער זאָל זיך ניט פילן נידעריק און דערשלאָגן, וואָס ער איז אַן עם־הארץ.

אין דעם אַריינפיר צום קאַפּיטל וועגן דער טראַגישער תקופה פון גזירת ת״ח (1648) גיט דער היסטאָריקער אַן אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון דעם פּוילישן יידן און זיינע פירער צו יענער צייט. איר לייענט דעם אַריינפיר מיט אַ געפיל פון טיפן ווידערווילן:

„...דער גרונטשטריך פון דעם כאַראַקטער פון די פּוילישע יידן איז באַ־שטאַנען אין פאַרדרייען, פאַרטונקלען... די גרעסטע רבנים האָבן זיך

געפּילט שטאָלץ מיט זייער לומדות, מיט דעם גייסט פון דאָגמאַטישקייט, און דאָס האָט אונטערגעגראָבן זייערע באַגריפן פון מאָראַלישקייט. אַוודאי זיינען די פּוילישע יידן געווען אויסערגעוויינלעך פרום. אָבער זייער פרומ־קייט איז געווען באַזירט אויף סאָפיזם און גאווה.

...פאַר זיי איז געווען וויכטיקער פון אַלץ צו קענען בעסער לערנען. אָבער בלויז געציילטע האָבן זיך דערהייבן צו דער מדרגה, אַז זיי זאָלן דורכפירן אין לעבן די פּרינציפּן פון רעליגיעזער ריינקייט און מאָראַלישער אויפ־פירונג. זיי האָבן אין גאַנצן פאַרלוירן דעם חוש פון פשטות, אמת און ערלעכקייט.

...זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדערע הנאה און אַ טריאומפירנדיקן פאַרגעניגן אין פאַלשעווען און אָפּנאַרן. לגבי די מיטגלידער פון זייער אייגענער ראַסע האָבן זיי די דאָזיקע שטיק ניט געקענט אָנווענדן, ווייל יענע זיינען אַליין געווען געניט כיטרע. אָבער די ניט־יידישע וועלט, מיט וועלכער זיי זיינען געקומען אין קאָנטאַקט, האָבן געליטן שאָדן פון דעם תלמודישן גייסט פון די פּוילישע יידן.

די פּוילישע זין תלמוד (!) האָבן איגנאָרירט דעם פאַקט, וואָס דער תלמוד און די גרויסע לערערס פון יידישקייט האָבן נאָך שטרענגער פאַרווערט אָפּצונאַרן אַ מענטשן פון אַ פרעמדן גלויבן ווי אויסצונוצן אַן אייגענעם, אַ יידן. די קאָרופּציע פון די פּוילישע יידן האָט זיך אין זיי נוקם געווען אויף אַ מוראדיקן אופן.

...מיט אַ פאַטאַלער בלינדקייט האָבן די פּוילישע יידן געהאָלפן דעם אַדלשטאַנד (דער שליאַכטע) און די יעזואיטן צו אונטערדריקן די זאַפּאָ־ראָזשער קאָזאַקן אין אוקראַינע און קליינרוסלאַנד. די מאַגנאַטן האָבן גע־שטרעבט צו פאַרשקלאַפן די קאָזאַקן אונטער זייער הערשאַפט, די יעזואיטן האָבן געהאָפט צו פאַרשטאַרקן זייער רעליגיעזע השפעה און צו צווינגען די אַפּיקורסישע קאָזאַקן אָנצונעמען דעם קאַטוילּיציזם, און די יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין יענע געגנטן, האָבן געהאָפט זיך צו באַרייכערן און שפּילן די ראָליע פון באַלעבאָס איבער די פּאַריער.

...דאָס יאָר 1648 האָט דאָס לינגערישע בוך דער זוהר (לאָוט דעם ליגענ־בוכעס זאָהאַר) פעסטגעשטעלט ווי דאָס יאָר פון דער גאולה. די יידן האָבן דערוואַרט, אַז דעמאָלט וועט משיח וועט קומען און וועט זיי אויסלייזן פון

גלות וועלן זיי באַקומען די מאַכט, און זיי וועלן האָבן די מעגלעכקייט צו זיין נאָך מער אַכזריותדיק ווי עס איז געווען זייער שטייגער אין די פריערדיקע יאָרן.

און די בלוטיקע נקמה האָט לאַנג אויף זיך ניט געלאָזט וואַרטן."

עס איז באמת שווער צו גלייבן, אַז דאָס האָט געשריבן אַ יידישער היסטאָריקער. אָבער עס איז אַ פאַקט, געדרוקט שוואַרץ אויף ווייס אין באַנד 10 פון גרעצס געשיכטע ז"ז 63־65, לייפּציק, 1868 (דייטש), און באַנד 5, ז"ז 5־7 פון דער ענגלישער איבערזעצונג, אויסגאַבע פון Jewish Publication Society, Philadelphia.

כבודו במקומו מונח. אַוודאי קען קיינער ניט אָפּנעמען ביי דעם פּראָ־פעסאָר היינריך גרעצ זיין רום ווי דער יידישער היסטאָריקער. געוויס האָט גרעצ מיט זיין טיפן וויסן, מיט זיין וויסנשאַפטלעכן פאַרשמעטאַד און מיט זיין שרייבערישן טאַלאַנט העל באַלויכטן פאַרשיידענע תקופות — אַפילו די טונקלסטע — פון דער יידישער געשיכטע.

אָבער כדי צו באַקומען אַ קלאָר און ריכטיק בילד, אַ היסטאָרישע באַ־לויכטונג פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידן, פון זיינעליידן און פריידן, פון זיין קהלשער אָרגאַניזאַציע, פון זיין קאָלעקטיוון גייסטיקן שאַפן אין די דער־הויבענע און טראַגישע מאָמענטן פון זיין געשיכטע — מוזן מיר זיך ווענדן צו די ווערק פון שמעון דובנאָוו, יולי העסען, ישראל צינבערג, משה שאָר, מאיר באַלאַבאַן, יצחק שיפּער, און פון די טאַלענטירטע יונגע היסטאָריקער, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין די לעצטע יאָרצענדליקער ביז דעם חורבן פון פּוילישן און רוסישן יידנטום — ד"ר יעקב שאַצקי, עמנואל רינגעלבלום, רפאל מאַהלער און אַנדערע.

גרעצ איז געשטאָרבן אין 1891. אין משך פון די לעצטע 50 יאָר נאָך זיין טויט האָט דער מזרח־אייראָפּעאישער צווייג פון יידישן פאָלק זיך וואונ־דערלעך צעבליט. עס זיינען אויפגעקומען הערלעכע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען. דער געדאַנק פון פּאָליטישן ציוניזם איז, אמת, פאָרמולירט גע־וואָרן פון גרויסע פּערזענלעכקייטן פון מערב־יידנטום (משה העס, טעאָדאָר הערצל, מאַקס נאָרדוי), אָבער פאַרווירקלעכט די אידייע מיט אומגעהויערע שוועריקייטן און קרבנות האָבן די מזרח־אייראָפּעאישע יידן. זיי האָבן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל, זיי האָבן באַאַרבעט דעם באָדן, געשאַפן קיבוצים און שטעט, אויסגעהאַלטן און געקעמפט — ביז עס איז געשאַפן געוואָרן די

זעלבשטענדיקע מדינת ישראל. עד היום זיינען די אָנערקענטע פירערס פון דער מדינה כמעט אויסשליסלעך די יידן וואָס זיינען געקומען פון מזרח־אייראָפּע.

די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, דער „בונד", איז נאָך די ערשטע יאָרן פון זיין גרינדונג געוואָרן אַ פאָלקסטימלעכע, עכט־יידישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס האָט, ווי דאָס חסידות מיט 200 יאָר פריער, דערהייבן דעם פּשוטן יידישן מענטשן, אים צוריק געגעבן זיין מענטשלעכע חשיבות, האָט פאַרבונדן זיין סאָציאַלן באַוואוסטזיין מיט די אידייען פון יושר און גערעכטיקייט, ווי עס האָבן אונדז געלערנט די נביאים מיט טויזנטער יאָרן צוריק.

מיט דער עמיגראַציע פון די מזרח־אייראָפּעאישע יידן האָט זיך אין משך פון די לעצטע 70 יאָר געשאַפן אין אַמעריקע אַ קאָנצענטרירטער יידישער ישוב, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט אין אונדזער געשיכטע פון אַלע צייטן.

די העברעאישע שפּראַך, וואָס די דייטשישע יידן האָבן אַזוי סיסטעמאַטיש זיך באַמיט צו פאַרטרייבן זי אַפילו פון די סינאַגאָגעס און טעמפּלען — איז געוואָרן אַ לעבעדיקער לשון אין דער יידישער מדינה.

יידיש, וואָס איז פון די דייטשישע געלערנטע, אָנהייבנדיק מיט משה מענדעלסאָן, דורך גייגער, צונץ און אַנדערע, באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פאַרקריפּלטער דייטשישער דיאַלעקט, אַ זשאַרגאָן — אָט דער באַליידיקטער, פאַרשעמטער יידישער לשון איז פאַר דער צייט געוואָרן אַ מעכטיקער נאַציאָנאַליזירנדיקער אינסטרומענט, און עס איז אויף דער שפּראַך געשאַפן געוואָרן אַ וואונדערלעכע ליטעראַטור.

צו אונדזער גרויסן צער איז כמעט דאָס גאַנצע מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום אַכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן דורך די דייטשישע מערדער.

עס איז ניט קיין גוזמא צו זאָגן, אַז פון דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו זיינען די יידן פון מזרח־אייראָפּע דער וויטאַלסטער און שעפערישסטער טייל פון אונדזער פאָלק במשך פון דעם לעצטן יאָרהונדערט.

# מאָריץ (משה) שטיינשניידער

(פון דער סעריע: חכמי ישראל אין דייטשלאַנד)

מאָריץ שטיינשניידער איז געווען דער גרעסטער יידישער ביבליאָגראַף וואָס האָט ווען געלעבט. בער באָראָכאָוו, וואָס איז געווען אַ פילאָלאָג און אַ ביבליאָגראַף, האָט אים באַצייכנט ווי דער „אמתער גאון פון דער יידישער ביבליאָגראַפיע און ליטעראַטור־געשיכטע״.

שטיינשניידער האָט צוזאַמען מיט לעאָפּאָלד צונץ און נחמן קראָכמאַל (רנ״ק) געלייגט די יסודות פון דער יידישער וויסנשאַפט. ער איז געווען אויסערגעוויינלעך פּראָדוקטיוו, האָט פאַרמאָגט טיפן אַלזייטיקן וויסן אין אַלע צווייגן פון דער ליטעראַטור ביי יידן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין משך פון טויזנטער יאָרן, און האָט געהאַט דעם וויסנשאַפטלעכן מעטאָד פון פאָרשן. ער האָט געשריבן אויף העברעאיש, לאַטיין, ענגליש און איטאַליעניש (חוץ דייטש, וואָס איז געווען זיין אומגאַנג־ און קולטור־שפּראַך). ער האָט אויך גרונטיק שטודירט די אַראַבישע שפּראַך און ליטעראַטור.

אין זיינע ווערק האָט ער ספּעציעל אַרויסגעהויבן דעם בייטראַג פון די יידן צו דער וועלט־ציוויליזאַציע. אין זיין ברייטער ליטעראַטור־היסטאָרישער טעטיקייט האָט ער זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט די אויפטוען פון די יידישע געלערנטע אין די צווייגן פון מענטשלעכן גייסט וואָס זיינען ניט פאַרבונדן מיט טעאָלאָגיע, ווי מאַטעמאַטיק, פילאָלאָגיע, נאַטור־וויסנשאַפט און מעדיצין.

## זיין ביאָגראַפיע

משה שטיינשניידער איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליינעם שטעטל פּראָסניץ, מעהרן, אין עסטרייך־אונגאַרן, היינט — טשעכאָסלאָוואַקיע, אין 1816. זיין פאָטער, יעקב, איז געווען אַ ייד אַ למדן און אַ משכיל. ער האָט אַליין געלערנט מיט זיין זון, און האָט אים צו 6 יאָר אָפּגעגעבן אין אַ דייטשישער עלעמענטאַר־שול, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ זעלטנקייט ביי יידן. דאָס פעאיקע ייִנגל האָט גלייכצייטיק געלערנט גמרא ביים רב פון שטעטל. שפּעטער האָט ער געלערנט אין די ישיבות פון ניקאָלסבורג און פּראַג, און באַזונדער די מיטל־

שול (גימנאַזיע) פון פּראַג. נאָכן ענדיקן די מיטלשול איז ער אַוועק קיין ווין, וואָס איז געווען די הויפּטשטאָט און דער וויכטיקסטער קולטור־צענטער פון דער עסטרייכישער אימפּעריע. דער 20־יאָריקער סטודענט איז שוין געווען באַזונדערס פאַראינטערעסירט אין אָריענטאַליסטיק און העברעאישער ליטע־ראַטור, אָבער פאַר זיין לעבנס־באַרוף האָט ער אויסגעקליבן דעם שטודיום פון ביבליאָגראַפיע, וואָס איז געווען זיין הויפּט־אינטערעס און ענטוזיאַזם אין פאַרלויף פון זיבן יאָרצנדליקער פון זיין גייסטרייכן שאַפנדיקן לעבן.

די עסטרייכישע רעגירונג האָט צו יענער צייט פון דער פּאָליטישער רעאַקציע אין אייראָפּע געקוקט קרום אויף יידישע יונגע לייט וואָס רייסן זיך צו העכערער בילדונג, און שטיינשניידער האָט ניט באַקומען קיין דערלוי־בעניש צו באַזוכן די אָריענטאַלישע אַקאַדעמיע. ער האָט אויך ניט קיין צוטריט צו די ביכער און מאַנוסקריפּטן פון דער רייכער קעניגלעכער ביבליאָטעק אין ווין, אָבער ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן האָט ער שטודירט אַראַ־ביש, סיריש און אַלט־העברעאיש ביי אַ פּראָפעסאָר פון אוניווערסיטעט. ער האָט זיך אויפגעהאַלטן פון געבן פּריוואַטע לעקציעס. צוליב פאַרשיידענע סיבות האָט ער געמוזט פאַרלאָזן ווין. ער האָט געוואָלט פאָרן לערנען אין בערלין, וואו עס זיינען געווען גרויסע געלערנטע פון אָריענטאַליסטיק, אָבער די פּרייסישע רעגירונג האָט ניט אַריינגעלאָזן אין לאַנד קיין ניט־פּרייסישע בירגערס, און אַוודאי ניט קיין יונגע יידן. ער איז אַוועק קיין לייפּציק, וואו ער האָט געלערנט מיט גרויס התמדה און האָט פאַרפולקומט זיינע ידיעות אין אַראַביש. אין 1848 האָט ער באַקומען די פּרייסישע בירגערשאַפט און איז אָנגעקומען קיין בערלין. דאָרטן האָט ער זיך באַקענט מיט לעאָפּאָלד צונץ און אברהם גייגער. מיט דער צונץ־משפּחה האָט ער זיך פאַרבונדן אין אַ לאַנגיאָריקער פריינדשאַפט. אין בערלין האָט ער געהערט לעקציעס איבער פאַרגלייך־פילאָלאָגיע און מזרח־שפּראַכן. ער האָט שוין פריער פאַרעפנטלעכט עסייען וועגן ביבליאָגראַפיע און העברעאישער ליטעראַטור, האָט צוזאַמען מיטן געלערנטן דוד קאַסעל אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן וועגן אַ „רעאַל־ענציקלאָ־פּעדיע פון יידנטום" און האָט מיטגעאַרבעט ווי אַ קאָרעספּאָנדענט אין אַ פּראַגער צייטונג.

צו דער צייט האָט שטיינשניידער באַקומען אַ פאַרבעטונג פון דער באָדלעיאַנאַ־ביבליאָטעק ביים אָקספאָרד־אוניווערסיטעט צוצוגרייטן אַ קאַטאַ־לאָג פון די זעלטענע העברעאישע ספרים פון דער באַרימטער זאַמלונג. איבער

דעם קאַטאַלאָג האָט ער געאַרבעט אינטענסיוו 13 יאָר, און האָט געשאַפֿן אַ גרויס וויסנשאַפֿטלעך ווערק, וואָס קיין יידישער פילאָלאָג קאָן זיך אָן דעם ניט באַגיין ביזן היינטיקן טאָג. דעמאָלט האָט ער באַקומען פון לייפּציקער אוניווערסיטעט זיין דאָקטאָראַט, און ער איז באַשטימט געוואָרן ווי דער לעקטאָר פון אַ הויכשול אין בערלין, און שפּעטער — ווי דער דירעקטאָר פון אַ מיידל־שול ביי דער בערלינער יידישער געמיינדע. די בערלינער קעניגלעכע ביבליאָטעק האָט אים געגעבן דעם פּאָסטן פון אַ „הילפס־אַרבעטער". ביי די שטעלעס איז ער פֿאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן. אויסער זיין טיפן וויסן, זיין אויסערגעוויינלעכער בקיאות און פענאָמענאַלן זכרון, איז ער געווען אַ גרויסער מתמיד און אַן אַרבעט־פּעאיקער. ער האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט ביז דריי וואָכן פֿאַר זיין טויט. ער איז געשטאָרבן אין בערלין דעם 24סטן יאַנואַר 1907.

## זיינע ווערק

עס איז אוממעגלעך אין אַ קורצן עסיי איבערצוגעבן וועגן דער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט פון שטיינשניידערן אויף פֿאַרשיידענע פעלדער פון יידישן וויסן. ער האָט זיך באַטייליקט מיט גרעסערע און קלענערע אַרבעטן אין 120 פּעריאָדישע שריפֿטן, ענציקלאָפּעדיעס און אַנדערע זאַמלונגען — וועגן דער העברעאישער שפּראַך, ליטעראַטור, ביבליאָגראַפֿיע, יידישער צושטייער צו דער קולטור פון דער מענטשהייט, וועגן יידן אין דער אַראַבישער ליטעראַטור, וועגן די אוצרות פון אַלט־יידיש א״אַנד. זייער צאָל דערגרייכט ביז 1400. אַפילו די נעמען פון אַלע זיינע ווערק וואָלטן פֿאַרנעמען מער אָרט ווי מיר קענען זיך דערלויבן אין איצטיקן עסיי.

מיר וועלן זיך דעריבער באַגנוגענען מיט דערמאָנען די וויכטיקסטע פון זיינע גרויסע ווערק. עס מוז אָבער באַטאָנט ווערן, אַז הן לויט זיין סטיל, הן לויטן אינהאַלט פון זיין שרייבן, איז ער ניט געווען דער שרייבער פֿאַרן דורכשניטלעכן לייענער. ער איז געווען דער שרייבער פֿאַרן פֿאָרשער, פֿאַרן געלערנטן.

ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו אָנשרייבן אַ געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור פון 8טן ביז דעם 18טן יאָרהונדערט, מיט אַן אַריינפֿיר וועגן תלמוד און מדרש אין 60 זייטן — אַ ווערק וואָס

אָפּילו צונץ האָט ניט געפונען פּאַר מעגלעך אָנצושרייבן. אין דעם בוך, וואָס איז דערשינען אין 1857, ווערן דערמאָנט טויזנטער נעמען פון ספרים און מחברים, וואָס האָבן געשאַפן במשך פון די טויזנט יאָר. דער אומגעהויער רייכער מאַטעריאַל איז פאַרטיילט אין די באַזונדערע פעריאָדן, אַראַנזשירט לויט די באַזונדערע צווייגן: הלכה, אגדה, טעאָלאָגיע און פילאָסאָפיע, מיסטיק און קבלה, פּאָעזיע, מעדיצין און מאַטעמאַטיק — אין כראָנאָלאָגישן סדר, דאָס וואָס עס איז ביז אים רעגיסטרירט געוואָרן נישט סיסטעמאַטיש און ניט ווויסנשאַפטלעך.

אין די הונדערטער הערות (באַמערקונגען, אָנווייזונגען) צו יעדער זייט און צו יעדער פּאַראַגראַף ווייזט ער אַרויס ברייטע באַהאַוונטקייט אין דעם קאָלאָסאַלן מאַטעריאַל, און שאַרפזיניקייט אין דער אינטערפּרעטאַציע. דאָס בוך איז אַ מוז־ווערק פאַר דעם פאָרשער פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער תקופה אויף אַלע שפּראַכן.

זיין גרעסטע ווערק איז דער קאַטאַלאָג פון די ביכער אין דער באָדלעיאַנאַ־ביבליאָטעק. געשריבן איז עס אין לאַטייניש און עס הייסט: „קאַטאַלאָגוס ליב־ראַרום העבראַעאָרום אין ביבליאָטהעקאַ באָדלעיאַנאַ“, בערלין 1860 — 1850. אָט דער גראַנדיעזער קאַטאַלאָג באַשרייבט דעם גאַנצן אומפאַנג פון יידישן שאַפן אין אַלע צייטן. דאָס איז אַ סיסטעמאַטיזירטע זאַמלונג פון אַלע געדרוקטע ביכער (ניט מאַנוסקריפּטן) און דערביי ווערן געלייזט ליטעראַרישע פּראָבלע־מען אין דעם אויסשעפּיקן אוצר פון יידישן לערנען. מיט דעם קאַטאַלאָג, געבויט אויף ווויסנשאַפטלעכע יסודות, האָט זיך שטיינשניידער דערוואָרבן דעם נאָמען פון דעם בעסטן ביבליאָגראַף. שפּעטער האָט ער אויסגעפאָרשט און קאַטאַלאָגירט די יידישע ביכער־אוצרות פון די ביבליאָטעקן אין האַמבורג, מינכען און ליידען (האָלאַנד).

זיין ווערק וועגן די „העברעאישע איבערזעצונגען פון מיטלאַלטער, און די יידן ווי איבערזעצערס“ (דאָלמעטשער), בערלין 1893, 1077 זייטן — איז לכתחילה געווען פאַרטראַכט ווי אַן אָפּהאַנדלונג איבער די יידישע איבערזע־צערס פון די ווערק פון אַראַבישע געלערנטע, און איז דערנאָך אויסגעברייטערט געוואָרן וועגן די ווערק פון די גריכישע פילאָסאָפן, איבערגעטראָגן אין אַראַביש. דאָס ווערק איז געוואָרן שטיינשניידערס וויכטיקסטער צושטייער צו דער געשיכטע און אַנטוויקלונג פון דער קולטור אין מיטלאַלטער. דאָס בוך האָט געוואונען די אויסצייכענונג פון דער פּאַריזער אַקאַדעמיע. צו זיינע

וויכטיקע גרעסערע ווערק דאַרף מען אויך פאַררעכענען זיין בוך וועגן די רעליגיעזע באַציאונגען צווישן די יידן און די מאַכמעדאַנער, און די 22 בענד פון דעם זשורנאַל „די העברעאישע ביבליאָגראַפיע".

## שטיינשניידער און די יידישע שפּראַך

אַ גאַנצער דור „חכמי ישראל", אָנהייבנדיק פון צונצן ביז גידעמאַנען, האָבן געהאַלטן אַז אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער האָבן די דייטשישע יידן גערעדט אויף דייטש, און ווען זיי האָבן אויסגעוואַנדערט קיין פּוילן, אוקראַינע און ליטע בעת און נאָך די קרייצצוגן און רדיפות אין דייטשלאַנד (12טן און 14טן יאָרהונדערט) האָבן זיי מיטגענומען אַהין די דייטשישע שפּראַך. דערנאָך האָבן די פּוילישע יידן „פאַרדאָרבן" די ריינע שפּראַך און האָבן פון איר געמאַכט אַ „זשאַרגאָן". אַז די מיינונג פון די יידיש־דייטשישע געלערנטע איז פאַלש און ניט וויסנשאַפטלעך איז היינט ניט נייטיק צו דיסקוטירן און אָפּפרעגן.

ער האָט אויך ניט געהאַט קיין באַזונדערן אינטערעס אין דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, הגם אין זיין צייט האָבן מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ שוין פאַרעפנטלעכט זייערע ווערק אויף יידיש. ער האָט אָבער אָנגעשריבן וויכטיקע אָפּהאַנדלונגען איבער די ווערק פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור, און ביבליאָגראַפיש האָט ער צו יידיש אָנגעווענדט די זעלביקע וויסנשאַפט־לעכע מעטאָדן ווי צו אַנדערע שפּראַכן. אין 1848 האָט ער אין דעם זשורנאַל „סעראַפּעאוס" אָפּגעדרוקט אַן אַרבעט: „די יידיש־דייטשישע ליטעראַטור נאָך דעם האַנטשריפטלעכן קאַטאַלאָג פון דער אָפּענהיימער ביבליאָטעק", וואו ער באַשרייבט 385 יידישע ביכער זינט דעם אויפקום פון דער דרוקקונסט ביז 1740. ער האָט זיי שפּעטער רעגיסטרירט אין דעם גרויסן קאַטאַלאָג פון דער באָדלעיאַנאַ־זאַמלונג אין אָקספאָרד, וואו ער האָט די ביכער אַליין געזען. אין אַ צווייטער אַרבעט האָט ער באַשריבן 64 מאַנוסקריפּטן פון אַלט־יידיש אין די גרויסע ביבליאָטעקן אין ענגלאַנד און דייטשלאַנד.

ער האָט אויך אָנגעשריבן ווערטפולע אַרבעטן איבער דעם „מעשה־בוך", וועגן די יידישע תנ"ך־איבערזעצונגען אויף יידיש און וועגן די פּורים־שפּילן.

## שטיינשניידער דער מענטש און דער לערער

אַלעקסאַנדער מאַרקס, דער באַקאַנטער יידישער היסטאָריקער, לאַנג־יאָריקער הויפּט־ביבליאָטעקאַר פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־

יאָרק, איז במשך אַ רייע יאָרן געווען שטיינשניידערס תלמיד און פערזענלעכער פריינד. מאַרקס באַשרייבט מיט טיפן יראת־הכבוד זיין רבין ווי אַ פיינעם מענטשן און אַן איבערגעגעבענעם פריינד פון זיינע תלמידים; אַז ער האָט זיך ניט באַנוגנט מיט געבן זיי וויסנשאַפטלעכע עצות און אָנווייזונגען אין זייערע פאָרשונגען, נאָר ער האָט זיך באַמיט צו העלפן זיי מאַטעריעל, ווען ער איז דאָס געווען בכוח, הגם ער האָט זיך זייער אָפט געמוזט ראַנגלען מיט עקאָנאָמישע שוועריקייטן. זיינע צאָלרייכע תלמידים, וואָס אַ סך פון זיי זיינען געוואָרן באַרימטע געלערנטע, האָבן געפילט צו אים ליבשאַפט און רעספּעקט. בדרך־כלל איז שטיינשניידער געווען זייער אַ שטרענגער קריטיקער אין זיינע אָפּשאַצונגען פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט פון גרויסע געלערנטע, וואָס האָבן געלעבט אין זיין דור.

## סך־הכל

משה שטיינשניידער האָט דורך זיינע אַרבעטן אויפן פעלד פון חכמת ישראל זיך אויפגעשטעלט אַן אייביקן דענקמאָל. און כל־זמן עס וועלן זיין שאַפערישע מענטשן וואָס וועלן זיך אָפּגעבן מיט פאָרשן די יידישע ליטע־ראַטור פון אַלע דורות אויף אַלע שפּראַכן, וועט מען געדענקען זיין נאָמען ווי פון איינעם וואָס האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פון דער יידישער וויסנשאַפט.

# דער תנ״ך

טעזיסן און קאָנספּעקט פון די 10 לעקציעס פון דעם קורס:

**דער תנ״ך אין ליכט פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג**

געגעבן אין דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק אין אָקטאָבער־דעצעמבער 1963

תנ״ך איז די ראשי־תיבות פון: תורה, נביאים, כתובים.

אַ פאַרהייליקטער ספר ביי די יידן, ביי די קריסטן־קאַטאָליקן, פּראָטעס־טאַנטן און גריכיש־קאַטוילן. ביי די קריסטן הייסט דער ספר: ביבל, אַלטער טעסטאַמענט, הייליקע שריפטן. אויך ביי די מאַכמעדאַנער ווערט דער תנ״ך פאַררעכנט ווי אַ הייליקער ספר.

דער תנ״ך איז איבערגעזעצט אויף הונדערטער שפּראַכן און דיאַלעקטן. ער ווערט נאָך עד־היום איבערגעדרוקט אין צענדליקער מיליאָנען קאָפּיעס אין גאָר דער וועלט.

דאָס איינציקע ווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור פון די אַלטע צייטן, אין וועלכן עס ווערט דערציילט די געשיכטע פון אַ פאָלק פון זיין קינדהייט ביז זיין פּאָליטישער און גייסטיקער העכסטער אַנטוויקלונג. אַ ווערק וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער געשטאַלטונג פון דער מאָראַל און עטיק פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער אין משך פון יאָרטויזנטער ביז הייני־טיקער צייט.

אין תנ״ך ווערט אויך געשילדערט די אינטערנאַציאָנאַלע וועלט אין דעם צווייטן און ערשטן יאָרטויזנט פון דער אָנגענומענער צייט־רעכענונג — מצרים, אַשור, בבל, פּערסיע, ווי אויך די פעלקער פון נאָענטן מזרח, די דירעקטע שכנים פון די יידן — כנענים, מואבים, עמונים, אדומים, פּלישתים און אַנדערע.

אַן אייגנאַרטיקע און איינציקע דערשיינונג אין דער וועלט־ליטעראַטור: נבואה — די רייד פון די נביאים.

אַ נאַציאָנאַלע ליטעראַטור אויפן רעליגיעזן יסוד.

דאָס לעבן פון יידישן פאָלק אין משך פון 1,000 יאָר פון זיין קאָלעקטיווער דערפאַרונג און שיקזאַל. דאָס דערשיינען פון די פּרימיטיווע שבטים אויף דער היסטאָרישער אַרענע — אין צווייטן יאָרטויזנט ביז דעם צווייטן יאָרהונדערט

פון דער אָנגעגומענער צייט־רעכענונג — פון אברהם אבינו ביז דעם אויפ־שטאַנד פון די חשמונאים (ספר דניאל און קאַפּיטלען פון תהילים).

## די פירערס פון פאָלק אין דער תקופה

די גייסטלעכע — כהנים: די שאַפערס און באַגרינדערס פון געזעץ.

די נביאים: קעמפערס פאַר דעם ריינעם מאָנאָטעאיזם און מאָראַלישע יסודות.

די סופרים און חכמים: די געלערנטע, די לערערס פון פאָלק.

## די ספרים פון תנ״ך

תורה: בראשית, שמות, ויקרא, במדבר, דברים — דער חומש.

נביאים (ראשונים): יהושע, שופטים, שמואל (א, ב), מלכים (א, ב).

נביאים (אחרונים): ישעיהו, ירמיהו, יחזקאל, תרי עשר (צוועלף): הושע, יואל עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, חבקוק, צפניה, חגי, זכריה, מלאכי.

כתובים: תהילים, משלי, איוב, שיר השירים, רות איכה קהלת, אסתר (חמש מגילות — די פינף מגילות), דניאל עזרא־נחמיה, דברי הימים (א, ב).

## ווערק וואָס זיינען דערמאָנט אין תנ״ך און זיינען פאַרלאָרן געוואָרן

ספר הישר, ספר מלחמות ה׳, דברי הימים למלכי ישראל, דברי הימים למלכי יהודה און אַנדערע.

דער תנ״ך איז געשריבן אויף העברעאיש, און אייניקע טיילן — אויף אַראַמיש (דניאל, עזרא).

אַראַמיש — איינע פון די צפון־סעמיטישע שפּראַכן, געווען די הערשנ־דיקע שפּראַך אין מיטל־מזרח במשך פון הונדערטער יאָרן. די קולטור־ און אומגאַנג־שפּראַך פון די יידן אַן ערך טויזנט יאָר. פאַרבליבן ביז היינטיקן טאָג: דער תלמוד (די גמרא), דער זוהר — דער וויכטיקסטער ספר פון דער קבלה; דער תרגום — די איבערזעצונג פון תנ״ך אויף אַראַמיש; קדיש, כתובה, דער גט און אייניקע תפילות.

## ווער האָט געשריבן דעם תנ״ך?

### די טראַדיציאָנעלע מיינונג:

משה האָט באַקומען די תורה אויפן באַרג סיני און האָט זי איבערגעגעבן צו יהושע, יהושע האָט זי איבערגעגעבן צו די זקנים, די זקנים — צו די נביאים, און די נביאים האָבן זי איבערגעגעבן צו די מענער פון דער גרויסער כנסת (פאַרזאַמלונג פון געלערנטע) — פרקי אבות, א.

משה האָט געשריבן זיין בוך און דעם טייל וואָס דערציילט וועגן בלעמען, אויך דעם ספר איוב; יהושע האָט געשריבן זיין אייגן בוך און 8 פסוקים פון דער תורה (וועגן משה׳ס טויט); שמואל האָט געשריבן זיין בוך, אויך דעם ספר שופטים און רות; דוד האָט געשריבן דעם תהילים דורך 10 זקנים; ירמיהו האָט געשריבן זיין בוך און די ביכער פון מלכים און איכה; חזקיהו און זיינע חברים געלערנטע האָבן געשריבן ישעיהו, משלי, שיר השירים און קהלת; די מענער פון דער כנסת הגדולה (לויט דער טראַדיציע געגרינדעט פון עזרא און האָט עקסיסטירט ביז דעם יאָר 300 פק״ג) האָבן געשריבן די ספרים: יחזקאל, תרי עשר, דניאל און אסתר; עזרא האָט געשריבן זיין בוך און די גענעאָלאָגיעס פון דברי הימים ביז זיין צייט — בבא בתרא יד, ב.

### סקעפּטישע און קריטישע מיינונגען

שוין די בעלי התלמוד האָבן באַמערקט, אַז אין ספר דברים שטייט: וימת משה — און משה איז געשטאָרבן, ולא ידע איש את קבורתו — און קיין מענטש האָט ניט געוואוסט וואו זיין קבר געפינט זיך — ווי אַזוי האָט ער דאָס געקענט אַליין שרייבן? זיי האָבן עס פאַרענטפערט אויף זייער שטייגער.

איוב לא היה ולא נברא, אלא משל הוא — איוב איז ניט געווען און איז ניט באַשאַפן געוואָרן, עס איז בלויז אַ משל. און נאָך אַ סך שטעלן, וואָס שטימען ניט מיט דער טראַדיציע.

אין 9טן יאָרהונדערט האָט אַ יידישער געלערנטער תנ״ך־קענער חוי הבלכי (כיווי האַבאַלכי) פון פּערסיע פאַרעפנטלעכט 200 פראַגעס, וואָס שטעלן אין ספק די געטלעכקייט פון דער תורה. דער יידישער געלערנטער רבי סעדיה גאון, דער גרעסטער אויטאָריטעט פון זיין צייט אין תורה און תלמוד, איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן חויוי, און האָט פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט פון דער טראַדיציע.

דער יידישער דיכטער און געלערנטער רבי אברהם אבן עזרא (1089 —

1164) פון טאָלעדאָ, שפּאַניע, האָט אין זיין פּירוש צו דעם חומש אויף אַ זייער פאָרזיכטיקן אופן געגעבן אָנצוהערן, אַז עפּעס שטימט ניט מיט דער אָנגענומענער מיינונג וועגן דער תורה. אין ספר בראשית איז געשריבן: והכנעני אז בארץ; לפני מלך מלך בישראל. קומט אויס, אַז ווען דער ספר איז געשריבן געוואָרן זיינען שוין די כנענים ניט געווען אין לאַנד, און אַז די יידן האָבן שוין געהאַט אַ מלך, וואָס האָט געקיניגט איבער זיי. און דאָס שטימט אַוודאי ניט מיט דער טראַדיציע!

ברוך שפּינאָזאַ (1632 — 1677), דער גרויסער פילאָסאָף, האָט אין זיין ווערק „דער טעאָלאָגיש-פּאָליטישער טראַקטאַט" דורכגעפירט אַ שאַרפן און גרונטיקן אַנאַליז פון די ספרים פון תנ"ך. ער שטיצט זיך טיילווייז אויף רבי אברהם אבן עזרא, און קומט צום אויספיר, אַז די מחברים פון די תנ"-ספרים זיינען באמת ניט די וואָס זייערע נעמען זיינען אָנגעגעבן. ער ווייזט אָן, אַז די טראַדיציאָנעלע איינשטעלונג וועגן דעם תנ"ך האָט ניט קיין לאָגיש-וויסנ־שאַפטלעכן באַזיס. שפּינאָזאַ ווערט פאַררעכנט פאַר דעם פּיאָנער פון דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג פון תנ"ך.

זשאַן אַסטריוק (געשטאָרבן 1766), אַ דאָקטאָר אין הויף פון לואי דעם 14טן, און אַ תנ"ך-פאָרשער, האָט דער ערשטער באַמערקט, אַז אין באַשטימטע קאַפּיטלען פון ספרים פון תנ"ך זיינען פאַראַן ערטער, וואו דער נאָמען פון גאָט ווערט באַצייכנט מיט דעם וואָרט יהוה (אויסגערעדט אדני) און אין אַנ־דערע ערטער ווערט באַנוצט דאָס וואָרט אלהים. ער האָט געשאַפן אַ טעאָריע, אַז דער תנ"ך באַשטייט פון צוויי הויפּט-דאָקומענטן פון באַזונדערע שריי־בערס — דער יאַהאַוויסט און דער אלאָיסט.

וויכטיקע תנ"ך-פאָרשערס פון 19טן יאָרהונדערט זיינען געווען: גונקעל, גראַף, וועלהאַזען און אַ סך אַנדערע. די גראַף-וועלהאַזען-היפּאָטעזע (די פראַגמענטן-היפּאָטעזע) באַשטייט אין דעם, אַז דער תנ"ך איז צונויפגעשטעלט פון עטלעכע פראַגמענטן. די מחברים האָבן געלעבט אין פאַרשיידענע תקופות. זיי האָבן דעם תנ"ך געשאַפן אויפן סמך פון אַלטע מקורים, וואָס זיי האָבן געהאַט אין זייער רשות. שפּעטערדיקע געלערנטע רעדאַקטאָרן האָבן די אַלע מקורים פאַראייניקט און עס האָט זיך געשאַפן אַ גאַנץ ווערק.

אַ גענויער גרונטיקער אַנאַליז פון די ספרים פון תנ"ך האָט באַוויזן אַז:

1. דער מיטאָס פון דער וועלט-באַשאַפונג (קאָסמאָגאָניע), וואָס דערציילט זיך

אין ספר בראשית באַשטייט פון צוויי קאָנצעפּציעס. איינע — אין בראשית א׳, די צווייטע — אין בראשית ב׳, וואָס שטימען ניט איינע מיט דער אַנדערער.

2. די באַשרייבונג פון מבול באַשטייט אויך פון צוויי פאַרשיידענע מקורים.

3. די עשרת הדברות (די צען געבאָט), וואָס איז דער הייליקסטער טייל פון דער תורה, געפינט זיך אין חומש צוויי מאָל. איינער אין ספר שמות, דער צווייטער — אין ספר דברים. ביידע טעקסטן זיינען ניט אין גאַנצן אידענטיש.

4. די יוסף־געשיכטע איז אויך צונויפגעשטעלט פון צוויי מקורים.

5. די כראָנאָלאָגישע דאַטעס פון חומש זיינען זיך אָפט סותר.

6. די שפּראַך און דער סטיל פון די ספרים פון חומש איז לחלוטין פאַרשיידן, און האָבן ניט געקענט געשריבן ווערן פון איין פּערזאָן.

7. אין ספר ישעיהו (קאַפּיטל מ״ה) איז דערמאָנט דער נאָמען כורש דער מלך פון פּערסיע, וואָס האָט געלעבט מיט איבער 200 יאָר נאָך ישעיהו. פון דאַנעט נעמט זיך די מיינונג פון די תנ״ך־פאַרשערס, אַז פון קאַפּיטל מ׳ און ווייטער האָט געשריבן אַן אַנדער אומבאַקאַנטער נביא.

8. אַ סך קאַפּיטלען פון תהילים דערציילן וועגן געשעענישן, וואָס האָבן פּאַסירט מיט הונדערטער יאָרן נאָך דער צייט פון דוד המלך (באו גויים בנחלתך, שפך חמתך על הגוים, על נהרות בבל שם ישבנו, און אַ סך אַנדערע).

9. אין ספר מלכים ב׳ ווערט דערציילט, אַז אין דער צייט פון קעניג יאשיהו פון מלכות יהודה האָט מען אין בית־המקדש (בעת אַ רעמאָנט) געפונען אַ ספר פון דער תורה, וואָס מ׳האָט ביז יענער צייט ניט געוואוסט אַז עס עקזיסטירט אַזאַ ספר. אַ גרינדלעכע אויספאָרשונג פון געלערנטע האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז דער פינפטער ספר פון חומש — דער ספר דברים.

10. אין פאַרשיידענע ספרים פון תנ״ך זיינען דאָ דאָפּלטע קאַפּיטלען.

דאָס איז בלויז אַ קליינער טייל פון די באַווייזן, אַז די טראַדיציאָנעלע איינשטעלונג איז ניט אין הסכם מיט דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג.

אין רעזולטאַט פון אַלזייטיק־גרינדלעכן שטודירן פון דעם תנ״ך במשך פון הונדערטער יאָרן זיינען די געלערנטע פון 19טן און אָנהייב 20סטן י״ה געקומען צו די ווייטערדיקע אויספירן:

דער תנ״ך איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון פיר הויפּט־מקורים דורך פערזאָנען אָדער גרופּעס פון געלערנטע, וואָס האָבן געלעבט אין פאַרשיידענע צייטן. די לעגענדעס און מעשיות זיינען דורות־לאַנג אומגעגאַנגען אין פאָלק (וועגן וועלט־באַשאַפונג, וועגן די אָבות, מכירת יוסף א״אַנד). געניטע, הויך־טאַלענטירטע רעדאַקטאָרן האָבן די באַזונדערע מקורים פאַראייניקט, און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ווערק אין דריי טיילן.

די תורה, די רייד פון די נביאים און די כתובים זיינען קאַנאָניזירט געוואָרן אין באַזונדערע צייטן. עס איז אויך פאַרשיידן דער פאַרגלייך־גראַד פון דער פאַרהייליקונג פון די באַזונדערע טיילן.

מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער נאָך דער לעצטער קאַנאָניזירונג פון די כתובים — אין 2טן אָדער 1טן י״ה פּק״ג — זיינען געקומען די יידישע געלערנטע, וואָס האָבן זיך גערופן בעלי המסורה (די מענער פון טראַדיציע) און האָבן פאַרגליכן די פאַרשיידענע מאַנוסקריפּטן וואָס זיי האָבן געהאַט, פאַרריכט די טעותן און פעסטגעשטעלט דעם ריכטיקן טעקסט פון תנ״ך, ווי מיר האָבן אים איצט.

## די פיר מקורות פון תנ״ך

| | לאַטיינישער אות | |
|---|---|---|
| 1. דער יאַהאַוויסט | J | צייט — לערך 850 פּק״ג |
| 2. דער עלאָהיסט | E | ״ ״ 750 ״ |
| 3. דער דויטעראָנאָמיסט (ספר דברים) | D | ״ ״ 620 ״ |
| 4. תורת כהנים (פּריסטער־קאָדעקס) | P | ״ 450־500 ״ |
| ענדגילטיקע רעדאַקציע | | 400 ״ |

בולט און קלאָר איז די טענדענץ פון דעם מחבר פון תורת כהנים (p). ער האָט געלעבט אין דער צייט פון גלות בבל. צו אים געהערט דער טייל פון תנ״ך וואָס באַשרייבט דעם ריטואַל פון די קרבנות, די דינים — פון ואלה המשפטים אין שמות, דער גאַנצער ספר ויקרא, טייל פון במדבר. ער איז פאַראינטערעסירט אין סטאַטיסטיק און גענעאַלאָגיע. דערציילט ניט קיין מעשיות. אַקצענטירט דעם גלויבן אין איין גאָט, די וויכטיקייט פון קרבנות. ער איז אויך דער מחבר פון דברי הימים, וואו עס קומט צום אויסדרוק זיין וועלט־אַנשויאונג.

## די איבערזעצונגען פון תנ״ך

1. די איבערזעצונג פון די זיבעציק — סעפּטואַגינטאַ. באַשריבן געגוי אין דעם בריוו פון אַריסטעאַס אין די אַפּאָקריפן (זע ווייטער) אין אַלעקסאַנדריע פון מצרים.

די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן פון העברעאישן אָריגינאַל אויף גריכיש פאַר די יידן פון מצרים, וואָס האָבן שוין ניט פאַרשטאַנען קיין העברעאיש, און גריכיש איז געווען זייער אומגאַנג־ און קולטור־שפּראַך. לויט דער מסורה איז די איבערזעצונג געמאַכט געוואָרן פון 72 יידישע געלערנטע אין 72 טעג אין יאָר 280 פק״ג לערך. אין דער אמתן האָט דאָס געדויערט אַ לענגערע צייט און איז פאַרענדיקט געוואָרן אַרום 150 פק״ג.

2. תרגום אונקלוס — אויף דער תורה און תרגום יונתן אויף די נביאים און כתובים פון העברעאיש אויף אַראַמיש, וואָס איז אין ערשטן יאָר־הונדערט געווען די שפּראַך פון די יידן אין ארץ־ישראל.

3. די איבערזעצונג אויף לאַטייניש — די וואולגאַטאַ — וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער אָפיציעלער טעקסט פון דער ביבל, אָנגענומען פון דער קאַטוילישער קירך. דער איבערזעצער איז געווען אויזעביוס היעראָנימוס — סט. זשעראָם — סעקרעטאַר פון פּויפּסט און גרויסער קענער פון גריכיש און לאַטיין. האָט אויך געקענט העברעאיש. געלעבט אין 4טן י״ה נ״ק.

4. רבי סעדיה גאון (10טער י״ה) האָט איבערגעזעצט דעם תנ״ך אויף אַראַביש פאַר די יידן פון די אַראַבישע לענדער, וואָס זייער אומגאַנג־שפּראַך איז געווען אַראַביש.

מאַרטין לוטער (אָנהייב פון 16טן י״ה) האָט איבערגעזעצט די ביבל אויף דייטש.

4. לויט דעם אויפטראַג פון דעם קעניג פון ענגלאַנד דזשיימס האָט אַ גרופּע ענגלישע טעאָלאָגן איבערגעזעצט די ביבל אויף ענגליש (קינג דזשיימס ווערזשאָן).

אין יאָר 1870 איז אין ענגלאַנד געמאַכט געוואָרן אַ פּרואוו צו מאָדער־ניזירן די ביבל און מיט 15 יאָר שפּעטער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די רעווידירטע ווערסיע.

אין אַמעריקע איז אין 1901 אַרויס די אַמעריקאַנער סטאַנדאַרד־ווערסיע, און מיט 50 יאָר שפּעטער — די רעווידירטע סטאַנדאַרד־ווערסיע.

די אַמעריקאַנער יידישע פאַרלאַגס־געזעלשאַפט (אַמעריקען דזשואיש פּאַבליקיישאַן סאָסייעטי) האָט מיט יאָרן צוריק אַרויסגעגעבן אַן איבערזעצונג פון תנ״ך אויף ענגליש. אין 1963 — אַ נייע מאָדערניזירטע ענגלישע איבער־זעצונג, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שאַרפן פּראָטעסט פון די אָרטאָדאָקסישע קרייזן צוליב דער נייער אינטערפּרעטאַציע פון אייניקע ערטער אין חומש.

## די אַפּאָקריפן

ויותר מהמה בני הזהר עשות ספרים הרבה אין קץ — און ווייטער, מיין זון, זיי געוואָרנט: צו מאַכן פיל ספרים איז ניטאָ קיין ענד (קהלת יב, יב).

נאָך דעם ווי עס איז קאַנאָניזירט געוואָרן דער תנ״ך (אָפּגעשלאָסן, פאַר־חתמעט), האָט די יידישע שאַפונג ניט אויפגעהערט. חוץ די ספרים וואָס ווערן דערמאָנט אין תנ״ך, וועלכע זיינען צו אונדז ניט דערגאַנגען, זיינען פאַראַן אַ סך ספרים וואָס זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צו גניזה (באַהאַלטן צו ווערן), און זיי זיינען איצט באַקאַנט, ווייל די קריסטן האָבן זיי אויפגעהיט צוליב זייער מאָראַלישער ווערט און זייער אַלטקייט.

אָט די ספרים הייסן אַפּאָקריפן. אויף העברעאיש — ספרים חצונים, ד״ה ספרים וואָס זיינען אויסן געבליבן, ניט אַריין אין באַשטאַנד פון תנ״ך.

**די וויכטיקסטע פון זיי**

1. דער בריוו פון אַריסטעאַס. אַ גענויע געשיכטע פון דער איבערזעצונג פון דעם תנ״ך אויף גריכיש — סעפּטואַגינטאַ. דער טעקסט — גריכיש. דער העברעאישער אָריגינאַל איז ניט אויפגעהיט.
2. ספרי המקבים א׳, ב׳, ג׳, ד׳.

באַזונדערס וויכטיק איז דער ספר מקבים א׳ — די געשיכטע פון דעם חשמונאים־אויפשטאַנד קעגן די סיריער אין 2טן יאָרהונדערט פק״ג. וועגן מתתיהו, יהודה און זיינע ברידער. אַ לעבעדיקע שילדערונג וועגן יענער תקופה. ווען ניט דער ספר וואָלטן מיר לחלוטין ניט געוואוסט וועגן דער היסטאָרישער געשעעניש.

דער תלמוד פרעגט אַ נאַאיווע פראַגע: מאי חנוכה — וואָס איז חנוכה? און ער ענטפערט מיטן נס פון דעם קריגעלע בוימל.

3. ספר יהודית.

די באַוואוסטע דערציילונג וועגן דער פרוי יהודית, וואָס האָט דערהרגעט דעם אַשורישן גענעראַל הליפורנוס, און האָט דערמיט געראַטעוועט אַ שטאָט מיט יידן פון פאַרשקלאַפונג.

4. משלי בן סירא — די משלים פון בן סירא.

זייער אַן אינטערעסאַנטער ספר. געהערט צו דער קאַטעגאָריע חכמה־ליטעראַטור. זייער ענלעך צום ספר משלי. האָט ניט זוכה געווען אַריינגענומען צו ווערן אין תנ״ך. אפשר צוליב דעם וואָס דער מחבר האָט אָנגעגעבן זיין אמתן נאָמען, און האָט ניט צוגעשריבן זיין ווערק צו שלמה המלך אָדער אַן אַנדער באַרימטער פערזאָן.

דער פּראָפעסאָר שלמה (סאָלאָמאָן) שעכטער האָט לערך מיט 60 יאָר צוריק געפונען אין דער אַלטער שול פון קאַאירע אַ טייל פון דעם העברעאישן אָריגינאַל פון בן סירא. דעם מחבר׳ס אייניקל האָט אין 1טן י״ה פק״ג איבערגעזעצט זיין זיידנס ווערק אויף גריכיש.

## אַרכעאָלאָגיע

די אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן פון פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע עקספּעדיציעס אין משך פון די לעצטע 120 יאָר אין די לענדער פון די גרויסע ציוויליזאַציעס פון אַלטן מזרח (מעסאָפּאָטאַמיע — אַשור און בבל — סיריע, פּאַלעסטינע, פּערסיע און עגיפּטן) האָבן געוואָרפן אַ העלע ליכט אויף דער געשיכטע פון די אַלטע ציוויליזאַציעס פון נאָענטן מזרח און אויף דער יידישער געשיכטע אין פאַרבינדונג מיטן תנ״ך.

### קורצער איבערבליק איבער די וויכטיקסטע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען און פאָרשונגען

דער פראַנצויזישער אַרכעאָלאָג זשאַק דע־מארגאן האָט אין 1897 אויסגעגראָבן אין סוזאַ (שושן, פּערסיע) אַ מאָנומענט, וואָס רופט זיך דער האַמוראַבי־דענקמאָל, געפינט זיך אין לאָוור (פּאַריז). דער מאָנומענט איז 7 פוס, 5 אינטשעס די הויך און שטעלט מיט זיך פאָר דעם קעניג האַמוראַבי (2000 יאָר פק״ג) ווי ער שטייט פאַר דעם זון־גאָט שאמאש (שמש). אויף דעם מאָנומענט זיינען אויסגעקריצט 250 געזעצן. די געזעצן פון ספר שמות — ואלה

המשפטים — זיינען אין אַ סך פּרטים ענלעך צום האַמוראַבי־קאָדעקס. קאַנטיק, אַז דער האַמוראַבי־קאָדעקס האָט באַווירקט אַלע פעלקער פון מיטל־מזרח, אויך די יידן אין משך פון יאָרהונדערטער.

דער אַרכעאָלאָג לאיארד האָט אין 1839 געפונען אין נינוה (אַשור — איצט איראַק) 30 טויזנט ליימענע טאָוולען מיט קלינעס־שריפט. דאָס איז די באַרימטע ביבליאָטעק פון אַשורבאַניפּאַל (7טער י״ה פק״ג).

דער ענגלישער געלערנטער אַסיריאָלאָג דזשרדזש סמיטה האָט אין 1872 סאָרטירט און קאַטאַלאָגירט די טאָוולען, און האָט אויסגעפונען, אַז אַ טייל פון זיי באַשטייט פון דעם גילגאמעש־עפּאָס. דאָס איז די באַשרייבונג וועגן דער באַשאַפונג פון דער וועלט, וועגן דעם מבול, וועגן דער תיבה, מענטש און די שלאַנג, ווי דער טויט איז געקומען אויף דער וועלט, ווי דער מענטש האָט רעבעלירט קעגן די געטער — ענלעך צו די באַשרייבונגען אין ספר בראשית. אָבער אין חומש ווערט אַקצענטירט, אַז גאָט איז געווען פריער פאַר דער וועלט, און ער האָט זי באַשאַפן יש מאין, ניט ווי אין דער בבלישער לעגענדע. אויך די יידישע געזעצן זיינען לויט זייער מהות אַנדערש ווי די בבלישע.

### די אמארנא־בריוו

אין 1887 זיינען געפונען געוואָרן אין תל אל אמארנא (מצרים) עטלעכע הונדערט ליימענע טאָוולען מיט בבלישער שריפט, וואָס זיינען באַקאַנט ווי די אמארנא־קאָרעספּאָנדענץ. דאָס זיינען די בריוו פון די פּאַלעסטינישע הערשערס פון די שטעט צור, צידון, אורישלם־ירושלים, עכו, אשקלון, גזר, לכיש — אַלץ נעמען וואָס ווערן דערמאָנט אין תנ״ך — צום קעניג פון מצרים אמענאפיס דעם 4טן.

זיי באַקלאָגן זיך, אַז אין זייערע שטעט רייסן זיך אַריין קריגערישע שבטים כאבירו־האבירו. זיי בעטן דרינגענדיקע הילף ביים מצרישן קעניג, וואָס איז אין יענער צייט (15טער י״ה פק״ג) געווען דער הערשער איבער גאַנץ כנען און אַרומיקע שטעט. דערביי מסרן זיי איינער אויפן אַנדערן אין פאַרראַט צו מצרים.

טייל געלערנטע האַלטן, אַז די כאַבירו זיינען דאָס די עברים וואָס האָבן איינגענומען כנען. הגם די אמארנא־טאָוולען שטאַמען פון 15טן י״ה, האַלטן די היסטאָריקער, אַז דאָס איינעמען פון כנען איז פאָרגעקומען אין 13טן יאָרהונדערט.

## דער מישע־שטיין

אין 1868 איז געפונען געוואָרן דער מאָנומענט פון מישע מלך מואב וואָס האָט געלעבט אין דער צייט פון יהורם, דעם זון פון אחאב, דעם מלך פון ישראל. אַן אידענטישע באַשרייבונג (אַנדערש באַלויכטן) געפינען מיר אין ספר מלכים ב׳, קאַפּ. ג.

## דער שישק־באַרעליעף

אויף די ווענט פון דעם קארנאק־טעמפּל אין מצרים איז דאָ אַן אויפשריפט וועגן די נצחונות פון דעם קעניג שישק (שישאַק) איבער די יידן. די מעשה ווערט אויך דערציילט אין מלכים א׳ און אין דברי הימים ב׳.

## דער שלמנאסר־אבעליסק

אויף דעם מאָנומענט פון דעם אַשורישן קעניג שלמנאסר (9טער י״ה פק״ג) (געפינט זיך אין בריטישן מוזיי אין לאָנדאָן) איז אויסגעקריצט אַ גרופּע ישראלים וואָס טראָגן צינז דעם אַשורישן מלך.

## דער באַרעליעף פון קעניג סנחריב

סנחריב האָט באַלאַגערט און איינגענומען די שטעט פון יהודה אין דער צייט פון מלך חזקיהו (701 פק״ג) ווי עס ווערט דערציילט אין מלכים ב׳ און אין ישעיהו ל׳, ל״ז. אויף דעם באַרעליעף איז דאָ אַ בילד ווי מ׳ברענגט פאַר קעניג סנחריב געפאַנגענע פון דער שטאָט לכיש.

## די אויסראָבונגען אין מגידו און עציון גבר

דער יידישער אַרכעאָלאָג פּראָפ. נעלסאָן גלוק פון סינסינעטי האָט אויס־געגראָבן אין מגידו שטאַלן פאַר פערד און קופּער־מינעס ביי עציון גבר אין דרום ישראל. זיי ווערן דערמאָנט אין מלכים א׳, אין די צייטן פון שלמה המלך.

## די מגילות פון ים המלח

אין 1957 זיינען געפונען געוואָרן די מגילות פון ים המלח (טויטער ים) אין דרום פון ישראל. צווישן אַנדערע וויכטיקע דאָקומענטן, וואָס ווערן איצט געפאָרשט, איז געפונען געוואָרן אַ טייל פון ספר ישעיהו.

לויט דער מיינונג פון געלערנטע, צווישן זיי דער באַרימטער אַרכעאָלאָג

פון דזשאנס האָפּקינס אוניווערסיטעט, וו. פ. אלברייט, שטאַמען די מגילות פון דער צייט פון חורבן בית שני (1טער י״ה).

ביז איצט איז געווען באַוואוסט, אַז דער עלטסטער כתב־יד פון דער תורה שטאַמט פון יאָר 913, וואָס געפינט זיך אין דער אָריענטאַלישער אָפּטיילונג פון דער לענינגראַדער ביבליאָטעק.

וועגן די מגילות איז שוין געשריבן געוואָרן אַ גאַנצע ריי ווערק. די מגילות ווערן נאָך געפאָרשט, און אין די קומענדיקע יאָרן וועלן באַוואוסט ווערן נייע פאַקטן, וואָס וועלן נאָך מער באַלויכטן די געשעענישן פון די פאַרגאַנגענע תקופות פון דער יידישער און וועלט־געשיכטע.

# די אינטערעסאַנטע לעבנס־געשיכטע פון אליהו בחור (אליהו לעוויטאַ)

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז געוואָרן 400 יאָר זינט עס איז געשטאָרבן אַ מאַן, וואָס איז בשעתו געווען באַרימט און באַליבט צווישן יידן אין איטאַליע און דייטשלאַנד, און האָט אַרויסגערופן צו זיך טיפן רעספּעקט אין די קרייזן פון געלערנטע הומאַניסטן ניט־יידן אין גאַנץ מערב־אייראָפּע.

ער איז געווען איינער פון די באַשאַפער פון דער וועלטלעכער ליטעראַטור אין דער יידישער שפּראַך פון יענער צייט, 350 יאָר פאַר מענדעלע מוכר־ספרים.

זיין פולער נאָמען איז: אליהו בן אשר הלוי אשכנזי, באַקאַנט לויטן נאָמען אליהו בחור. אין דער ניט־יידישער ליטעראַטור איז ער באַוואוסט ווי אליהו לעוויטאַ. פון די הקדמות צו זיינע העברעאישע און יידישע ווערק, פון די צוואָרפענע באַמערקונגען און אינוואָקאַציעס אין די ווערק גופא קענען מיר זיך שאַפן אַ בילד וועגן דעם לעבן פון אָט דעם ביז גאָר אינטערעסאַנטן און מערקווירדיקן מענטשן.

ער איז געבוירן געוואָרן אין איפּשהיים (לעבן נירנבערג, דייטשלאַנד. פון דעם — זיין ביינאָמען אשכנזי) אין יאָר 1468 אָדער 1469 אין אַ גרויסער משפחה פון ניין קינדער. ער איז געווען דער ייִנגסטער. זיין פאָטער איז געווען אַ ייד אַ למדן, און האָט אים געגעבן די ערשטע גרונטיקע ידיעות אין העברעאיש און תנ"ך. 1496 טרעפן מיר אים אין ווענעציע, איטאַליע. עס איז נישט באַקאַנט צוליב וועלכע סיבות ער האָט אויסגעוואַנדערט פון זיין היימשטאָט, צי איז ער אַוועק אַליין אָדער מיט זיין משפחה. מסתמא האָט ער פאַרלאָזן דייטשלאַנד, ווייל דאָרטן איז דאָס לעבן פאַר יידן געווען שווער און פיינלעך. מע האָט זיי פון דאָרטן ניט פאַרטריבן ווי פון ענגלאַנד אָדער פון פראַנקרייך. אָבער די יידן אין גאַנצן לאַנד זיינען געווען אויסגעשטעלט אויפן חסד פון דעם קיניג (קאַמערקנעכט) אָדער פונעם פירשט, אומאויפהער־לעך גערודפט פון די גייסטלעכע, און האָבן געליטן צרות און עינויים צוליב דער קנאה־שנאה פון די שטאָטבירגער, פון די בעל־מלאכהשע צעכן, וואָס האָבן באַטראַכט די יידן ווי געפערלעכע קאָנקורענטן אין מלאכה און האַנדל.

עס פלעגן פאָרקומען גירושים פון באַזונדערע שטעט, פון גאַנצע פירשטנ־טימער, און פאַר גרויסע סומען געלט פלעגט מען זיי צוריק אַריינלאָזן אין די זעלביקע שטעט.

זינט די אומגליקלעכע יאָרן פון 1348־1349, פון דעם „שוואַרצן טויט", ווען צענדליקער יידישע קהילות אין דייטשלאַנד זיינען חרוב געוואָרן, האָבן יידן געוואַנדערט פון די דייטשישע לענדער קיין מזרח — קיין פוילן אין גרעסערע מאָסן, אויך קיין מערב — אין די איטאַליענישע שטעט ווענעציע, פּאַדואַ און פלאָרענץ. אין די שטעט פון איטאַליע זיינען אַחוץ די איטאַליע־נישע יידן און אַ טייל פון די גולי ספרד, די פאַרטריבענע פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, שוין געווען צום סוף פון פופצנטן און אין אָנהייב פון זעכצנטן יאָרהונדערט אַ באַדייטנדיקע צאָל אַשכנזישע יידן.

עס איז אַגב אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז די איטאַליענישע און ספרדישע יידן האָבן געקוקט אויף די אַשכנזישע יידן פון אויבן אַראָפּ. זיי האָבן זיי געהאַלטן פאַר פּראָסטאַקעס און כבד־פּה'ניקעס, וואָס מ'קאָן זיך מיט זיי ניט צוניפרידן. אַנאַלאָגיש צו דעם ווי די דייטשישע יידן האָבן געקוקט אויף די „אָסט־יודען", און ווי די ספרדישע און דייטשישע יידן אין אַמעריקע האָבן זיך באַצויגן צו די אימיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע אין מיטן און סוף פון 19טן יאָרהונדערט.

ווי שטעלט זיך פאָר דאָס לעבן פון אליהו בחור אין די שטעט פון צפון־איטאַליע? ווי און פון וואָס לעבט ער אין ווענעציע? אין 1503 שרייבט ער זיך אונטער אין איינעם פון זיינע חבורים: „צעיר החרזנים, שפל המדקדקים ומקרי דרדקים". ווי עס איז געווען דער שטייגער פון די מחברים פון יענער צייט — טיילווייז אויך אין דער שפּעטערדיקער צייט — באַרימטע רבנים, גדולי התורה פלעגן זיך, צוליב באַשיידנקייט, חתמענען „אני הקטן" — רופט זיך אליהו בחור: דער ייִנגסטער פון די פּאָעטן, דער נידעריקסטער פון די גראַמאַטיקער און מלמד פון קליינע קינדער. דאָס איז דאָס בילד פון זיינע פּרנסות און באַשעפטיקונגען אין יענער צייט: פּאָעט, גראַמאַטיקער און מלמד. ער איז אויך געווען אַ קאָפּיסט, אַן איבערשרייבער, און ווי מיר וועלן שפּעטער זען, אַ פאָרלייענער און זינגער פון זיינע לידער און ראָמאַנען.

1504 באַווייזט זיך זיין ערשטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט: אַ פּירוש צו ר' יוסף קמחיס גראַמאַטיק פון דער העבּרעאישער שפּראַך. דער ספר איז גיך אָנגענומען געוואָרן אין די קריסטלעכע הומאַניסטישע קרייזן. דער באַרימטער

דייטשישער געלערנטער פון יענער צייט סעבאַסטיאַן מינסטער, אַ תלמיד פון יאָהאַן רויכלין, האָט די גראַמאַטיק איבערגעזעצט אויף לאַטייניש. אין זיין פירוש דערלויבט זיך אליהו בחור אויף אַן אָפּנויג פון דער טראַדיציאָנעלער מיינונג וועגן די נקודות און טעמים. ער האַלט אַז די נקודות זיינען ניט מסיני, אָפּילו ניט פון די צייטן פון עזרא הסופר, נאָר זיי זיינען איינגעפירט געוואָרן נאָך חתימת התלמוד, ווען מען האָט דעם העברעאישן טעקסט אָן נקודות נישט געקאָנט לייענען. מיט דער השערה האָט ער אַרויסגערופן צו זיך דעם כעס און די קעגנערשאַפט פון די רבנים און פון די פרומע געלערנטע יידן.

בכלל האָט ער אין דער תקופה געליטן אַ סך צרות. פון אַלע זיינע פּרנסות האָט ער קוים געהאַט אויף חיונה פאַר זיין משפחה. אין זיין מלמדות האָט ער געהאַט קעגנערס און קאָנקורענטן, וואָס האָבן אים פאַרביטערט דאָס לעבן. עס האָבן זיך אויפגעהיט צוויי לידער אין יידיש וואָס ער האָט געשריבן אין ווענעציע: „המבדיל" און דאָס ליד וועגן דער שריפה אָדער דאָס פּורים־ליד. אין „המבדיל" מאַכט ער חוזק פון איינעם הלל הכהן, אויך אַ מלמד. דאָס ליד איז פול מיט זלזולים און אינטים־עראָטישע סצענעס וועגן הללס פאַמיליע־לעבן. אין דעם ליד וועגן דער שרפה אין ווענעציע דערציילט ער וועגן אַ בלבול, וואָס מ׳האָט געמאַכט אויף אים. משמעות, ער האָט געהאַט אַ סך אויסצושטיין פון דער יידישער סביבה.

אין די יאָרן 1504 ביז 1509 וואוינט ער אין פּאַדואַ. ער האָט שוין געהאַט אַ שם ווי אַ גראַמאַטיקער און העברעאישער לערער. אין דער תקופה האָט ער אָנגעשריבן זיינע צוויי גרויסע יידישע ראָמאַנען: דאָס בבא־בוך און פּאַריז און וויענאַ, מיט וועלכע ער האָט זיך קונה־שם געווען ווי דער גרויסער מייסטער פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור.

אין דער לעצטער סטראָפע פון בבא־בוך זאָגט ער:

דאך וויל איך נענן וואר
ווער דש בוך גימאכט און גישריבן
אליהו בחור נענט ער זיך צוואר
אוון גאנץ יאר הט ער דאר איביר פור
שריבן
און׳הט עש געמאכט דש זעלביקע יאר
דש מן ציילט צווייא הונדרט און׳זעכ־
ציק זיבען (רסז — 1507).

דער באַקאַנטער ליטעראַטור־היסטאָריקער מאַקס עריק, וואָס איז, צום באַדויערן, אומגעבראַכט געוואָרן אין דעם רעכטן פונאַנדערבליען פון זיין טאַלאַנט ווי דער פאָרשער פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור, האָט דער ערשטער געשאַפן די טעאָריע וועגן דער שפּילמאַן־תקופה אין יידיש. אין זיין ווערק: „די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור (וואַרשע, 1929) שטעלט ער זיך אָפּ גענוי אויף דער ראָליע פון אליהו בחור ווי דער יידישער שפּילמאַן. מיט גרויס ערודיציע, אויפן סמך פון אָריגינעלע פאָרשונגען שטעלט ער פעסט, אַז אליהו בחור האָט אַליין פאָרגעטראָגן זיינע דיכטונגען — לידער און זיינע ראָמאַנען אין פערזן — פאַרן פאַרזאַמלטן עולם. „עס וועט ניט זיין קיין אומכבוד פאַרן שפּעטערדיקן באַרימטן פילאָלאָג אים צו דעקלאַרירן פאַרן לעצטן יידישן שפּילמאַן. ער האָט ווירדיק און טאַלאַנטפול אָפּגעשלאָסן די תקופה פון יידישער שפּילמאַנישער דיכטונג".

אין דער הקדמה צום בבא־בוך דערציילט דער מחבר:

„איך זינג עס מיט איינעם וועלשן געזאַנג" (איטאַליענישן ניגון).

אין אָנהייב פון דעם „שרפה־ליד" זאָגט ער:

„און וועל איך אין ווינציק זינגען מיט מיינען בייזן קול" (אָרטאָגראַפיע מאָדערניזירט).

1509 איז פּאַדואַ איינגענומען געוואָרן פון די פראַנצויזישע חיילות. אליהו בחור פאַרלירט זיין פאַרמעגן, אַ סך פון זיינע מאַנוסקריפּטן. אין משך פון פינף יאָר וואַנדערט ער אַרום פון איין שטאָט אין אַ צווייטער, און געפינט אין ערגעץ קיין מקום מנוחה נישט.

לסוף, אין יאָר 1514, קומט ער אָן קיין רוים. דאָ האָט מיט אים געטראָפן אַ זעלטענער צופאַל, וואָס האָט ראַדיקאַל געענדערט זיין גורל און דעם כאַראַקטער פון זיין שאַפן. ער באַקענט זיך מיטן באַרימטן רוימישן קאַרדינאַל עדזשידא דע וויטערבאָ, אַ געלערנטער און הומאַניסט. כדי צו פאַרשטיין דעם באַטייט פון דער געשעעניש אין אליהו בחורס לעבן, מוזן מיר געבן אַ קורצן איבערבליק איבער יענער תקופה און זיך באַקענען מיט די גייסטיקע שטרעמונגען פון יענער צייט.

דאָס איז געווען די תקופה פון די גרויסע דערפינדונגען און אויפדעקונגען (דרוק, אויפדעקונג פון אַמעריקע און דעם וועג צו אינדיע). דאָס איז די צייט

## עסייען

ווען דער מענטשלעכער געדאַנק האָט זיך אָנגעהויבן צו באַפרייען פון דער מיטאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק, פון דער אַפּיטרופּסות פון דער קירך; די תקופה פון דעם אויפבלי פון די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן, פון דעם טיפן אינטערעס אין די קלאַסישע שפּראַכן און אין די ווערק פון די גרויסע מייסטערס פון גריכנלאַנד און רוים, אַן אומגעהויערער חשק צו גריכיש און לאַטייניש. עס האָבן דעמאָלט געלעבט און געשאַפן די גרעסטע קינסטלערס פון אַלע צייטן: לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, מיקעל אַנדזשעלאָ און ראַפאַעל; דאָס איז די צייט פון אויסגעברייטערטע פיזישע ווי גייסטיקע האָריזאָנטן און געוואַגטע פּראָטעסטן קעגן אויטאָריטעטן און טראַדיציעס איינגעשטעלטע פון דורות.

דער אויפגעוואַכטער אינטערעס צו די קלאַסישע שפּראַכן פון אַלטערטום האָט אויך געבראַכט מיט זיך אַ שטאַרקן פאַרלאַנג מצד די געבילדעטע קריסטן פון יענער צייט צו שטודירן די העברעאישע שפּראַך, די שפּראַך פון דער ביבל, וואָס איז אין מיטלאַלטער נישט געווען צוטריטלעך פאַרן ניט־גייסטלעכן. מאַרטין לוטער, דער שאַפער פון דער רעפאָרמאַציע אין דייטשלאַנד, לערנט זיך העברעאיש, זעצט איבער דעם תנ"ך אויף דייטש. דער גרויסער הומאַניסט יאָהאַן רויכלין שטודירט העברעאיש און באַקעמפט דעם משומד פפעפער־קאָרנס בלבולים אויפן תלמוד. פראַנצויזישע פּראָפעסאָרן פאַרטיפן זיך אין דעם שטודיום פון העברעאיש. דער רוימישער גייסטלעכער (ער איז שפּעטער געוואָרן אַ קאַרדינאַל) דע וויטערבאַ איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין העברעאיש, אַראַמיש און אין קבלה!

ווען אליהו בחור איז געקומען קיין רוים האָט ער זיך באַקאַנט מיט דע וויטערבאַ. ער באַשרייבט אין זיין הקדמה צו אַ העברעאישן ספר, אַז דע וויטערבאַ האָט אים גלייך פון אָנהייב אויפגענומען זייער האַרציק. ער איז אים אויפגעשטאַנען אַנטקעגן, אים געקושט און געזאָגט: „דו ביסט עס אליהו וואָס דיין נאָמען קלינגט אין אַלע מדינות, אומעטום זיינען פאַרשפּרייט דיינע ספרים. געלויבט איז גאָט וואָס האָט דיך צו מיר געבראַכט. איצט וועסטו שוין ביי מיר בלייבן און וועסט זיין מיין לערער, און איך וועל זיין צו דיר אַ פאָטער. איך וועל אויסהאַלטן דיך און דיין הויזגעזינד".

דרייצן יאָר איז אליהו בחור מיט זיין משפחה געווען ביי דע וויטערבאַ. ער האָט מיט אים געלערנט העברעאיש און אַראַמיש, איבערגעשריבן פאַר אים קבלה־ספרים, און האָט געשאַפן זיינע ווערק וועגן שפּראַך און גראַמאַ־

טיק. דאָס איז געווען זייער אַ פּראָדוקטיווע תקופה אין זיין לעבן. דער גייסט־לעכער האָט ביים פּויפּסט געפּועלט אַ דערלויבעניש צו גרינדן אין רוים אַ העברעאישע דרוקעריי מיט דער כוונה צו פאַרעפנטלעכן לעוויטאַס ווערק.

אליהו בחור ווערט באַרימט איבער גאַנץ אייראָפּע. הומאַניסטן, גלחים און אַמבאַסאַדאָרן ווערן זיינע תלמידים. פראַנסואַ, דער קיניג פון פראַנקרייך, לאַדט אים איין קיין פּאַריז אויף דער קאַטעדרע פון העברעאיש אין אוני־ווערסיטעט. אליהו זאָגט זיך אָפּ פון דעם כבוד. אפשר איז אים נישט געווען אָנגענעם צו זיין אַ פּריווילעגירטער אין דער הויפּטשטאָט פון אַ לאַנד פון וואַנען יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן זייט 1394?

זיין מנוחה און זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט האָט זיך פּלוצלונג איבער־געריסן צוליב דער „סאקא די ראָמאַ". אין יאָר 1527 האָבן די אַרמייען פון קאַרל דעם פינפטן איינגענומען רוים און געמאַכט דאָרטן אַ שרעקלעכן חורבן. די געדונגענע שפּאַנישע און דייטשישע סאָלדאַטן האָבן גרינטלעך אויסגערויבט די שטאָט. דער הומאַניסטן־צענטער ווערט צעשטערט. אונדזער אליהו פאַרלירט אין דער מהומה זיין גאַנץ פאַרמעגן און אַ סך פון זיינע מאַנוסקריפּטן (צום צווייטן מאָל!) און מוז אַנטלויפן פון שטאָט. ער קומט צוריק קיין ווענעציע און ווערט אַ קאָרעקטאָר אין דער יידישער דרוקעריי פון דעם קריסטלעכן פאַרלעגער דניאל בראָמבערג. ער זעצט איבער אויף יידיש דעם תהילים און שרייבט אַנדערע ווערק. ער קומט קיין איסני, און אין דער ניי־געעפנטער דרוקעריי פון דעם קריסטלעכן געלערנטן פּאַולוס פאַגיוס פאַרעפנטלעכט ער זיין בבא־בוך ווי אויך דאָס ערשטע יידיש־טייטשע ווערטערבוך ספר התשבי (ווירטענבערג, דייטשלאַנד). אַ גוט אויפגעהיטער עקזעמפּלאַר פון ספר התשבי געפינט זיך אין דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל.

זייער אינטערעסאַנט איז די הקדמה צום בבא־בוך, וואו דער מחבר דער־ציילט וואָס עס האָט אים באַוואויגן צו פאַרעפנטלעכן זיינע יידישע ווערק. ער שרייבט:

איך אליהו לוי דער שרייבער
דינער אַלער פרומען ווייבער

די פרויען קענען אויף אים פאַריבל האָבן וואָס ער דרוקט ניט קיין ביכער אויך פאַר זיי, זיי זאָלן שבתים און ימים טובים דרינען לייענען און הנאה האָבן. אָבער ניין ביכער האָט ער געשאַפן אויף דער הייליקער

שפּראַך און זיי פאַרשפּרייט איבער דער וועלט. אַזוי ווי ער איז שוין זאַט אין יאָרן, און היינט אָדער מאָרגן קען ער אַוועקגיין פון דער וועלט

דאָ ווערן אַל מיינע ביכר און מיינע

לידר

פאַרגעסן און געלעגט דר בידר

דעריבער האָט ער זיך פירגענומען און אַרויסגעגעבן דאָס בבא־בוך וואָס ער האָט מיט 34 יאָר צוריק „אויס איינס וועלש בוך געמאַכט". און ער ענדיקט יידישלעך:

חסל מסכת בבא דאַנטונא. דאָס איז געווען אין יאָר 1541.

ד"ר מאַקס וויינרייך האָט אין יאָר 1931 געפונען אין דער צענטראַל־ביבליאָטעק פון ציריך (שווייץ) אַן אויסגעצייכנט אויפגעהיטן עקזעמפּלאַר פון דעם ערשטן דרוק פון בבא־בוך. ביז דעמאָלט האָט מען געוואוסט פון אַ סך אַ שפּעטערדיקן דרוק — פון פּראַג 1660 און אַמסטערדאַם 1661.

אליהו קומט צוריק קיין ווענעציע. ער בענקט שוין נאָך זיין פרוי און נאָך זיין שטאָט, וואָס איז אים געוואָרן אַ צווייטע היים. אין יאָר 1549 פאַר־ענדיקט ער זיין אינטענסיוו, אינטערעסאַנט לעבן.

זיין צונאָמען בחור שטאַמט פון זיין גראַמאַטיק: ספר הבחור. אונדז איז באַוואוסט אַז ער האָט געהאַט אַ ווייב, און אַז אין 1495 איז אים געבוירן געוואָרן אַ זון, וואָס מ'האָט אים גערופן יהודה הלוי. ער האָט אַ טאָכטער חנה. זיינע צוויי אייניקלעך פון דער טאָכטער האָבן זיך געשמדט, צום גרויסן צער פון זייער מוטער. ביידע זיינען געוואָרן קאַטוילישע גייסטלעכע. איינער פון זיי איז געוואָרן אַ יעזואיט און אַזאַ שונא ישראל, אַז ער איז ספּעציעל געפאָרן צום פּויפּסט יוליוס דעם דריטן מיט דער מסירה אַז אין תלמוד גע־פינען זיך ערטער וואָס באַליידיקן די קריסטלעכע רעליגיע. 4 יאָר נאָך אליהוס טויט, 1553 אום ראש השנה, האָבן די שלוחים פון דער אינקוויזי־ציע געבישטערט איבער אַלע יידישע הייזער פון רוים, ווענעציע, פּאַדואַ, פעראַראַ און אַנד., צוגענומען אַלע ספרים פון תלמוד און זיי עפנטלעך פאַר־ברענט. אַ חלק אין דעם האָט געהאַט אליהו בחורס אייניקל, דער יעזואיט סאַלאָמאָן ראָמאַנאָ (גרעץ, ב. 4, זייט 564, ענגלישע אויסגאַבע).

אַנאַליזירנדיק אַלע פאַקטן וועגן אליהו בחור קענען מיר איינטיילן זיין לעבן אויף צוויי תקופות: אין דער ערשטער תקופה ביז 1514 פאַרברענגט ער אין אַ יידיש־אשכנזישער סביבה. ער שאַפט דעמאָלט זיינע לידער און

ראָמאַנען, און שטעלט זיך אַן אייביקן מאָנומענט ווי איינער פון שאַפערס פון דער וועלטלעכער יידישער ליטעראַטור.

אין דער צווייטער תקופה געפינט ער זיך אין אַ קריסטלעכער סביבה פון געלערנטע הומאַניסטן, לעבט אין רוים, גיט זיך אָפּ אינטענסיוו מיט זיין ווייסנשאַפטלעכער אַרבעט ווי אַ גראַמאַטיקער. ער שאַפט ניט קיין ליטעראַרישע ווערק אויף יידיש. די איטאַליעניש יידן האָבן זיך אין זיינע איבערזעצונגען ניט געניוויטיקט. זיי האָבן די ריטער־ראָמאַנען געלייענט אין איטאַליענישן אָריגינאַל.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איילט ער זיך פיבערדיק אַרויסצוגעבן זיינע ווערק, די יידישע בתוכם, כדי זיי זאָלן ניט פאַרגעסן ווערן. מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז בלויז אַ טייל פון זיינע ווערק איז צו אונדז דערגאַנגען.

די מעשה פון אַ הערצאָגס אַ זון בואווא איז אין משך פון יאָרהונדערטער געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין מערב־אייראָפּע אויף פאַרשיידענע שפּראַכן. אליהו בחורס בבא־בוך איז אַן איבערזעצונג, גיכער אַן אויטאָריזירטע באַאַרבעטונג פון דעם איטאַליענישן אָריגינאַל (טאָסקאַנישע ווערסיע). אין איטאַליעניש האָט עס 1400 סטראָפעס צו אַכט שורות. דאָס יידישע בבא־בוך איז געקירצט אויף 600 סטראָפעס, געגראַמט לויטן שליסל אבאבאבגג, דאָס הייסט די ערשטע שורה גראַמט זיך מיט דער דריטער און פינפטער. די צווייטע — די צווייטע — מיט דער פערטער און זעקסטער. די זיבעטע און אַכטע שורות האָבן באַזונדערע גראַמען. דאָס רופט זיך אָטאַווא רימא (געגראַמטע אָקטאַווע).

אין דעם יידישן טעקסט זיינען אויסגעלאָזן אַ סך פּרטים וואָס האָבן אַ ספּעציעל קריסטלעכן כאַראַקטער, ווי אויך איינצלהייטן וועגן די ריטער־קאַמפן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין באַזונדערן אינטערעס פאַרן יידישן לייענער אָדער לייענערין. דערביי האָט אונדזער אליהו אין אַ סך ערטער פאַריידישט די פאַבולע, געגעבן פאַרגלייכונגען פון תנ״ך, וואָס האָט די מעשה געמאַכט צוציענדיקער פאַרן יידישן עולם.

בקיצור איז דער ספּור המעשה אַזוי:

דער לאָמבאַרדישער הערצאָג גוואַווראַן האָט חתונה מיט אַ יונגער און שיינער פרוי, און ביי זיי ווערט געבוירן אַ זון בבא. די יונגע פרוי רעדט איין איר געליבטן, הערצאָג דאָדאָ ער זאָל דערהרגענען איר אַלטן מאַן און

חתונה האָבן מיט איר. דער פאַרברעכן ווערט אויסגעפירט. דער יונגער הערצאָג האָט חתונה מיט בבאס מוטער, און נעמט זיך צום יינגל. ער וויל אויך אים טויטן. דורך אַ צופאַל גיט זיך איין בבאן צו אַנטלויפן. ביים ברעג ים ווערט ער געפאַנגען פון שיפסלייט, זיי פאַרקויפן אים פאַר אַ קנעכט צום קעניג אַרמיניאַן. דרוזיינע, דעם קיניגס טאָכטער, פאַרליבט זיך אין דעם יונגן קנעכט. נאָך דעם ווי בבא ווייזט אַרויס כלערליי העלדישקייטן איז דער קיניג מסכים צו געבן אים זיין טאָכטער פאַר אַ פרוי. אָבער בבאס שונאים פירן קעגן אים אינטריגעס. ער ווערט געפאַנגען פון דעם סולטאַן. ער אַנטלויפט פון געפאַנגענשאַפט, קומט צוריק צום קיניג פון אַרמיניאַן אין דעם זעלביקן טאָג ווען דרוזיינע דאַרף חתונה האָבן מיט אַן אַנדערן. בבא נעמט אַוועק זיין געליבטע, און נאָך פאַנטאַסטישע אַוואַנטורעס און גע־שעענישן קומט ער מיט איר אין זיין קעניגרייך. ער דערהרגעט דעם מער־דער פון זיין פאָטער, זיין פאַרברעכערישע מוטער פאַרשיקט ער אין אַ קלויס־טער, און לעבט גליקלעך מיט דרוזיינען ביזן סוף פון זיינע יאָרן.

נאָך דעם ווי אליהו בחור פאַרענדיקט די שפּאַנענדיקע געשיכטע גיט ער צו זיין אייגענע אָקטאַווע אויף אַן עכט יידישלעך־טראַדיציאָנעלן אופן:

אין (גאָט) זאָל אונדז דערלייזן אויס אונדזער פּיין
און זאָל אונדז די גענאָד געבן
דאָס מיר אַל זאָלן זוכה זיין
משיח־צייט צו דערלעבן
דער זאָל אונדז פירן קיין ירושלים אַריין
אָדער ערגעץ אין אַ דערפל דערנעבן
און זאָל אונדז דאָס בית המקדש ווידער בויען
אמן וכן יהי רצון ,אמן טרויען.

(אָרטאָגראַפיע מאָדערניזירט)

ד״ר י. צינבערג אין זיין אויסגעצייכנטן אַנאַליז פון אליהו בחורס שאַ־פונגען אין יידיש שרייבט: „דאָס בבא־בוך איז געוואָרן איינס פון די פּאָפּו־לערסטע ווערק ביים יידישן לייענער־פּובליקום. מען האָט עס איבערגעדרוקט אין משך פון הונדערטער יאָרן, און ווען דער געשמאַק פון דעם יידישן לייענער־עולם האָט זיך שטאַרק געענדערט, און געענדערט צום שלעכטן אויף אַזוי ווייט, אַז דער רענעסאַנס־איטאַליע געשאַפענער ריטער־ראָמאַן האָט זיך שוין געפונען אין אַ צו שאַרפן קאָנטראַסט מיט דעם פויליש־יידישן געטאָ

פון 18טן יאָרהונדערט — איז דער אין סטאַנסן־פאַרפאַסטער בבא־בוך מגולגל געוואָרן אין אַ פּראָזאַאיש פאַנטאַסטישער בבא־מעשה און אין דער דאָזיקער פאָרם אויסגעהאַלטן אַ גרויסע צאָל אויסגאַבעס, און געוואָרן אַזוי פּאָפּולער אַז דער אויסדרוק באָבע־מעשה איז געוואָרן אַ שם דבר, אַ סימבאָל פון אומ־גלויבלעכע פאַנטאַסטישע געשיכטעס. אין ווילנע אַליין זיינען צווישן 1824 און 1860 דערשינען ניין אויפלאַגעס פון דעם ביכל (אין אַ פּראָזאַאישער פאָרם, שטאַרק געענדערט). מסתמא האָט מען אין וואַרשע און ווילנע איבער־געדרוקט אַלע יאָר ביז די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דער צווייטער ראָמאַן זיינער הייסט פּאַריז און וויענאַ. דאָס זיינען נישט קיין נעמען פון שטעט, נייערט נעמען פון מענטשן. וויענאַ איז אַ יונגע מיידל, פאַרשטייט זיך, אַ קיניגס אַ טאָכטער, און פּאַריז איז אַ יונגער ריטער, וואָס דינט ביים קיניג. ביידע יונגע מענטשן פאַרליבן זיך שטערבלעך. אָבער דעם קיניג פּאַסט ניט דער יחוס. פּאַריז פאַרלאָזט דעם קיניגלעכן הויף, און וויענאַ ווערט פאַרקנסט צו אַ הערצאָג. די צוויי ליבנדיקע הערצער זיינען צעוויי־טיקט. אָבער נאָך אַ גאַנצע ריי וואונדערלעכע געשעענישן און העלדישע אויפטוען פון פּאַריזן, און אַ דאַנק דער אויסערגעוויינלעכער שטאַנדהאַפטי־קייט פון וויענאַן, וואָס בלייבט געטריי איר געליבטן, ענדיקט זיך די מעשה מיט אַ גליקלעכן סוף. די ליבנדיקע הערצער ווערן פאַראייניקט און עלטערן זיך אין עושר און אין כבוד.

פּאַריז און וויענאַ איז אויך געשריבן אין אָטאַווא רימא, איז נאָך פער־פעקטער אין פאָרם און קינסטלערישער ווי דאָס בבא־בוך, הגם נישט אַזוי לעבעדיק און שפּאַנענדיק.

אין דער נייער ידישער ליטעראַטור האָט בלויז איינער — יוסף אָפּאַ־טאָשו — זיך צוגערירט צו דער טעמע, און עס האָט זיך באַקומען אַ פּרעכ־טיק בילדל פון דעם אַלטן „מייזנסטער" — אליהו בחור (אין זיין קינסטלע־רישער דערציילונג : אַ טאָג אין רעגנסבורג).

עס וואָלט געווען אַ יושר אַז אונדזערע שרייבערס און פּאָעטן זאָלן נע־מען אויף זיך דעם אויפגאַב קינסטלעריש צו שילדערן די רענעסאַנס־עפּאָכע, ווי אויך די פערזענלעכקייט פון דעם לעצטן ידישן שפּילמאַן און מייסטער פון דעם אַלט־ידישן ראָמאַן.

# די אַפּאָקריפן

די אַפּאָקריפן (די באַהאַלטענע) אָדער הספרים החצונים (די אויסנוויי־ניקסטע) זיינען די ספרים וועגן דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, זיין עטיק און די מעשיות מיט אַ מאָראַל, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן פון יידישע שרייבערס אין העברעאיש אָדער אין גריכיש אין פאַרשיידענע צייטן. די דאָזיקע ספרים זיינען אָבער ניט אַריין אין דעם באַשטאַנד פון פאַר׳חתמ׳עטן, קאַנאָניזירטן תנ״ך צוליב פאַרשיידענע סיבות. מיר וואָלטן זיך קיינמאָל נישט דערוואוסט פון זייער עקסיסטענץ, ווען זיי וואָלטן ניט אַריינגענומען געוואָרן אין דער ביבל פון די קריסטן אין גריכיש אָדער לאַטייניש אין די שפּעטער־דיקע יאָרהונדערטער צוזאַמען מיטן נייעם טעסטאַמענט, ד״ה די ביכער וועגן יעזוס קריסטוס, זיין תורה, און וועגן זיינע תלמידים די אַפּאָסטאָלן (שליחים).

אונדזער תנ״ך — די קריסטן רופן אים אָן דער אַלטער טעסטאַמענט אָדער די הייליקע שריפטן — באַשטייט פון 24 ספרים (עשרים וארבעה) און איז צעטיילט אויף דריי טיילן: תורה, נביאים, כתובים. די הייליקייט פון די דריי טיילן איז פון שטייגנדיקער גראַדאַציע, ד״ה די פינף ספרים פון דער תורה (דער חומש) זיינען ביי יידן דער הייליקסטער טייל פון תנ״ך. די כתובים (שריפטן) זיינען דער צום ווייניקסטן פאַרהייליקטער טייל.

אין תנ״ך ווערט, ווי באַוואוסט, דערציילט וועגן דער געשיכטע פון יידישן פאָלק פון די אור־אַלטע צייטן ביז כורש, דער מלך פון פערסיע, וואָס האָט דערלויבט די יידן פון זיין קיניגרייך זיך אומצוקערן קיין ארץ־ישראל נאָך דעם חורבן בית ראשון (פון ערשטן בית־המקדש) און גלות בבל (538 פאַר דער אַלגעמיינער צייט־רעכענונג). די לעצטע פסוקים פון תנ״ך (דברי הימים ב, כב־כג) דערציילן וועגן דער דאָזיקער היסטאָרישער געשעעניש. מיט די זעלביקע ווערטער הייבט זיך אָן דער ספר עזרא:

„און אין ערשטן יאָר פון כורש דעם מלך פון פּרס, אַז עס איז אויסגעפירט געוואָרן דאָס וואָרט פון גאָט דורך ירמיהוס מויל, האָט גאָט דערוועקט דעם גייסט פון כורש דעם מלך פון פּרס, און ער האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף אין זיין גאַנצן קיניגרייך, און אויך דורך אַ געשריפטס אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט כורש דער מלך פון פּרס: אַלע קיניגרייכן פון דער ערד האָט

מיר געגעבן ה׳, דער גאָט פון די הימלען; און ער האָט מיר באַפוילן אים צו בויען אַ הויז אין ירושלים וואָס איז אין יהודה; ווער עס איז דאָ צווישן אייך פון זיין גאַנצן פאָלק, זאָל ה׳ זיין גאָט זיין מיט אים און ער זאָל אַרויפגיין״ (איבערזעצונג פון יהואָש).

אָבער אין די וויטערדיקע יאָרהונדערטער זיינען פאָרגעקומען וויכטיקע געשעענישן אין נאָענטן מזרח, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויפן גורל פון די יידן אין ארץ־ישראל, ווי דער אויפקום פון אַלעקסאַנדער מוקדונס אימ־פּעריע און איר צעפאַלונג. אין רעזולטאַט דערפון איז ארץ־ישראל געוואָרן אַ פּאָליטישער און מיליטערישער קאָמפּלאַץ צווישן די סעלעווקידן און די פּטאָלאָמייער — די הערשערס פון סיריע און פון מצרים אין 3טן און צווייטן י״ה פאַר דער אַלגעמיינער צייט־רעכענונג; וועגן דעם אויפשטאַנד פון די חשמונאים און דער זעלבשטענדיקייט פון יהודה; וועגן דער ממשלה פון הורדוסן און וועגן דער יידישער מלחמה קעגן דער רוימישער הערשאַפט.

וועגן אָט די אַלע אויסערגעוויינלעך־וויכטיקע היסטאָרישע געשעענישן ווערן אין די יידישע ספרים נאָכן תנ״ך ניט דערמאָנט, אַחוץ עטלעכע פאַר־נעפּלטע אָנדייטונגען אין ספר דניאל, וואָס איז געווען מסתמא פון די לעצטע ספרים וואָס זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין תנ״ך. וועגן די אַלע פאַקטן, וואָס האָבן געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָליע אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, דערוויסן מיר זיך פון די ווערק פון דעם יידישן היסטאָריקער יוסף בן מתתיהו (יאָזעפוס פלאַוויוס) „די יידישע אַלטערטימער״, „די יידישע מלחמות״ און „קעגן אַפּיאָן״. ער איז געווען אַן עדות פון דער צעשטערונג פון ירושלים דורך די רוימער און פון דעם סוף פון דער יידישער פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט, אין יאָר 70 פון דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג.

עס איז שווער צו גלייבן, אַז עס האָבן זיך נישט געפונען קיין יידישע שרייבערס וואָס זאָלן דערציילן וועגן אַזאַ היסטאָרישער געשעעניש ווי דער חשמונאים־אויפשטאַנד קעגן די סירישע גריכן, און וועגן דעם אויפקום פון דער זעלבשטענדיקער יידישער מלוכה מיט שמעון הנשיא פון דער חשמונאים־משפחה ווי איר פירער.

דער אמת איז, אַז געשיכטלעכע און רעליגיעזע ספרים, הוספות צום תנ״ך, פאַנטאַסטישע דערציילונגען וועגן „דעם סוף פון די טעג״, ווי אין ספר דניאל — זיי ווערן אָנגערופן די אַפּאָקאַליפּטישע ליטעראַטור — זיינען געשריבן געוואָרן אין דער נאָך־ביבלישער תקופה, און זיי זיינען צו אונדז ניט דערגאַנגען.

מען קאָן עס אויך זען פון דעם זאָג אין קהלת, קאַפּיטל יב, פּסוק יב: „און ווייטער, מיין זון, זיי געוואָרנט: צו מאַכן פיל ספרים איז ניטאָ קיין ענד, אָבער זיך גריבלען צו פיל מאַטערט אָפּ דאָס לייב״.

דער ספר קהלת, וואָס די טראַדיציע שרייבט אים צו צו שלמה המלך, איז אין דער אמתן אַ פּראָדוקט פון דער נאָך־ביבלישער תקופה, לערך אין אָנהייב פון צווייטן י״ה פּ.ק.ג., ווי עס האָבן באַוויזן אַ רייע געלערנטע נאָכן אַנאַליזירן דעם ספר שפּראַכלעך און לויטן אינהאַלט, וואָס איז פול מיט סקעפּטיציזם (הבל הבלים, הכל הבל) און אומגלויבן אין השארת הנפש, ווי אויך לויט אַנדערע סימנים. און דעריבער האָבן אים טאַקע די פּרושים געוואָלט איבער־געבן לגניזה (באַהאַלטונג), אָבער ווייל דער מחבר האָט אין ערשטן פּסוק פון זיין ספר אָנגעשריבן: דברי קהלת בן דוד מלך בירושלים, און סיי דער נאָמען, סיי די קלוגע רייד פון דעם ספר זיינען שטאַרק פּאָפּולער געווען ביי די שפּעטערדיקע דורות יידן (אַזעלכע ספרים זיינען געווען אויך ביי די גריכן און ביי די פעלקער פון מזרח, און זיי זיינען געווען באַקאַנט ווי חכמה־ביכער), איז קהלת קאַנאָניזירט געוואָרן אין תנ״ך, אין די כתובים צווישן די „מגילות״. דער היסטאָריקער גרעץ האַלט אַפילו, אַז קהלת שטאַמט פון הורדוסעס צייטן (ערשטער י״ה פּאַר ק. ג.).

אַ מוסטער פון אַ גרונטיקער היסטאָרישער דערציילונג זיינען די חשמו־נאים־ספרים א׳ און ב׳, אָדער די מקבים, ווי זיי רופן זיך אין העברעאישן טעקסט, באַזונדערס דאָס ערשטע בוך. אין די מקבים־ביכער ווערט גענוי דערציילט וועגן די געשעענישן אין אָריענט צו דער צייט פון אַלעקסאַנדער מוקדון און נאָך זיין טויט, ווען די אימפּעריע איז צעטיילט געוואָרן צווישן זיינע „קנעכט״ — די גענעראַלן פון זיינע אַרמייען. דער שרייבער גייט גלייך אַריבער צו דער תקופה פון אַנטיוכוס, דעם קיניג פון סיריע, און באַשרייבט דעם אויפשטאַנד פון די חשמונאים, די העלדישקייט פון יהודה, די נצחונות איבער די סירישע אַרמייען, דאָס צוריק אָפּנעמען די שטאָט ירושלים און דאָס פייערן דעם יום־טוב חנוכה אַכט טעג.

ספר המקבים א׳ דערציילט ווייטער וועגן די מלחמות און וועגן דעם ענד־גילטיקן נצחון איבער די סיריער: ווי שמעון, דער זון פון מתתיהו, איז געוואָרן דער נשיא פון דער זעלבשטענדיקער מלוכה, וועגן די פּאָליטישע אָפּמאַכן פון די רוימער און גריכן מיט דער יידישער מדינה. דער ספר ענדיקט זיך מיט דעם פאַררעטערישן מאָרד פון יוחנן, שמעונס זון.

דער אומבאַקאַנטער מחבר פון חשמונאים א׳ איז געווען זייער אַ טאַלענ־טירטער שרייבער. לויט אים זיינען אין דעם אויפשטאַנד קיין איבערנאַטיר־לעכע פּאַסירונגען און ניסים נישט פאָרגעקומען. בלויז די העלדישקייט פון די פירערס און דער פּאַטריאָטיזם פון די קעמפּערס האָבן געבראַכט דעם זיג און האָבן דערפירט צו דער זעלבשטענדיקייט פון דער יידישער מלוכה.

די תלמודישע ליטעראַטור, וואו עס קומט צום אויסדרוק דער קוק פון די פּרושים אויף דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט, האָט די היסטאָרישע פּאַסי־רונג פון דעם אויפשטאַנד און קאַמף פון די יידן אונטער דער אָנפירונג פון די חשמונאים דערפירט בלויז צום נס מיט די בוימל אין בית־המקדש, וואָס ווערט גאָרנישט דערמאָנט אין די ספרים א׳ און ב׳.

די און אַ גאַנצע רייע אַנדערע ספרים זיינען נישט איינגעשלאָסן געוואָרן אין דעם תנ״ך, וואָס איז פאַרהייליקט געוואָרן פון די יידן, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז זיי זיינען ניט געשריבן געוואָרן מיט דעם רוח־הקודש. הגם וועגן אייניקע ספרים, וואָס זיינען צום סוף יאָ אַריינגענומען געוואָרן אין תנ״ך, איז אָנגעגאַנגען אַ שאַרפער וויכוח וועגן זייער הייליקייט. קהלת, שיר השירים און יחזקאל האָבן אַ טייל יידישע געלערנטע פון יענער צייט געוואָלט פאַרמשפּטן צו „גניזה״, דאָס הייסט, פאַרבאַהאַלטן און פאַרווערן זיי צו לייענען.

די אַלע ספרים פון די אַפּאָקריפן, וואָס זייער צאָל איז צוויי און צוואַנציק (צוזאַמען מיט די פּסעוודאָ־עפּיגראַפן, ד. ה. ביכער וואָס זיינען צוגעשריבן געוואָרן צו פאַרשיידענע מחברים אָדער צו ביבלישע פּערזענלעכקייטן), זיינען פון די יידישע געלערנטע דערקלערט געוואָרן פאַר ספרים חצונים, וואָס זיינען אויסער דעם קאַנאָן פון תנ״ך, ווייל זיי זיינען געשאַפן געוואָרן שפּעטער, און ווייל זיי האָבן אויסגעדריקט געדאַנקען און מיינונגען, וואָס זיינען געווען אין סתירה צו די אָנגענומענע יסודות פון דער יידישער רעליגיע לויט דער מיינונג פון די פּרושים אין דער תקופה פון בית שני. דערנאָך האָט מען זיי פאַרווערט צו לייענען.

זיי וואָלטן מיט דער צייט פאַרלאָרן געגאַנגען, אָבער זיי האָבן זיך אויפ־געהיט אין דער גריכישער איבערזעצונג פון דער „סעפּטואַגינטאַ״. וועגן דער סעפּטואַגינטאַ, אָדער דער איבערזעצונג פון די זיבעציק, ווערט געענוי דער־ציילט אין דעם „בריוו פון אַריסטעאַס״, וואָס איז אויך אַ טייל פון די אַפּאָקריפן, אין דער צייט פון מצרישן קיניג פּטאָלאָמעאוס פילאדעלפוס וואָס האָט געלעבט אין 3טן יאָרהונדערט פאַר דער אַלגעמיינער צייט־רעכענונג. לויט דעם „בריוו״

האָט דער ביבליאָטעקאַר פון קיניגלעכן הויף, מיט דער דערלויבעניש פון קיניג, פאַרבעטן 72 געלערנטע זקנים פון ירושלים וואָס האָט גוט געקענט העברעאיש און גריכיש, זיי זאָלן איבערזעצן דעם תנ״ך אויף גריכיש פאַר דער קיניגלעכער ביבליאָטעק. זיי זיינען אויפגענומען געוואָרן פון קיניג אין אַלעקסאַנדריע מיט גרויס פייערלעכקייט, און מ׳האָט זיי באַזעצט אין אַ פּאַלאַץ אויף אַן אינדזל אין 72 באַזונדערע צימערן, און זיי האָבן איבערגעזעצט די תורה. אַלעמענס איבערזעצונג האָט געשטימט אות אין אות.

אָבער די ערשטע און פולשטענדיקע איבערזעצונג פון תנ״ך אויף גריכיש איז ניט געמאַכט געוואָרן אין 72 טעג, ווי עס ווערט געזאָגט אין אריסטעאסעס בריוו, נאָר דאָס האָט געדויערט איבער 100 יאָר און איז פאַרענדיקט געוואָרן אַרום 150 יאָר פ.ק.ג. פאַר די יידן פון מצרים, וואָס האָבן שוין ניט פאַר־שטאַנען קיין העברעאיש און האָבן נישט גערעדט קיין אַראַמיש, וואָס איז געווען די „לינגוואַ פראַנקאַ״ אין גאַנצן אָריענט. זייער אומגאַנג־ און קולטור־שפּראַך איז שוין געווען גריכיש, וואָס איז נאָך אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער מוקדון געוואָרן די הערשנדיקע שפּראַך אין דער גריכישער אימפּעריע. אין מצרים איז געווען אַ גרויסער און רייכער יידישער ישוב בעת ארץ־ישראל איז נאָך געווען אַ זעלבשטענדיקע מלוכה אונטער די חשמונאים, און שפּעטער אונטער דער רוימישער הערשאַפט.

לכתחילה זיינען די יידישע געלערנטע געווען צופרידן וואָס דער תנ״ך איז צוליב דער איבערזעצונג באַקאַנט געוואָרן אין דער וועלט (עס איז אַריינ־געבראַכט געוואָרן די שיינקייט פון די גריכן אין די יידישע געצעלטן — יפיפותו של יפת באהלי שם), אָבער נאָך דער אַנטשטייאונג פון קריסטנטום, ווען די פאַרשפּרייטערס פון דעם נייעם גלויבן האָבן זיך באַנוצט מיט דער סעפּטואַגינטאַ, און האָבן אין די פּסוקים פון תנ״ך „אַריינגעטייטשט״ דאָס דערשיינען פון ישוע הנוצרי, און אַז די נביאים האָבן שוין פאַרויסגעזען דאָס קומען פון דעם „דערלייזער און גאָטס זון״, האָבן די יידישע געלערנטע זיך אָפּגעקערט פון דער גריכישער איבערזעצונג פון תנ״ך און האָבן פאַרווערט די יידן פון דער וועלט צו באַנוצן זיך מיט איר.

אָבער די סעפּטואַגינטאַ האָט אַריינגעפירט די תורה און די רייד פון די נביאים, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן פון אַ קליינעם פאָלק אין אַן אָרעמען לאַנד, אין דער גרויסער ציוויליזירטער וועלט פון דער גריכישער און רוי־מישער אימפּעריע. און די ערשטע אַפּאָסטאָלן (שליחים), די נייע קריסטלעכע

מיסיאָנערן, וואָס זיינען געווען יידן, האָבן פאַרשפּרייט די נייע רעליגיע און די הייליקע שריפטן אין די שטעט פון קליין־אַזיע און פון גריכנלאַנד, וואו עס האָבן געלעבט היידן און גריכיש־ריידנדיקע יידן. שפּעטער זיינען געמאַכט געוואָרן איבערזעצונגען פון תנ״ך אויף אַראַמיש — תרגום אונקלוס און פון יונתן בן עוזיאל — ווייל די אַראַמישע שפּראַך האָבן די יידן אין די פאַר־שיידענע לענדער אַרום מיטללענדישן ים (ארץ־ישראל איינגעשלאָסן) געקענט בעסער ווי העברעאיש. דער תרגום איז אַריינגענומען געוואָרן אין די ספרים פון תנ״ך פּאַראַלעל מיטן העברעאישן טעקסט, און די פרומע יידן זיינען נאָך ביז היינטיקן טאָג מעביר די סדרה פון דער וואָך אַלע פרייטיק שנים מקרא ואחד תרגום — צוויי מאָל דעם פסוק אין העברעאיש און איין מאָל אין תרגום, ד. ה. אין דער אַראַמישער איבערזעצונג.

אין די אייראָפּעאישע לענדער זיינען, מיט דער אַנטוויקלונג פון קריסטנ־טום דאָרטן, די הייליקע שריפטן איבערגעזעצט געוואָרן אויף לאַטייניש. אַ קריסטלעכער געלערנטער מאָנאַך היעראָנימוס (סעינט זשעראָם), געבאָרן 337, געשטאָרבן 420 נ.ק.ג., געווען אַן אויסגעצייכנטער קענער פון דער לאַ־טיינישער שפּראַך און ליטעראַטור, איז באַפּולמעכטיקט געוואָרן פון דעם דעמאָלטיקן פּויפּסט צו איבערזעצן דעם תנ״ך אויף לאַטיין. ער איז צוליב דעם געפאָרן קיין ארץ־ישראל, און האָט זיך אויסגעלערנט העברעאיש ביי די דאָרטיקע יידישע געלערנטע.

סט. זשעראָמס איבערזעצונג פון תנ״ך איז געוואָרן די אָפיציעלע לאַטיי־נישע ווערסיע פון דער ביבל פאַר דער קאַטוילישער קירכע. די קריסטלעכע ביבל נעמט אַריין אונדזער תנ״ך — דעם אַלטן טעסטאַמענט — און דעם נייעם, ווי אויך די וויכטיקסטע ספרים פון די אַפּאָקריפן, און אַזוי זיינען זיי באַקאַנט געוואָרן אין דער קאַטוילישער וועלט. סט. זשעראָמס ביבל הייסט וואולגאטא.

אַ סך געלערנטע האַלטן, אַז דאָס רוב פון די אַפּאָקריפן־ספרים זיינען אָריגינעל געשריבן געוואָרן אין העברעאיש אָדער אַראַמיש, הגם צו אונדז זיינען זיי דערגאַנגען אין גריכיש, לאַטייניש אָדער סיריש און קאָפּטיש. היעראָנימוס — סט. זשעראָם — האָט נאָך געזען אייניקע ספרים אין העב־רעאיש. אין זיין לאַטיינישער איבערזעצונג האָט ער זיך אויך באַנוצט מיט דער סעפּטואַגינטאַ און מיט אַנדערע מקורים.

וועגן איין ספר האָבן מיר זיכערע ידיעות ווער דער מחבר איז, און אַז ער האָט אים געשריבן אין העברעאיש. דאָס איז דער ספר דברי בן סירא, אָדער ווי ער ווערט גערופן לויט דעם מחבר בן סירא. דאָס איז דער ספר פון די אַפּאָקריפן, וואָס צום סוף פון זיין לעצטן קאַפּיטל ווערט געזאָגט: „עד הנה דברי שמעון בן ישוע שנקרא בן סירא" (ביז דאַנען זיינען די רייד פון שמעון בן ישוע וואָס ווערט גערופן בן סירא). דער גריכישער איבערזעצער האָט צוגעגעבן: די חכמה פון שמעון דעם זון פון ישוע, דעם זון פון אליעזר בן סירא.

דער ספר ווערט צוגערעכנט צו דער חכמה־ליטעראַטור, ווי משלי און קהלת, וואָס זיינען יאָ אַ טייל פון תנ"ך. פון דעם טעקסט דערוויסן מיר זיך, אַז שמעון בן סירא איז געווען אַן איינוואוינער פון אַ גרויסער שטאָט, וואָר־שיינלעך פון ירושלים, אַ מאַן פון ברייטן וויסן, אַ טיף רעליגיעזער און פון אַלזייטיקע פאַראינטערעסירונגען. זיין אייניקל, וואָס האָט אויך געלעבט אין צווייטן י"ה פּ.ק.ג., האָט עמיגרירט קיין אַלעקסאַנדריע של מצרים, און האָט דאָרטן איבערגעזעצט דאָס ווערק פון זיין זיידן אויף גריכיש — די אומגאַנג־און קולטור־שפּראַך פון די דאָרטיקע יידן. סענטענצן און אַפּאָריזמען פון ספר בן סירא ווערן ציטירט אין תלמוד, און ר' סעדיה גאון, וואָס האָט געלעבט אין 10טן יאָרהונדערט, רעדט וועגן דעם ספר מיט גרויס לויב. דער העברע־אישער טעקסט פונעם ספר איז פאַרשוואונדן געוואָרן אויף כמעט טויזנט יאָר. ערשט אין 1896 האָט דער געלערנטער זלמן (סאָלאָמאָן) שעכטער, פּראָפעסאָר פון רבנישער ליטעראַטור אין קעימברידזשער אוניווערסיטעט, דערקענט פון אַן אַלטן כתב־יד דעם טעקסט פון בן סיראס העברעאישן ספר.

בשעתו האָט דאָס געשאַפן אַ סענסאַציע צווישן די יידישע געלערנטע פון דער וועלט. בקיצור איז די מעשה אַזאַ: צוויי עלטערע ענגלישע פרויען, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון זייער רייזע אין נאָענטן מזרח, האָבן מיטגעבראַכט עטלעכע בלעטלעך פון אַ מאַנוסקריפּט אין אַן אומפאַרשטענדלעכער שריפט (פאַר זיי), און האָבן זיי איבערגעגעבן אין קעימברידזשער אוניווערסיטעט. פּראָפעסאָר שעכטער האָט צו זיין גרויסער דערשטוינונג און פרייד דערזען, אַז דער מאַנוסקריפּט איז אַ טייל פון אָריגינעלן העברעאישן בן סירא. גלייך נאָך דעם איז נאָך אַ כתב־יד געפונען געוואָרן אין דער גרויסער באָדלעיאַנאַ־זאַמלונג פון אוניווערסיטעט אין אָקספאָרד. פּראָפעסאָר שעכטער האָט די

מאַנוסקריפּטן איבערגעזעצט אויף ענגליש און זיי פאַרעפנטלעכט אין אַ זשורנאַל.

אין דעם זעלביקן יאָר — 1896 — איז ער, לויט דער רעקאָמענדאַציע און מיט דער הילף פון דעם אוניווערסיטעט, געפאָרן קיין קאַיראָ מיט אַ וויסנשאַפטלעכער מיסיע, נאָך דעם ווי ער האָט געפונען אין די עפנטלעכע ביבליאָטעקן און אין פּריוואַטע זאַמלונגען וויכטיקע מאַנוסקריפּטן, וואָס שטאַמען פון דער קאַירער גניזה. דאָרטן האָבן זיך געפונען דאָקומענטן און טיילן פון ספרים, וואָס זיינען געלעגן באַהאַלטן זיבנט הונדערטער יאָרן.

ער באַשרייבט זיין דראַמאַטישן באַזוך אין דעם גרויסן בוידעם אָן טירן און אָן פענצטער נעבן דער אַלטער שול פון קאַירא, אין זיין אויסגעצייכנטן עסיי פונעם בוך „שטודיעס אין יודאַיזם", 2טע סעריע „אַ באַרג מיט מאַנו־סקריפּטן". נאָך די אוימגעהויערע שוועריקייטן אַריינצוקומען אין דער גניזה, האָט ער שווער, אָנגעשטרענגט געאַרבעט אין אַ ים פון שטויב, אין אַ פינצטערן זאַל מיט צעריסענע, פאַרוואונדיקטע ספרים, בלעטלעך, שמות, כתב־ידן אין העברעאיש און אַראַביש, האָט שעכטער אָנגעפּאַקט זעק מיט לערך 100 טויזנט איינסן פון מאַטעריאַלן, וואָס מ'קאָן גאָר נישט אָפּשאַצן זייער ווערט, און פון זיי שעפּן פאָרשערס מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון יידישן שאַפן אין דער צייט פון די גאונים און פריער.

שמפּעטער האָבן די געלערנטע גאַסטער, ליווי, אַלעקסאַנדער מאַרקס א. אַנד. געפונען אין פאַרשיידענע ביבליאָטעקן און זאַמלונגען (צווישן זיי — אין דער גרויסער ביבליאָטעק פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק אויפן נאָמען פון פּראָפ. שעכטער) נאָך כתב־ידן און פראַגמענטן, וואָס שטאַמען פון דער קאַירער גניזה. ביים היינטיקן טאָג זיינען פאַראַן 1090 העברעאישע טאָפּל־פערזן פון משלי בן סירא פון די 1616 פון גריכישן טעקסט.

דער באַגענעצטער פּלאַץ דערלויבט אונדז ניט צו ציטירן די אינטערע־סאַנטע און באַלערנדיקע ווערטער פון לעבנס־חכמה און מאָראַל, אין סטיל פון ספר משלי און קהלת. מיר וועלן אָבער געבן עטלעכע פערזן פון דעם ספר, כדי צו באַקענען דעם לייענער מיט דער אידייען־וועלט פון דעם מחבר:

## וועגן געטלעכקייט

אַלץ האָט געאָט געשאַן און צו די רעכטפאַרטיקע האָט ער געגעבן חכמה.
גוטס און שלעכטס, לעבן און טויט, אָרעמקייט און רייכקייט איז פון גאָט.

## חכמה אין דעם זינען פון תורה, וויסן, לערנען

פריער פון אַלץ איז באַשאַפן געוואָרן די חכמה. און דאָס וויסן, פאַרשטאַנד איז פון אייביק.

דער זאַמד ביי די ימען, די טראָפּנס פון רעגן און די טעג פון אייביקייט — ווער קאָן ציילן ?

## פריינדשאַפט

וויין און מוזיק דערפרייט דאָס האַרץ, אָבער די ליבע פון פריינד איז העכער פוןביידע.

אַז מ׳וואַרפט אַ שטיין אויף אַ פויגל שרעקט מען אים איבער, אַז מען באַ־לייַדיקט אַ פריינד ווערט פאַרשוואונדן די ליבע.

## פרויען

גליקלעך איז דער מאַן פון אַ גוטער פרוי, און די צאָל פון זיינע יאָרן איז דאָפּלט.
אַ גוטע פרוי איז אַ מתנה, אַ גאָטספאָרכטיקן מאַן ווערט זי געגעבן.
אַ פרוי אַ שרייערקע, אַ ריידערקע איז ווי אַ מלחמה־שופר וואָס דערשרעקט.
ס׳איז בעסער צו וואוינען מיט אַ לייב, מיט אַ שלאַנג ווי צו וואוינען מיט אַ שלעכטער פרוי.

## אָרעמע און רייכע

ווי דער לייב פאַרצוקט אַ ווילדן אייזל אין מדבר אַזוי פרעסט דער רייכער דעם אָרעמאַן.

ווען אַ רייכער מאַן רעדט ווערן אַלע שטיל, און וואָס ער זאָגט דערהייבט מען ביז די הימלען. אַז אַן אָרעמאַן רעדט, זאָגט מען: ווער איז ער ? און אויב ער ווערט געשטרויכלט וואַרפט מען אים אום.

## צדקה און גוטע מידות

זיי ווי אַ פאָטער צו דעם יתום, און אָנשטאָט אַ מאַן צו דער אלמנה, און גאָט וועט דיך רופן: זון און וועט זיין לייטזעליק צו דיר.

נויג איין דיין אויער צום אָרעמען און ענטפער זיין באַגריסונג מיט באַשיידנקייט.

אַנטליי צו דיין חבר ווען ער נייטיקט זיך, און גיב אָפּ דיין חוב צו דער צייט.
העלף דיין פריינד לויט דיינע כוחות און היט דיין נפש פון אַריינפאַלן.

## עלטערן און קינדער

ווער עס גיט אָפּ כבוד זיין פאָטער ווערן פאַרגעבן זיינע זינד ;
ווער עס שעצט זיין מוטער איז ווי ער היט אָפּ אַן אוצר .

זייער פּאָפּולער איז די מעשה וועגן דער העלדישער פרוי יהודית. דאָס איז אַ היסטאָרישער ראָמאַן וועגן אַ שיינער און פרומער פרוי, וואָס האָט געראַטעוועט די יידן פון איר שטאָט פון דעם אַסירישן קריפּספּירער האלאָ־פערנעס. זי האָט מיט איר שיינקייט אים באַצויבערט און אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זי אים דערהרגעט, און האָט דורך דעם באַפרייט די יידן פון אַ גרויסער סכנה.

דאָס בוך טוביה דערציילט אויף אַ קינסטלערישן אופן וועגן אַ מאַן טובי און זיין זון טוביה, וועגן זייערע גוטע מעשים און וועגן זייער באַלוינונג.

עס זיינען דאָך נאָך ספרים וואָס זיינען ווי אַ צוגאָב צום ספר בראשית, ווי אויך קאַפּיטלען וועגן „דעם סוף פון די טעג", זעאונגען וועגן דעם ווייטן אָדער נאָענטן עתיד. די אַלע ספרים פון די אַפּאָקריפן זיינען אַ רעזולטאַט פון שאַפונג־גייסט פון יידישן פאָלק אין די יאָרהונדערטער נאָך דער חתימה פון תנ"ך.

די יידן האָבן זיי ניט געהאַלטן פאַר הייליק, און האָבן זיי גוזר געווען לגניזה, ד. ה. מ'האָט זיי באַהאַלטן, און פאַרווערט צו לייענען צוליב סיבות וואָס מיר האָבן שוין אָנגעוויזן. אָבער זיי זיינען אַ באַשטאַנדטייל פון דער ליטעראַטור וואָס יידן האָבן געשאַפן במשך פון דורות, און זיי דאַרפן אַריינ־גענומען ווערן אינעם אוצר פון דער יידישער גייסטיקייט.

# עזריה די ראָסי און זיין ספר „מאור עינים"

עזריה די ראָסי, אָדער עזריה מן האדומים, איז געווען איינער פון די געלערנטסטע יידן אין איטאַליע פון דער רענעסאַנס־תקופה. ער איז געווען אַ גרויסער קענער פון תלמוד און פון דער תלמודישער ליטעראַטור, און איז געווען באַקאַנט מיט די ווערק פון דער קלאַסישער ליטעראַטור אין לאַטיין, ווי אויך אין גריכיש (פון איבערזעצונגען) און, פאַרשטייט זיך, מיט דער איטאַליענישער ליטעראַטור. ער איז כל ימיו געזעסן על התורה ועל העבודה, געווען אַ שוואַכער און קרענקלעכער, אָבער האָט פאַרמאָגט אַן אומאויפהערלעכן שטרעבן צו וויסן און פאָרשן. זיין קנאַפּע חיונה האָט ער געצויגן פון מעדי־צינישער פּראַקטיק.

די ראָסי איז געבוירן געוואָרן אין מאַנטואַ, צפון־איטאַליע, לערך אין 1514. די שטאָט האָט אין מיטן פון 16טן יאָרהונדערט געהאַט אַ באַטייטיקע יידישע קהילה (1844 נפשות). די רעכטלעכע לאַגע פון די יידן איז געווען אַ גאַנץ גוטע. אין 1554 האָט דער הערצאָג פון מאַנטואַ אַרויסגעגעבן אַ פאַר־אָרדענונג, אין וועלכער עס ווערט געזאָגט: „די יידן זאָלן אין אונדזער שטאָט זיך פאַרנעמען מיט זייערע געשעפטן און מלאכות פריי און אומגעשטערט צוגלייך מיט קריסטן".

יעקב בוכהאַרדט שרייבט אין זיין באַרימטן בוך: „די ציוויליזאַציע פון רענעסאַנס אין איטאַליע", אַז צום הערצאָגלעכן הויף אין מאַנטואַ פלעגן צו־שיקן זייערע ווערק די גרעסטע פּאָעטן פון זייער צייט — אַריאָסטאָ און טאַסאָ. די יידישע קהילה פון דער דאָזיקער שטאָט האָט אַרויסגעגעבן גרויסע גע־לערנטע, ווי יהודי מוסקאַטי, די ברידער פּראָווינציאַלי און אַנדערע.

לויט דער עצה פון זיינעם אַ פריינד, דעם מאַראַן דאָקטאָר אַמאַטוס לוזיטאַנוס, האָט די ראָסי פאַרלאָזן זיין געבורטסשטאָט, צוליבן פייכטן קלי־מאַט, און האָט געוואוינט אין אַנקאָנאַ, באָלאָניע און פעראַראַ. בעת ער איז געווען אין פעראַראַ איז אין שטאָט פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע נאַטור־קאַטאַסטראָפע. דעם 18טן נאָוועמבער 1571 האָט אַ שטאַרקע ערדציטערניש צעשטערט אַ גרויסן טייל פון דער שטאָט, האָט פאַרשאַפט מענטשלעכע


זה השער לה'

זה ספר

מאור עינים

לר' עזריה מן האדומי יצו

והוא נחלק לשלשה חלקים

קול אלהים

הדרת זקנים

אמרי בינה

**שער־בלאַט פון מאור עינים פון עזריה דע ראָסי**
**געדרוקט אין מאַנטואַ, אין יאָר 1574**

קרבנות און גרויסן מאַטעריעלן שאָדן. די באַפעלקערונג — יידן און קריסטן — האָט זיך אין גרויס פּאַניק געלאָזן אין דערפער אויסער דער שטאָט.

עזריה האָט זיך געפונען צווישן די פּליטים, און ער האָט זיך צופעליק באַקענט מיט אַן איטאַליענישן געלערנטן, וואָס איז אויך אַנטלאָפן פון פעראַראַ, און האָט גראָד געלייענט דעם באַרימטן בריוו פון אַריסטעאַס, דעם ערשטן ספר פון די אַפּאָקריפן אין אַ לאַטייניש איבערזעצונג פון גריכיש. אין דעם

בריוו ווערט דערציילט מיט גרויסע גוזמאות וועגן דער פּראַכט פון דעם בית־המקדש, און וועגן דער ערשטער איבערזעצונג פון חומש אין גריכיש דורך 70 (אָדער 72) יידישע געלערנטע זקנים פון ארץ־ישראל פאַר דער ביבליאָטעק פון דעם קיניג תלמי פון אַלעקסאַנדריע של מצרים. די איבער־זעצונג איז באַקאַנט מיטן נאָמען סעפּטואַגינטאַ.

דער איטאַליענישער געלערנטער האָט געפרעגט ביי זיין גלות־פריינד די ראָסי ווי עס קלינגט אַ געוויסער אָרט פונעם בריוו אין העברעאישן טעקסט. עזריה האָט אין גרויס פאַרלעגנהייט געענטפערט, אַז קיין העברעאישער טעקסט פון דעם בריוו עקסיסטירט נישט, און אַז צווישן די יידן איז די גאַנצע העלעניסטישע ליטעראַטור, געשאַפן פון יידישע שרייבערס, אין גאַנצן נישט באַקאַנט. אָט דער עפּיזאָד האָט די ראָסין סטימולירט צו באַקענען די יידן ניט בלויז מיטן בריוו פון אריסטעאַס, נייערט מיט וויכטיקע ווערק פון יידישע שרייבערס, וואָס האָבן געשאַפן אויף גריכיש און לאַטיין — פילא פון אַלעקסאַנדריע (ידידיה האלכסנדרוני) און יאָזעפוס פלאַוויוס (יוסף בן מתתיהו). זיי האָבן געלעבט אין ערשטן יאָרהונדערט פון דער אַלגעמיינער צייט־רעכענונג.

אין 18 חדשים האָט די ראָסי אָנגעשריבן זיין ווערק „מאור עינים", געדרוקט אין מאַנטואַ אין 1574, וואוהין דער מחבר איז צוריק געקומען אַכטונג צו געבן אויף דעם דרוקן פון זיין ספר. דאָס שער־בלאַט פון דער ערשטער אויסגאַבע פון „מאור עינים" לייענט זיך (אין העברעאיש) אַזוי: „זה השער לה'" — דאָס איז דער ספר מאור עינים (באַלויכטונג פון די אויגן) פון ר' עזריה פון האדומים און ער איז צעטיילט אויף דריי טיילן. איינער רופט זיך קול אלקים (גאָטס קול), וואו עס ווערט גערעדט וועגן די שטורעמס וואָס זיינען פאָרגעקומען אין פערראַראַ אין יאָר של"א (1571). דער צווייטער טייל הייסט „הדרת זקנים" (די פּראַכט פון די זקנים". דאָס איז אַ מעשה פון די זקנים וואָס האָבן פאַרטייטשט די תורה פאַרן מלך תלמי, איבערגעזעצט פון גריכיש אויף לאַטיין און פון לאַטיין אויף העברעאיש. דער דריטער טייל הייסט „אמרי בינה" (די רייד פון פאַרשטאַנד), וואָס ווערט צעטיילט אויף פיר מאמרים אין זעכציק קאַפּיטלען וועגן פאַרשיידענע ענינים.

דער אָריגינאַל געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון טעאָלאָגישן סעמי־נאַר פון אַמעריקע, אין ניו־יאָרק. מיר האָבן פאַר זיך די אויסגאַבע פון ווילנע פון 1863, מיט אַ צוגאָב פון „מצרף לכסף" (רייניקער פון זילבער), מיט קריטיק פון באַרימטע רבנים, און תשובות פון דעם מחבר אויף פאַרשיידענע

ערטער פונעם ספר. אין דער ווילנער אויסגאַבע איז אויך דאָ אַן אויספירלעכע ביאָגראַפיע פון די ראָסי, געשריבן פון יום־טוב ליפמאַן (לעאָפּאָלד) צונץ, און אַ ווענדונג פון דעם העברעאישן פּאָעט אד״ם הכהן לעבענזאָהן צו קויפן דעם ספר.

פּראָפעסאָר דב סדן האָט געבראַכט צו מיין אויפמערק, אַז אייזיק־מאיר דיק האָט אָנגעשריבן אויף יידיש אַ קורצע איבערזעצונג פון „הדרת זקנים״.

די באַשרייבונג פון דער ערדציטערניש אין פעראַראַ און זיינע איינדרוקן פון דער געשעעניש זאָגן עדות וועגן דעם באַטייטיקן שילדערישן טאַלאַנט פון דעם מחבר. ער ווענדט זיך צום געלערנטן לייענער (קורא משכיל) מיטן געוויינלעכן סגנון פון די העברעאישע שרייבערס פון יענער צייט: „אמר הצעיר עזריה מן האדומים״, ער אַנטשולדיקט זיך פאַרן לייענער, וואָס ער באַנוצט זיך מיט ניט־יידישע מקורות, וואָס איז דעמאָלט געווען ניט קיין צו אָפטע דערשיינונג. הגם די יידישע מחברים האָבן יאָ ציטירט די ווערק פון ניט־יידישע געלערנטע, ווי דאָן יצחק אברבנאל, וואָס האָט קאָמענטירט די ווערק פון די קריסטלעכע געלערנטע סט. אויגוסטין און סט. זשעראָם; די רבנים פון שפּאַניע און פראַנקרייך, וואָס האָבן געפירט געצוואונגענע וויכוחים מיט די קאַטוילישע גייסטלעכע, און האָבן געמוזט קענען די ווערק פון קריסט־לעכע טעאָלאָגן; די יידישע דאָקטוירים, וואָס האָבן שטודירט אין די אוניווער־סיטעטן פון איטאַליע און פראַנקרייך — אָבער עזריה די ראָסי איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט מיט זיין וואונדערלעכער בקיאות, מיט זיין גראָדן שכל און זיין טיפן פאַרשטאַנד געפּאָרשט ענינים אויף אַזאַ אופן וואָס קיינער האָט ביז אים ניט געטאָן.

לעאָפּאָלד צונץ שרייבט אין דער ביאָגראַפיע פון די ראָסי: „ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געלערנט די יידן דעם פאָרש־מעטאָד, וואָס דאָס איז דער יסוד פון לערנען, ווייל דורך אים ווערט אָפּגעטיילט דער אמת פון שקר״ (תולדות ר׳ עזריה מן האדומים). צום ערשטן מאָל אין דער יידישער ליטעראַטור אויף העברעאיש ווערט אָנגעווענדט דער פאַרגלייך־מעטאָד צווישן פאַרשיידענע מקורות וועגן געשעענישן אָדער באַשרייבונגען פון דער זעל־ביקער תקופה, וואָס איז דער יסוד פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג אין דער מאָדערנער צייט.

אין „מאור עינים״ ווערן ציטירט די ווערק פון אומגעפער 100 מחברים,

אַ העלפּט פון זיי אין גריכיש און לאַטיין,הגם ער איז זיך מודה אַז זיין קענשאַפט אין גריכיש איז כלל ניט אַזאַ ווי ער וואָלט זיך געוואונטשן. ער האָט געקענט פּערפעקט העברעאיש, לאַטיין און איטאַליעניש. פון די קלאַסישע פּאָעטן זיינען אים געווען באַקאַנט די ווערק פון האָמער, עזאָפּ, ווירגיל, האַראַץ; פון די פילאָסאָפן — פּיטאַגאָראַס, אַריסטאָטעלעס, פּלאַטאָ און ציצעראָ. ער האָט אויך געוואוסט פון די מעדיציניש לערעס פון היפּאָקראַטעס און גאַלען. ער ציטירט אַפילו דעם אַפּאָסטאָל פּאָול און די קריסטלעכע „פּאַטערס" סט. אויגוסטין, זשעראָם און יוסטין מאַרטיר.

ער איז אַוודאי געווען באַקאַנט מיט די ווערק פון די גרויסע איטאַליענישע פּאָעטן דאַנטע און פּעטראַרקאַ. אָפּגערעדט פון דעם אַז ער איז געווען קלאָר אין תלמוד בבלי, ירושלמי און אין די וויכטיקערע מדרשים און מפרשים, ווי רב האי גאון, רמב"ם, רמב"ן, אברבנאל, ר' דוד קמחי, רבנו אשר בן יחיאל (דער רא"ש) און אַ סך אַנדערע. ער ציטירט אַ סך מאָל דעם זוהר.

„ער איז ווירקלעך געווען דער מאַן מיט די ליכטיקע אָפענע אויגן. אין יענער תקופה, ווען די קריסטלעכע און די יידישע וועלט האָט נאָך בלינד געגלייבט אין דער אויטאָריטעט פון די קדמונים, האָט דער „מאור עינים" געהאַט דעם מוט אויף אַ שטרענג וויסנשאַפטלעכן אופן קריטיש אויסצופאָרשן אויף ווי ווייט מען קאָן זיך אין היסטאָרישע פראַגעס פאַרלאָזן אויף די קדמונים, אויף דער מסורה-געהייליקטע קוועלן" (י. צינבערג, באַנד 4, קאַפּ. 4).

אין זיין קריטיש-פאָרשערישן מעטאָד האָט ער זיך אויך ניט אָפּגעשטעלט פון ברענגען ראיות פון נייעם טעסטאַמענט, אַז שוין אין אָנהייב פון דער קריסטלעכער תקופה איז אַראַמיש געוואָרן די גערעדטע שפּראַך פון די יידן אין ארץ-ישראל און האָט ביסלעכוויז אַרויסגעשטויסן העברעאיש, וואָס איז פאַרבליבן ווי די שפּראַך פון תפילות און ספרים.

ער באַמיט זיך צו דערווייזן, אַז די תנאים און אמוראים פון די תלמוד-צייטן האָבן נישט מקפיד געווען אויף דער פּינקטלעכקייט פון היסטאָרישע דאַטעס, און גאַנץ אָפט האָבן זיי צונויפגעמישט אין תקופה מיט אַ צווייטער (אין מוקדם ומאוחר בתורה), און אין דעם פּרט קאָן מען זיך אויף זיי ניט סומך זיין בנוגע היסטאָרישע פאַקטן, הגם זיי זיינען גרויסע אויטאָריטעטן אין רעליגיעזע פּראָבלעמען און דינים. ער האָט אויך אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, וואָס האָט אין זיין צייט געפאָדערט געוואַגט דרייסטקייט, בעמלעך, אַז די

פאַרשיידענע אגדות און דרושים פון די בעלי־התלמוד זיינען בלויז השערות און אַ שפּיל פון דער פאַנטאַזיע, וואָס שטימען נישט מיט וויסנשאַפטלעכע פאַקטן, ווי די מעשה מיטן פליגעלע (יתוש) וואָס איז אַריין אין מוח פון טיטוסן און האָט אים געפּיקט מיט אַן „אייזערנעם שנאָבל", פון וואָס ער איז געשטאָרבן אין שרעקלעכע יסורים — די מעשה וואָס ווערט ניט דערמאָנט פון קיין איין שרייבער וועגן טיטוסעס לעבן; וועגן אַלעקסאַנדער מוקדון, וואָס האָט כלומרשט געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף יידן און האָט צעשטערט די שטאָט אַלעקסאַנדריע וואָס ער האָט אויפגעבויט. די ראָסי האָט אָנגעוויזן אַז דאָס איז היסטאָריש אַן אַבסורד, און עס נעמט זיך מסתמא פון אַ פאַרגרייזטן טעקסט.

אין דעם מאמר „ימי עולם" איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפער אַנאַליטישער קריטיק וועגן דער טראַדיציאָנעלער אידישער צייט־רעכענונג פון דער וועלט־באַשאַפונג. מיט צענדליקער ראיות פון תלמוד, מדרשים און פּוסקים ווייזט ער אויף, אַז ניט שטענדיק האָבן יידן גערעכנט לויט בריאת העולם, און דאָס איז דעריבער ניט הייליק. מ'האָט גערעכנט ליציאת מצרים, למלכי יון — לויט די גריכישע מלכים, דאָס ווערט אויך אָנגערופן „למנין שטרות", ווייל אַלע געשעפטלעכע פּאַפּירן און דאָקומענטן האָט מען דאַטירט לויט דער צייט וואָס זיי האָבן געהערשט אין סיריע און ארץ־ישראל. מ'האָט אויך גערעכנט לויטן יאָר פון חורבן בית־המקדש. לויט די ראָסי איז די ציילונג לבריאת העולם כלל ניט וויסנשאַפטלעך.

די יידישע טראַדיציע ווייס אַפילו, אַז אָדם הראשון איז באַשאַפן געוואָרן דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, און דער וועלט־באַשאַף איז פאַרגעקומען מיט 5 טויזנט 733 יאָר צוריק (ה'תשל"ג). אין די ראָסיס צייטן איז די ערד־ציטערניש אין פעראַראַ געווען ה'של"א — 5331.

דער מחבר פון „מאור עינים" האָט ניט בלויז געלייענט און שטודירט די נאָך־ביבלישע יידישע ליטעראַטור און די ווערק פון ניט־יידישע געלערנטע וועגן געשיכטע און פילאָסאָפיע, נייערט ער האָט געזוכט און געזאַמלט זעלטענע ספרים און מאַנוסקריפּטן. וועגן אַ סך ספרים און כתב־ידן דערוויסן מיר זיך דורך די ציטאַטן און מיינונגען, וואָס ווערן געבראַכט אין דעם ספר. צונץ זאָגט אין דער דערמאָנטער ביאָגראַפיע, אַז 55 וויכטיקע מאַנוסקריפּטן פון מדרשים, ווערק פון גרויסע געלערנטע, וואָס זיינען ביז די ראָסיס צייטן געווען אומבאַוואוסט, ווערן אין „מאור עינים" געבראַכט און פון זיי ציטירט.

עזריה די ראָסי איז געווען אַ פרומער ייד. ער באַמיט זיך מסביר צו זיין דעם לייענער און צו איבערצייגן אים מיט ראיות און ציטאַטן פון דער גאַנצער תלמודישער ליטעראַטור, ווי אויך פון די ווערק פון ניט־יידישע געלערנטע אין דער ריכטיקייט פון זיינע מיינונגען וועגן וויכטיקע ענינים פון יידישער געשיכטע, טעאָלאָגיע און פילאָסאָפיע.

אין די הקדמות צו זיין ספר, ביים אָנהייב פון יעדער טייל (מאמר), ווי אויך אין די לידער און די געגראַמטע תפילות צו יעדן מאמר (אין מליצהדיקן העברעאיש) קומט צום אויסדרוק זיין פרומקייט און געטריישאַפט צו דער טראַדיציע פון דורות. ביי זיין שטרעבן צו דערגרונטעווען זיך צום היסטאָרישן אמת און וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, ווייזט ער אַרויס גרויס דרך־ארץ צום סדר העולם, און רעכנט זיך מיט די תקופות, וואָס וועגן זיי ווערט באַשריבן אין חומש (מאמר ימי עולם, פרק ל״ד). אין די צוויי גרעסטע מאמרים פונעם ספר: „אמרי בינה“ און „ימי עולם“, ברענגט ער וויכטיקע געשעענישן פון דער יידישער געשיכטע אין פאַרבינדונג מיט דער וועלט־געשיכטע, וואו ער ווייזט אַרויס טיפע און גרונטיקע ידיעות.

ער דערקלערט די אומפּינקטלעכע, ניט ריכטיקע ידיעות וואָס די חכמי התלמוד און די ערשטע פוסקים האָבן געבראַכט וועגן געאָגראַפיע און קאָסמאָ־גראַפיע מיטן פאַקט, וואָס די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג פון דער וועלט און די ים־רייזעס זיינען אין זייערע צייטן נאָך ניט געווען אין דעם צושטאַנד ווי אין 16טן יאָרהונדערט און די גרויסע אויפדעקונגען און דערפינדונגען זיינען נאָך ניט געמאַכט געוואָרן.

אָבער זיינע קריטישע אָפּשאַצונגען, וואָס האָבן ניט געשטימט מיט דער טראַדיציע; זיינע מיינונגען, וואָס האָבן געשטעלט אין ספק די אמתדיקייט פון אַלץ וואָס ווערט געזאָגט אין תלמוד און אין די מדרשים, אַפילו די וואָס זיינען אין סתירה צום שכל הישר און וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, — האָבן אויפגעהויבן אַ שטורעם פון פּראָטעסטן קעגן אים מצד די רבנים און אָרטאָ־דאָקסישע קרייזן ניט בלויז פון איטאַליע, נייערט אויך אין פאַרשיידענע יידישע ישובים. באַזונדערס שאַרף איז באַקעמפט געוואָרן זיין קאָנצעפּציע וועגן דער צייט־רעכענונג לויט דעם וועלט־באַשאַף.

ביי יידן איז ניט געווען אַזאַ העכסטע אויטאָריטעט אין רעליגיעזע און טעאָלאָגישע פראַגעס, ווי עס איז געווען ביי די קאַטאָליקן דער רוימישער

פויפסט. מיט עטלעכע יאָר איידער דער „מאור עינים״ איז אָפּגעדרוקט גע־וואָרן (1573), האָט די קאַטוילישע קירך, אין גייסט פון דער קאָנטער־רעפאָר־מאַציע, וואָס איז פאַרבונדן מיטן נאָמען פון איגנאַטוס לאיאלא, און דער גרינדונג פון יעזואיטן־אָרדען, פאַרעפנטלעכט אַ ליסטע פון די פאַרבאָטענע ביכער (אינדעקס ליבראָרום פּראָהיביטאָרום) — וואָס עקסיסטירט נאָך ביי דער קאַטוילישער קירך ביז היינטיקן טאָג.

די איטאַליענישע רבנים האָבן זיך געווענדט צום גרעסטן פּוסק פון יענער צייט, צום מחבר פון „שולחן ערוך״, דעם מקובל ר׳ יוסף קארו, ער זאָל פּסקענען וועגן דעם „מאור עינים״. דער גרויסער געלערנטער, וואָס איז אין תוך געווען זייער ווייט פון די אינטעלעקטועלע באַגריפן פון מערב, און איז געווען אַריינגעטאָן בלויז אין דער תלמודישער ליטעראַטור און אין דער קבלה, איינגעגלייבט אין דער אומאָפּפרעגלעכקייט פון דער מסורה, האָט תיכף פאַראָרדנט עס זאָל אָנגעשריבן ווערן אַ בריוו צו אַלע יידישע קהילות, אַז דער ספר זאָל פאַרמשפט ווערן לשרפה (צום פאַרברענען), כדי מען זאָל ניט געשטרויכלט ווערן אין אַפּיקורסות, רחמנא לצלן. אָבער ר׳ יוסף קארו, וואָס איז שוין געווען אַ זקן, קרוב צו 90 יאָר, איז געשטאָרבן איידער ער האָט אונטערגעשריבן דעם חרם, און די איטאַליענישע רבנים האָבן געפּסקנט, אַז מען טאָר ניט לייענען דעם ספר איידער מ׳ווערט אַלט 25 יאָר, און אויך דעמאָלט דאַרף מען האָבן אַ ספּעציעלן רשות פון אַ רב.

דער באַרימטער תלמוד־אויטאָריטעט, דער מהר״ל פון פּראָג, וואָס איז געווען די ראָסיס אַ בן־דור, האָט דערקלערט אין גרויס אויפרעגונג:

„איך בין זיכער, אַז דער ספר וועט ניט איבערלאָזן קיין נאָמען און קיין איבערבלייב ביי יידן (שם ושארית בישראל), נאָר מ׳וועט אים משפּטן ווי ער איז ווערט, ווייל ער איז אין כלל פון די ספרים חצונים, וואָס מ׳טאָר זיי ניט לייענען״, און דער פאַנאַטישער רב ר׳ יעקב עמדין (געלעבט אין 18טן י״ה) האָט געשריבן אַז דער ספר דאַרף זיך ניט רופן „מאור עינים״, נייערט „מעוור עינים״ (וואָס פאַרבלענדט די אויגן).

די נביאות פון דעם מהר״ל האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט ריכטיק. יידן און ניט־יידן האָבן זיך פאַרטיפט אין „מאור עינים״, און אַזעלכע גרויסע געלערנטע ווי יאָהאַנעס בוקסטאָרף און דער יידישער געלערנטער יוסף שלמה דעל מעדיגא (17טער י״ה), דער באַרימטער מנשה בן ישראל און אַ סך אַנ־

דערע, האָבן געהאַלטן דעם ספר פאַר אַ וויכטיקן און נוצלעכן, און האָבן איבערגעזעצט פון אים גאַנצע קאַפּיטלען.

אָבער דער ספר איז ניט איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַ יידישער דרוקעריי ביז איבער 200 יאָר נאָכן טויט פון זיין מחבר (ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1578). ערשט אין 1794 איז „מאור עינים״ איבערגעדרוקט געוואָרן דורך די בערלינער משכילים אין דעם העברעאישן זשורנאַל „המאסף״, און ווען עס איז אויפגעקומען אין דייטשלאַנד די באַוועגונג פון דער יידישער וויסנשאַפט (וויסענשאַפט דעס יודענטומס) איז דער ספר „מאור עינים״ געוואָרן איינער פון די קלאַסישע ווערק פון דער באַוועגונג.

לאָמיר פאַרענדיקן אונדזער איבערבליק מיט דער אָפּשאַצונג פון דעם היסטאָריקער היינריך גרעץ: „דער כאַראַקטער־שטריך פון זיין (די ראָסיס) אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז ניט געווען צוגעבונדן צו דער טראַדיציע. ער האָט אָנגעוואָנדן די מעטאָדן פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג צו די פּראָבלעמען פון יהדות אין דער צייט, ווען עס האָט געגאָלטן ווי אַבסאָלוטע אמתן אַלץ וואָס עס איז געשריבן אין די ספרים, און ער האָט זיך באַנוצט מיט ניט־יידישע קוואַלן, כדי צו אויפקלערן די פאַקטן״.

400 יאָר נאָכן טויט פון עזריה די ראָסי דערמאָנען מיר אים ווי איינעם פון די מוטיקסטע פאָרשערס פון יידנטום, און ווי אַ פּיאָנער פון דער יידישער וויסנשאַפט.

# אלעזר שולמאַן — פּיאָנער פון דער יידישער ליטעראַטור-פאָרשונג

אלעזר שולמאַן איז געווען אַ העברעאישער שרייבער וואָס איז בשעתו געווען באַוואוסט פון זיינע דערציילונגען, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין די צייטונגען און זשורנאַלן, ווי „השחר" פון פרץ סמאָלענסקין, „המליץ", „לוח אחיאסף" און אַנדערע. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן ווערק אָריגינעלע און איבערזעצונגען אין בוכפאָרם. אָבער באַרימט איז ער געוואָרן פון זיינע פאָרש-אַרבעטן אויפן פעלד פון יידישער ליטעראַטור-געשיכטע. אין 1889 האָט שולמאַן פאַרעפנטלעכט אין שלום-עליכמס „יודישע פאָלקס ביבליאָטעק" דעם אָנהייב פון זיין לעבנסווערק „די געשיכטע פון דער זשאַרגאָן-ליטעראַטור".

צוליב דעם אונטערגאַנג פון דער „יודישע פאָלקס ביבליאָטעק" האָט שולמאַן אָנגעהויבן שרייבן זיין ווערק אין העברעאיש — שפת יהודית-אשכנזית וספרותה — מקץ המאה הט"ו עד קץ שנות המאה הי"ח — די יידיש-דייטשישע שפראַך און איר ליטעראַטור פון סוף 15טן יאָרהונדערט ביזן סוף פונעם 18טן י"ה — פריער אין דער צייטונג „הזמן", וואו עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דער ערשטער טייל, און אין ניין יאָר נאָך זיין טויט איז עס אַרויס אין בוכפאָרם.

זלמן רייזען שרייבט אין זיין עסיי: „אלעזר שולמאַן, דער ערשטער היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור", אַז שולמאַן האָט באַוויזן אָפּצודרוקן אין שלום-עליכמס „ביבליאָטעק" בלויז דעם אַריינפיר, וואו ער ברענגט אַ סך-הכל פון דער יידיש-פאָרשונג ביז אים, טרעט אַרויס קעגן די „חכמי ישראל" פאַר זייער באַציאונג צו דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, ווייזט בכלל אַרויס דעם צוגאַנג פון אַן אמתן וויסנשאַפטמאַן; אַז שוין פון דעם דאָזיקן אַריינפיר איז צו זען אַז אין 1889 האָט ער געהאַט פאַרטיק דעם פּלאַן פון זיין לעבנסווערק.

און באמת, פון דעם אינהאַלט-פאַרצייכעניש פון דעם בוך שפת יהודית-אשכנזית וספרותה קענען מיר זיך דערוויסן ווי ערנסט און געוויסנדיק דער מחבר האָט זיך באַצויגן צו זיין אַרבעט. דאָס בוך באַשטייט פון פינף טיילן, וואו עס ווערן באַשריבן די איבערזעצונגען פון די הייליקע ספרים אויף אַלט-

יידיש — טיילווייזע און פולע איבערזעצונגען; די אַפּאָקריפֿן, דעם מחזור, די דינים און מנהגים; די מוסר־ספרים, דערציאונג־ספרים, געשיכטע, משלים און סענטענצן, רעטענישן, רפואות־ביכער, וויכוחים, כישוף־ביכער; אָרטאָגראַפֿיע פון דער שפּראַך און וועגן פֿילאָלאָגיע, „דאָס הייסט פון וואַנען עס קומען אַרויס פיל ווערטער אינעם זשאַרגאָן“.

אין דעם אַריינפֿיר צום בוך שרייבט שולמאַן צום העברעאיש־לייענער: „אויב דיין שנאה צו דער יידיש־דייטשישער שפּראַך האָט ניט פֿאַרבלענדט דיינע אויגן צו זען אויך איר ליטעראַטור, וועסטו וויסן גלייך מיט מיר איר גרויסע ווערדע. אין איר זיינען אָפּגעשפּיגלט זכרונות פון גאַנצע הונדערטער יאָרן. ווי אין אַ שפּיגל זעען מיר דאָס גאַנצע לעבן פון פֿאַרצייטן: מיר זעען דאָס פֿאָלק אין זיין פֿרייד און טרויער, זיין גלויבן און זיינע האָפֿענונגען; זיין גייסטיק לעבן אין אַ שפּראַך וואָס איז ביין פון אונדזער ביין און לייב פון אונדזער לייב, און וואָס דער גייסט פון אונדזער פֿאָלק ווייזט זיך אַרויס אין איר ווי אין אונדזער אָריגינעלער שפּראַך, אין העברעאיש. און פֿאַרוואָס זאָל זי זיין מינערווערטיק אין דיינע אויגן?“

מיט פֿאַרביטערונג רעדט שולמאַן וועגן די משכּילים, וואָס האָבן שווער געזינדיקט קעגן יידיש, אָנהייבנדיק פון די „בערלינער“, ווי פֿרידלענדער, דער שונא פון דער שפּראַך, וואָס האָט אַפֿילו אויף זיינע עלטערע יאָרן זיך ניט געקאָנט באַהערשן, און האָט געוואָרפֿן שמוץ אויף דער יידישער איבערזעצונג פון די באַרימטע ספרים לב טוב, שארית ישראל, ביז דעם באַקאַנטן טוביה פעדער, דעם „פֿאַרברענטן דייטש“ פון די פּאָדאָליער סטעפּעס, וואָס האָט זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף יידיש „ווי אַ האַלצהעקער מיט זיין האַק“ און האָט געמאַכט צו בלאָטע דעם שרייבער ר׳ מענדל (לעפֿין) פון סאַטאַנאָוו, ווייל ער האָט געהאַט די „חוצפה“ צו איבערזעצן דעם ספר משלי אויף דער גערעדטער שפּראַך. און עס איז נאָך מער פֿיינלעך, וואָס אונדזערע גרויסע היסטאָריקערס וועלכע האָבן באמת געדאַרפֿט פֿאַרשטיין און אָפּשאַצן דעם באַטייט פון דער יידיש־דייטשישער ליטעראַטור פֿאַרן פֿאָלק, אויך זיי האָבן פֿאַלש פֿאַרמשפּט, מיט שוים אויף די ליפּן, די שפּראַך און איר ליטעראַטור. אַזוי האָט יאָסט געשריבן וועגן דעם באַקאַנטן ספר „צאינה וראינה“, וואָס איז געווען אַ קוואַל פון פֿרייד און פֿאַרגעניגן פון דורות יידישע פֿרויען, אַז „דאָ האָט דערגרייכט די געשמאַקלאָזיקייט ביז דער גרענעץ, און אַן איבערפֿלעכלעכער בליק אין ספר איז גענוג צו וויסן, אַז דער לייענער וואָס באַנוצט

זיך מיט אים פאַרמאָגט ניט קיין פעאיקייט צו באַגרייפן וואָס שיין און הייליק איז". און גייגער זאָגט: „אַט די ליטעראַטור פאַרסמט דעם געשמאַק". גרעץ פּסקנט אָפּ קורץ און גיפטיק: די שפּראַך איז אַ בהמהשע!

אלעזר שולמאַן.

# שפת יהודית־אשכנזית וספרותה,

מקץ המאה הט"ו עד קץ שנות המאה הי"ח.



יצא לאור, ע"י בני משפחתו של המחבר המנוח

בהשגחת י. ח. טביוב.



ריגא,
בדפוס אלי' לעווין.
תרע"ג.

Типо-Литографія Э. ЛЕВИНА, Рига, Плавучая ул. № 10.

אלעזר שולמאַן. די יידיש־דייטישע שפּראַך און איר ליטעראַטור פון סוף 15טן ביז סוף 18 יאָרהונדערט. ריגע 1913.

שולמאַן פּאָלעמיזירט מיט די וואָס האַלטן יידיש פאַר אַ געמישטער שפּראַך. ער ווייזט אויף אַז עס איז ניטאָ קיין שפּראַך, וואָס האָט ניט אַרייַנגענומען אין זיך קיין עלעמענטן פון אַנדערע לשונות; אַז אַלע ראָמאַנישע שפּראַכן זייַנען גענומען פון לאַטייַן מיט דעם צומיש פון אַנדערע שפּראַכן; אַז העברעאיש פאַרמאָגט אַ סך ווערטער פון גריכיש, אַראַמיש און לאַטייניש.

אין זייַן געשיכטע פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור ווייזט אלעזר שולמאַן טיפן וויסן און בקיאות אין דער יידישער שפּראַך. דעם מאַטעריאַל פאַר זייַן בוך האָט ער געזאַמלט צענדליקער יאָרן. ער איז געווען באַקאַנט מיט אַלע ספרים וועגן וועלכע ער האָט געשריבן, הגם ניט אַלע האָט ער געזען.

דער נאָמען „זשאַרגאָן" איז אָנגעהאַנגען געוואָרן דער יידישער שפּראַך מצד די קעגנערס אָדער שונאים פון אונדזער לשון. אָבער אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט איז דער נאָמען ניט ביי אַלעמען געווען אַן אויסדרוק פון שנאה אָדער פאַראַכטונג צו יידיש. מיר געפינען דעם נאָמען אַפילו אין די ווערק פון שלום־עליכם און פון פרץ פון יענער תקופה, הגם דער ווערטער־קאַמף צווישן די אָנהענגערס און קעגנערס פון יידיש איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אין דער ליטעראַטור פון יענער צייט אין העברעאיש און יידיש אין אַ גאַנץ שאַרפער פאָרם.

ביי די העברעאישע שרייבערס פון יענער צייט באַמערקן מיר זייער זעלטן אַזאַ וואַרעמע באַציאונג צו יידיש, אַזאַ פאַרשטענדעניש און געהעריקן אָפּשאַץ פון דער יידישער ליטעראַטור פאַרן פאָלק אין גאַנג פון דורות, ווי מיר טרעפן ביי אלעזר שולמאַנען.

זינט דעמאָלט (ער איז געשטאָרבן אין 1904) זייַנען אויפגעקומען יידישע געלערנטע און פאָרשערס, וואָס האָבן פאַרעפנטלעכט וויכטיקע ווערק וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך און דער אַלט־יידישער ליטעראַטור, ווי בער באָראָכאָוו, נחום שטיף, מאַקס ווייַנרייך, ש. ניגער, מאַקס עריק און אַ נייער דור יידיש־פאָרשערס. זיי האָבן מיט די נייסטע וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן געפאָרשט דעם אויפקום, אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, און האָבן באַלויכטן מיט אַ קלאָרן, שאַרפן ליכט פאַרשיידענע תקופות און פּראָבלעמען אויפן פעלד פון יידיש.

אָבער דער העברעאיש־יידישער שרייבער אלעזר שולמאַן איז געווען דער פּיאָנער פון דער יידישער ליטעראַטור־פאָרשונג.

# י. גראַסמאַן / עסייען און זכרונות

## קורצע ביאָגראַפיע

אלעזר שולמאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1873, אין קרעטינגען, קאָוונער גובערניע. אין זיין יוגנט האָט ער געלערנט גמרא, דערנאָך איז ער אַריבער צו השכלה, האָט שטודירט העברעאיש און דייטש, איז אָנגעקומען ווי אַ לערער אין הויז פון דעם פּאַרוואַלטער ביי די באַרימטע קיעווער גבירים בראָדסקי. דער פּאַרוואַלטער איז געווען אַ משכיל, און האָט פאַרמאָגט אַ רייכע ביב־ליאָטעק. שולמאַן האָט זי שטאַרק אויסגענוצט פאַר זיין אַליין־בילדונג. שפּע־טער האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון זיין באַלעבאָס, וואָס האָט אים רעקאָמענדירט ווי אַ קאַסירער ביי בראָדסקיס אין קיעוו. שולמאַן איז פאַרבליבן אין קיעוו ביז זיין טויט.

זיינע יורשים האָבן איבערגעגעבן צו רעדאַקטירן זיין לעבנסווערק דעם פריינד פון דער משפחה און פאַרביסענעם שונא פון יידיש, י. ח. טביוב (טאַוויאָוו). דער העברעאישער שרייבער טביוב האָט אָנגעשריבן אַ בייזע, טאַקטלאָזע הקדמה, וואו ער שרייבט צווישן אַנדערע:

„מיט וואָס האָט זיך דער דייטשישער זשאַרגאָן פאַרדינט, ער זאָל זיך אָנרופן מיטן בכבודיקן נאָמען ׳יידישער׳ מער ווי דער שפּאַנישער, פּערסישער און אַנדערע זשאַרגאָנען, וואָס אַ סך יידן באַנוצן זיך מיט זיי שוין הונדערטער יאָרן — צוליב אומוויסנקייט, עקשנות אָדער פוילקייט?

„דאָס יידישע פאָלק וועט ניט געפינען קיין סימן פון יידישקייט אין דעם דייטשישן און אַנדערע זשאַרגאָנען, ווייל זיי זאָגן גאָרנישט צו אונדזער נאַציאָנאַלער נשמה, ווייל זיי זיינען אונדז פרעמד. די יידישע שפּראַך איז נאָר איינע — דאָס איז אונדזער נאַציאָנאַלע שפּראַך, די העברעאישע.

„אויב אונדזער המון רופט זיין זשאַרגאָן יידיש, איז דאָס צוליב אומ־וויסנקייט. אָבער ווען העברעאישע שרייבערס זאָגן טאָג־איין, טאָג־אויס, אַז דער דייטשישער זשאַרגאָן איז אַ יידישער, און באַזונדערס ווען זיי זאָגן בפירוש, אַז ער איז אונדזער נאַציאָנאַלע שפּראַך (די איינציקע אָדער די צווייטע * — אַלץ איינס) — באַליידיקן זיי אונדזער נאַציאָנאַלן געפיל און פאַר־

---

* טביוב מיינט דאָ אַוודאי די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ פון דער יידישער שפּראַך, אין 1908, וואָס האָט פּראָקלאַמירט יידיש ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק.

שעמען אונדזער פֿאָלק פֿאַר דער גאַנצער וועלט, און דאָס וועט זיי די יידישע געשיכטע קיין מאָל ניט מוחל זיין".

און אָט דעם פֿאַנאַטישן שונא פֿון אונדזער לשון איז איבערגעגעבן געוואָרן צו רעדאַקטירן אַ ווערק, וואָס אָטעמט מיט ליבשאַפֿט צו יידיש און איר ליטעראַטור.

שפת יהודית־אשכנזית וספרותה איז אַרויס פֿון דרוק אין 1913 ווען די יידישע ליטעראַטור האָט זיך צעבליט, און חוץ די דריי קלאַסיקערס — מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ — זיינען שוין אויפֿגעקומען יונגע טאַלענטירטע פּראָזע־שרייבערס, פּאָעטן און דראַמאַטורגן, און יידיש איז דעמאָלט געווען די שפּראַך פֿון דעם רוב מנין יידן אין דער גאָרער וועלט.

א. שולמאַן האָט זיך מיט אויסערגעוויינלעכער וואַרעמקייט באַצויגן צו די ספרים פֿון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור, וואָס ער באַשרייבט. ער אַנאַליזירט און כאַראַקטעריזירט בקיצור יעטוועדע שאַפֿונג פֿון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, אָנהייבנדיק פֿון די איבערזעצונגען פֿון די תנ"ך־ספרים; ער באַשרייבט געענוי דעם ספר צאינה וראינה פֿון ר' יעקב בר' יצחק פֿון יאַנעווע (ערשטע אויסגאַבע — אַרויס אין באַזעל, 1622). דאָס איז ניט סתם אַן איבערזעצונג פֿון חומש מיט די הפטורות, נייערט כמעט אַן איבערדיכטונג פֿון די ספרים, צוגעווירצט מיט מעשיות און קאָמענטאַרן פֿון מדרש, רבנו בחיי און אַנדערע. אין אַ פּשוטער אַרכאַאישער שפּראַך, און אַלע פֿרייטיק ביי נאַכט און שבת פֿלעגן אונדזערע מאַמעס און באָבעס לייענען פֿון צאינה וראינה די סדרה פֿון דער וואָך. דער ספר איז געוואָרן דאָס פֿאַרשפּרייטסטע לייענבוך פֿאַר די פֿרויען און אַפֿילו פֿאַר מענער, „פֿאַר דאָס געמיין פֿאָלק דאָס ניט קענען תורה לערנען".

ניט בלויז די ספרים פֿון תנ"ך זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש, וועלכע זיינען געדרוקט געוואָרן אין צענדליקער אויסגאַבעס ביז האַרט פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָר אויך די אַפּאָקריפֿן — די ספרים החיצונים, די ווערק פֿון די יידישע מחברים, וואָס האָבן געשאַפֿן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, אָבער זייערע ספרים זיינען ניט אַריין אין דעם באַשטאַנד פֿון תנ"ך, ווען דער חומש און די ספרים פֿון די נביאים זיינען שוין קאַנאָניזירט (פֿאַרחתמעט) געוואָרן.

אין דער הקדמה צום „ספר המעשים" פֿון חיים בן נתן, געדרוקט אין

באַזעל, אין 1625, זאָגט דער מחבר (מיר גיבן דאָס אין דעם פּאַרצייטיקן יידיש מיט דער דעמאָלטיקער אָרטאָגראַפיע, ווי עס ווערט געבראַכט ביי שולמאַנען, הגם מיר זיינען ניט זיכער אין דעם אויסלייג צוליב אַ טעות פון אַ בחור הזעצער):

„דש זיין ניין ספרים דז ספר יהודית אונ׳ צווייא ספרים פון יודא מכבי. אך דז ספר טוביה אונ׳ ספר ברוך בן נריה אונ׳ דר בריב דען ירמיהו הנביא זעלבערט הוט צו דענ׳ יהודין קען בבל פון וועגן דיא עבודה זרות פון בל דער טראכי צו בבל אונ׳ דש ספר שושנה אונ׳ דיא תפילה פון מלך מנשה.

דיזי ספרים האב איך מעתיק געוועזן ווארט ור ווארט אויז דעם גלחות עשרים וארבע האב זי שלעכט („שלעכט" אין עלטערן יידיש מיינט „פּשוט") מקצר גיוועזן אונ׳ אין עטליכי אורטן זיא זענין היפּש צו לייאנן אונ׳ ברענגען פיל יראת שמים".

אין היינטיקן יידיש וועט זיך עס לייענען אַזוי:

דאָס זיינען ניין ספרים דאָס ספר יהודית און צוויי ספרים פון יהודה המכבי אויך דאָס ספר טוביה און ספר ברוך בן נריה און דער בריוו וואָס ירמיהו הנביא האָט אַליין געשריבן צו די יידן פון בבל וועגן די עבודה זרות און דאָס ספר פון דער עבודה זרה פון בל און דער דראַקאָן פון בבל און דאָס ספר שושנה און די תפילה פון מלך מנשה.

אָט די ספרים האָב איך איבערגעזעצט וואָרט ביי וואָרט פון דעם גלחישן (לאַטייגישן) תנ״ך האָב זיי רעכט פאַרקירצט אין עטלעכע ערטער זיי זיינען שיין צום לייענען און ברענגען פיל יראת שמים (גאָטספאָרכטיקייט).

שמואל ניגער ברענגט אין זיין אויסגעצייכנטער שטודיע „די יידישע ליטעראַטור און די לעזערין" זייער אינטערעסאַנטע מוסטערן פון פּאָפּולערע תחינות און אַ גענויע באַשרייבונג וועגן דער ליטעראַטור פון די תחינות־ און מוסר־ספרים אויף יידיש. די שטודיע איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין „פּנקס פאַר ליטעראַטור און שפּראַך א. אַ. וו.", אַרויסגעגעבן פון ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין אין 1913. די טעמע: „די פּרוי און די אַלט־יידישע ליטעראַטור" האָט יוסף אָפּאַטאָשו קינסטלעריש באַרירט אין זיין דערציילונג „אַ טאָג אין רעגנסבורג".

שולמאַן דערציילט אויך וועגן די מוסר־ספרים וואָס זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש, ווי מנורת המאור, קב הישר, לב טוב און אַנדערע.

עס איז געווען דער שטייגער פון די מחברים פון 17טן און 18טן יאָר־הונדערט צו פאַרלויבן זייערע ספרים (ווי דאָס ווערט געטאָן היינט אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס) אין די הקדמות אָדער אויפן שער־בלאַט. מיר דרוקן אַזאַ „רעקלאַמע" איבער דעם שבט מוסר (אַרויס אין ווילנע אין 1724 (?) :

„מאַנען און פרויען, טוט דאָס שיינע ספר אנשויען (אָנקוקן),
דען דאָס חשוב און ווערדיק ספר האבן מיר אין טייטש געטאָן שטעלן,
מיר ווילן האָפן דאָס עס גאָט און די (דער) וועלט ווערט (וועט) וויל געפעלן,
דען עס טוט דען (דעם) מענטשן אין גאָטס וועגן פירן
און טוט אים אויף עולם הבא צירן.
איר מעגט מיר וויל זונדער שווערן גלויבן
דאָס דער עולם עד הנה (ביז איצט) זא אַין שיין מוסר ספר
ניט האבן טאָן האבן.
דאַרום קומט צו לויפן און דאָס ספר נחמד צו קויפן,
און טוט אייער געלט ניט שפּאָרן
דען איר וועט זייער שיינען (שיינעם) מוסר דערינען ערפאַרן
בזכות זה וועדן (ווען) מיר זוכה זיין
דאָס משיח וועט אונז פירן אין ארץ ישראל אַריין.

(מיר גיבן דאָס מיט דער שפּראַך און אויסלייג מאָדערניזירט).

אין דעם זעלביקן יאָר *1913*, ווען עס איז אַרויס שולמאַנס בוך, איז אין ווילנע אַרויסגעגעבן געוואָרן דער שוין דערמאָנטער פּנקס. אַ חוץ ש. ניגערס שטודיע און דער ערנסטער רעצענזיע פון בעל־דמיון (נחום שטיף) איבער ד"ר פינעסעס „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור", איז אין דעם פּנקס, וואָס האָט בשעתו געמאַכט אַ רושם אין דער יידישער וועלט, אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן די גרונטיקע אַרבעט פון בער באָראָכאָוו „די ביבליאָטייק פון אידישן פילאָלאָג. פיר הונדערט יאָר אידישע שפּראַכפאָרשונג", ערשטער טייל.

מיט זעלטענער ערודיציע רעכנט באָראָכאָוו אויס קרוב צו 500 ווערק וועגן יידישער שפּראַכפאָרשונג פון יידישע און ניט־יידישע געלערנטע אין די לעצטע יאָרהונדערטער און כאַראַקטעריזירט די שרייבערס און זייערע

ווערק. באַראָכאָווס אַרבעט איז אַ מוסטער פון וויסנשאַפטלעכער ביבליאָ־גראַפיע און אינפאָרמאַציע אויף דעם פעלד. וועגן א. שולמאַנען שרייבט ער:

„צווישן די רוסישע יידן איז ער, שולמאַן, דער ערשטער, וואָס האָט זיך גרינטלעך אָפּגעגעבן דעם שטודיום פון דער יידישער שפּראַך־ און ליטעראַטור־געשיכטע. און זיין גרעסטע מעלה איז וואָס זיינע פילאָלאָגישע ווערק האָט ער געשריבן ניט אין פרעמדע שפּראַכן, נאָר אין אייגענע (יידיש און העברעאיש)".

קאָנטיק, אַז באַראָכאָוו האָט ניט געזען דעם גאַנצן שפת יהודית־אשכנזית וספרותה, ווייל ער דערמאָנט בלויז דעם ערשטן טייל פונעם ווערק, וואָס האָט זיך געדרוקט אין „הזמן", אין 1903.

מיר האָבן דאָ געגעבן בלויז ראשי־פּרקים פון דעם אינטערעסאַנטן און וויכטיקן בוך, וואָס עס האָט אָנגעשריבן דער לאַנג־פאַרגעסענער פּיאָנער פון דער יידישער שפּראַך־ און ליטעראַטור־פאָרשונג, אלעזר שולמאַן.



אַ בילד פון זלמן שזר ווען דער פרעזידענט פון ישראל האָט נאָך געטראָגן דעם נאָמען רובאַשאָוו און זיך פאַרנומען מיט פאָרשן יידישע געשיכטע.

## זלמן שזר — פאָרשער פון דער יידישער געשיכטע

אין דעם ערשטען באַנד פון די היסטאָרישע שריפטן פון יידישן וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט—ייוואָ —, ווארשע 1929 איז אָפּגעדרוקט אַן עסיי פון זלמן רובאַשאָוו, געוו. פּרעזידענט פון מדינת ישראל, זלמן שזר, אויף דער טעמע: „אידישע גביות עדות אין די שאלות ותשובות פון אָנהייב 15טן ביזן סוף פון 18טן יאָרהונדערט״.

דאָס איז אַ וויכטיקע פאָרשאַרבעט וואָס פאַרנעמט איבער 40 זייטן פון גרויסן פאָרמאַט און אַנטהאַלט 286 גביות עדות פון 23 שאלות ותשובות (שו״ת)

ספרים פון די גרעסטע רבנים, תלמוד־אויטאָריטעטן פון דייטשלאַנד און פוילן, וואָס האָבן אויפגענומען גביות עדות פון יידישע מענער און פרויען וועגן פאַרשיידענע ענינים פוןווירטשאַפטלעכן, רעליגיעזן און קולטור־לעבן פון די יידן אין דייטשלאַנד און פוילן אין משך פון 400 יאָר.

יידן פלעגן זיך ווענדן צו די רבנים וועגן אַט די ענינים, און דער פסק דין האָט זיך גערעכנט ווי אַן אויטאָריטעטער משפט.

היות ווי דער עסיי איז זייער וויכטיק פון היסטאָרישן און פילאָלאָגישן קוקווינקל, איז באַקאַנט צו אַ באַגרענעצטן קרייז מענטשן, און די שריפטן פון ווילנער ייוואָ זיינען ניט צוגאַנגלעך צום ברייטן עולם, האָבן מיר געפונען פאַר נייטיק צו באַקענען דעם יידישן לייענער מיט דעם אינטערעסאַנטן אַרטיקל.

דער מחבר שטעלט פעסט, אַז די יידישע היסטאָריאָגראַפיע ווייס שוין פון לאַנג אַז אין די אַלטע פאַליאַנטן פון די רבנישע שאלות ותשובות זיינען פאַראַן אוצרות פון היסטאָריש־עטנאָגראַפישן מאַטעריאַל פון פאַרשיידענע אַספּעקטן פון יידישן לעבן אין דער געגעבענער תקופה, „אָבער זיי זיינען באַר טיילווייז צונויפגעשטעלט און וויסנשאַפטלעך באַאַרבעט".

דערצו קענען מיר באַמערקן, אַז דער הויפּט־רב פון ווין, דער געלערנטער מאָריץ גידעמאַן, וואָס איז געשטאָרבן אין 1918, האָט אויפן סמך פון שאלות ותשובות און אַנדערע רבנישע ספרים, וואו עס ווערן דורך אַגב דערמאָנט געשעענישן און ענינים פון גרויסער וויכטיקייט אינעם לעבן פון די יידן אין דייטשלאַנד, ווי אויך פון ניט־יידישע מקורים פון יענע צייטן, געשאַפן אַ גרויס דרייבענדיק ווערק: „די געשיכטע און דערציונג־וועזן און קולטור פון די מערב־לענדישע יידן". אין דעם ווערק ווערט באַלויכטן מיט אַ קלאָרן ליכט און מיט גרונטיקע וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן דאָס לעבן פון די יידן אין דייטש־לאַנד בעתן מיטלאַלטער.

דאָס ווערק איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעיש פון א"ש פריד־בערג — ספר התורה והחיים בארצות המערב בימי הבינים", און דער דריטער טייל פונעם ווערק איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש פון נחום שטיף, אין בערלינער כלל־פאַרלאַג.

שוזר ברענגט און אינטערפּרעטירט די שאלות ותשובות פון די באַרימטע רבנים פון דייטשלאַנד. ווי דער מהר"ל און מהר"ם מינץ און די שו"ת פון די באַדייטנדיקסטע תלמוד־מפרשים רמ"א (רבי משה איסרליש), מהר"ם

(רבי מאיר) מלובלין, מהרש״ל (ר׳ שלמה לוריא), דער ב״ח ר׳ יואל סירקיש (מחבר פון ספר בית חדש) און אַנדערע רבנים און ראש ישיבות אין די וויכ־טיקסטע שטעט פון פוילן: קראָקע, לובלין, בריסק, גראָדנע, לעמבערג, מע־זשיבאַזש א.אַנד.

די אָנגענומענע פאָרמול פון די גביות עדות איז געווען לויט דעם ווייטער־דיקן נוסח: במותב תלתא בית דינא כחדא הוינא ואתא לקדמנא (פלוני בן פלוני) והגיד בתורת עדות ובעונש חמור דאם לא יגיד ונשא עונו וזו לשונו בלשן אשכנז״. די פאָרמול איז אַ געמיש פון אַראַמיש און העברעיש אין רבנישן סטיל. אין יידיש הייסט עס אַזוי: אין באַשטאַנד פון דריי זיינען מיר געזעסן ווי איינער פון בית דין און עס איז געקומען פאַר אונדז (נאָמען און פאָטערס נאָמען) און ער האָט עדות געזאָגט אַז אויב ער וועט ניט זאָגן (דעם אמת) זאָל ער באַשטראָפט ווערן מיט אַ האַרבער שטראָף און אויף אים וועט זיין די עבירה. און אַזוי האָט ער געזאָגט אויף דייטש (יידיש). דער בית דין פלעגט פאַרשרייבן פינקטלעך דאָס עדות זאָגן פון דעם מאַן מיט זיינע ווערטער אין דער אומגאַנג־שפּראַך.

דער מחבר דערציילט ווי אַזוי ער איז געקומען צו זאַמלען די מאַטער־יאַלן פון די שו״ת־ספרים: פ אַ ר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער, לויטן פאַרלאַנג פון „זיין רבין״, פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו, איבערגענומען דעם אויפטראַג פון דער יידישער עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין פּעטערבורג צונויפצושטעלן אַ זאַמלונג פון מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די יידן אין פוילן אין 18טן יאָרהונדערט, אויפן סמך פון שו״ת־ליטעראַטור און דרוש ומוסר ספרים. צוליב דער מלחמה איז די אָנגעהייבענע אַרבעט איבערגעריסן געוואָרן. די מלחמה־יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין בערלין און האָט ממשיך געווען זיין אַרבעט אין די ביבליאָטעקן פון דייטשלאַנד, און שפּעטער האָט ער באַזוכט די שטעט אין מערב־אייראָפּע, וואו עס געפינען זיך גרויסע יידישע ביבליאָטעקן, און האָט פאַרגרעסערט זיין זאַמלונג פון די היסטאָרישע מאַטעריאַלן.

וועגן דער בערלינער תקופה פון זיין לעבן דערציילט שזר אין זיין עסיי „קעגנאיבער מיכה יוסף בערדיטשעווסקי״ אין דעם בוך „ליכטיקע גע־שטאַלטן״, בוענאָס איירעס 1963. די געשיכטע — און שפּראַכפאָרשערס וועלן, לויט דער מיינונג פונעם מחבר, געפינען אין דער זאַמלונג וויכטיקע ידיעות וועגן דעםווירטשאַפטלעכן און קולטור־לעבן פון די יידן אין דייטשלאַנד און

פוילן; וועגן דעם וועג פון די יידישע וואַנדערונגען; זייערע באַציונגען מיט די ניט־יידישע שכנים, און היסטאָרישן מאַטעריאַל וועגן מלחמות, גירושים, פּאָג־ראָמען און בלבולים, שטייגער לעבן; אָרגאַניזאַציע פון די קהילות און זייערע אינסטיטוציעס, די יוריסדיקציע פון די בתי דינים, האַנדל און מלאכות, משפּחה־פאַרהעלטענישן און מנהגים.

וואָס איז שייך דעם שפּראַך־אַספּעקט פון די יידן אין דער תקופה און דעם באַטייט פון שאלות ותשובות אין דעם פּרט, שרייבט שזר: „די גביות עדות אין יידיש, וואָס איז צעשפּרייט אין דער שו״ת ליטעראַטור, שפּיגלען אָפּ די לעבעדיקע אומגאַנג־שפּראַך אין משך פון עטלעכע יאָרהונדערטער נאָך אַנאַנד אין אַלע לענדער און געגנטן וואו יידיש האָט געלעבט. ניט אומזיסט האָט ב. באָראָכאָוו — נאָך אין די ערשטע יאָרן פון זיין פאָרשונג אויפגעשטעלט דעם כלל: „ווילן מיר אָבער פאָרט באַקומען אַ באַגריף פון דער יידישער אומגאַנג־שפּראַך אין יענער צייט, גיט אונדז די הערשנדיקע ליטעראַטור קיין שום אויסקונפט ניט און מיר מוזן זיך ווענדן צו די פאַראיינצלטע דאָקומענטן, וואָס זיינען פאַרבליבן פון יענער צייט. על פּי רוב זיינען דאָס גביות עדות ביים דין תורה אין די שאלות ותשובות“.

„וואָס מער עס אַנטוויקלט זיך די וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונג פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, אַלץ מער ווערט קלאָר, אַז פאַר דער פאָרשונג פון דער יידישער אומגאַנג־שפּראַך, ווי זי האָט באמת געלעבט אין מויל ביי די יידישע מאַסן און ניט אין דער ליטעראַטור, זיינען אָט די רבנישע גביות עדות ניט נאָר דער טרייסטער, נאָר אפשר גאָר דער איינציגער קוואַל. (איי־דישע גביות עדות אין די שאלות ותשובות פון אָנהייב 15טן ביז׳ן סוף פון 18טן יאָרהונדערט“).

איניקע דוגמאות פון די שאלות ותשובות פון די באַרימטע רבנים אין פוילן (די יידישע שפּראַך איז געגעבן אין דעם לשון און אויסלייג פון יענער צייט י. ג.) — פון שו״ת הרמ״א:

דער קראָקעווער רב ר׳ משה בר׳ ישראל איסרלש — באַקאַנט אונטערן נאָמען דער רמ״א — איז געבוירן אין קראָקע בערך אין יאָר ר״פ — 1520 און נפטר געוואָרן דאָרטן אין 1572. אין דער יוגנט געלערנט אין לובלין, איז אַ געוויסע צייט געווען רב אין שידלאָוויץ. זיינע תשובות זיינען דערשינען צום ערשטן מאָל אין קראָקע אין 1640. די ציטאַטן זיינען גענומען פון דער ערשטער אויסגאַבע:

דער טעקסט: פלוני שהיה נפרד זה כמה מאשתו ובא לפנינו לדין... וטען לפנינו איך שראוה מדברת עם א׳ שחשדה ממנו וז״ל טענתו. — דער מאַן וואָס איז שוין פיל יאָרן געווען צעשיידט פון זיין פרוי און ער איז געקומען צו אונדז פאַר אַ דין תורה... און ער האָט געטענהט פאַר אונדז ווי מ׳האָט זי געזען ריידן מיט איינעם וואָס ער (דער מאַן) איז איר חושד (פון אים) און דאָס איז דער לשון פון זיין טענה — אין אַלט יידיש:

איך בין בייא מיינס ווייב גיוועזין אונ׳ האָב גיזעהן דז זיא האָט פיל עסקים מיט דעם פלוני אנ׳ האָב מיין שוויגער גיבעטן זיא זאָלט אינש הויז ניט לאָזן גין (גיין) זיא האָט זיך נישט דראן קירטאונ׳ דר נאָך האָב איך מיך אויש גיצוהן (אויסגעצויגן) אין איין אַנדר הויז אונ׳ בין איין מאָל גנגן (גע־גאַנגען) אין דער גרבר גאַס דאָ האָב איך גיזעהן מיין ווייב אונ׳ פלוני גיין און פלוני האָט קיכלך גיטראָגן דאָ האָב איך גיצרנש (געצערנט — אין כעס גע־וואָרן) האָב גישפּראָכן גיא היים...

שו״ת מהרש״ל:

דער מהרש״ל — ר׳ שלמה ב״ר יחיאל לוריא — געבוירן אין יאָר 1510, געלעבט אין בריסק און ווילנע געווען רב אין אסטראה און נאָך דעם אין לובלין, דאָרטן נפטר געוואָרן אין יאָר 1573

טעקסט:

במותב תלתא... ואתא... ר׳ יצחק בר׳ שמעון והעיד... איך האָב געקויפט אין פרידיק בשר פון חזן דא זאָך (איך האָב געזען) איך הגיין דאָ האָב איך גיזעהן איין שייצליכי סרכא דא זאָך איך מיך אום און דר זאָך גימנט (איך האָב זיך אַרומגעקקוקט און קיינעם ניט געזען אין דעם טאדרס דער הער צו גיין דאָ וויז (ווייז) איך אים דיא סרכא דאָ שפּראָך טאדרס צי האנטצאַן צו צו הקין (צוהאַקן) און טראָג עז היים דר נאָך וויל איך זעה׳ .....

ואתא לקדמנא ר׳ יצחק בן הר״ר יעקב סג״ל והעיד...

וויא ער האָט געהערט פון אברהם ברוינשווייג דז ער זיין האָט מקדש גיוועזן ור (פאַר) הר״ר פנחס אונ׳ ור אברהם אוייש אונ׳ דעם וועלי ביי זלמלן....

ושוב העיד הר״ר פנחס... ער איז גיוועזן אובן ביי דען חתן אברהם ברוינשווייג... דאָ האָט חיים וועלי מיט דער כלה און מיט דער מוטר אין

וועלשין גירעט איך האָב ניט ור שטאַנדן וואו זי גירעט האָבן (וועלשן — איטאַליעניש)......

בערל לאַקער לאַנגיאַריקער פריינט פון שזרן, שרייבט אין זיין בוך: „זלמן שזר נשיא וסופר" (העברעיש, יידיש), צו שזרס 80טן געבוירנטאָג — י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל אביב 1969 — וועגן דעם עסיי:

„אידישע גביות עדות איז אַ גרויסע היסטאָרישע פאַרשאַרבעט, וואָס בלויז איין קאַפּיטל אירער איז פּובליקירט געוואָרן אין די היסטאָרישע שריפטן, ערשטער באַנד, אַלע איבעריקע קאַפּיטלען וואַרטן נאָך אין זיין שופלאָד אויף זיין ענדגילטיקער רעדאַקציע, און אויף אַ געהעריקן אַריינפיר. און ווען זיי וועלן דערזען דאָס ליכט פון דער וועלט, וועלן זיי זיכער זיין אַ רייכער קוואַל פון מאַטעריאַלן פאַר דער אַלזייטיקער היסטאָרישער פאָרשונג פון די דערמאָנטע יאָרהונדערטער.

און ווען שזר זאָל דאָס אַלץ אויפזאַמלען.... וועט זיך אַרויסווייזן, אַז ער פאַרמאָגט אַן אַנזעעוודיקן פאַרמעגן פון היסטאָרישע אַנטוויקלונגען, אויספאָרשונגען און אָפּהאַנדלונגען, וואָס זיכערן אים אַ בכבודיקן פּלאַץ אין אונדזער היסטאָרישער וויסנשאַפט".

# פּופּצן שפּראַכן ביי יידן — און יידיש

אַמאָל, ערגעץ אין אַ מסיבה פון העברעאישע שרייבערס האָט חיים נחמן ביאַליק געזאָגט, אַז אין משך פון פיל יאָרהונדערטער פון יידישער וואַנדערונג, האָבן יידן גערעדט אויף 15־16 יידישע שפּראַכן. אַלע די שפּראַכן האָט דאָס פאָלק פאַרגעסן און אַוועקגעוואָרפן. אין זיין עסיי „דאָס העברעאישע בוך" זאָגט ער: „אַלע שפּראַכן וואָס אונדזערע אבות האָבן אויף זיי גערעדט דורך אַ משך פון הונדערטער יאָרן, זיינען אונטערגעגאַנגען איינע נאָך דער אַנדערער און דאָס גאַנצע גייסטיקע פאַרמעגן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף זיי, ליגט און פוילט אין די אַרכיוון און איז פאַרגעסן געוואָרן.

...דער לעבנס־אוצר און בית עולם פאַרן גייסטיקן פּקדון פון יידישן פאָלק איז געווען און וועט ווייטער זיין — בלויז אין דער העברעאישער שפּראַך".

אין יאָר 1931 איז ח. נ. ביאַליק געווען אויף אַ באַזוך אין די יידישע ישובים אין מזרח־אייראָפּע, און האָט אין וואַרשע אויף אַן עפנטלעכער פאַר־זאַמלונג ווידער גערעדט וועגן די 16 שפּראַכן און האָט יידיש אויך צוגע־רעכנט צו דער קאַטעגאָריע פון פאַרגעסנקייט און אונטערגאַנג. און מיט 26 יאָר שפּעטער, אין 1957, האָט אויך דער פּרעזידענט פון מדינת ישראל, יצחק בן צבי, אין אַ שמועס מיט יעקב פּאַט אַרויסגעזאָגט דעם זעלביקן געדאַנק: „מיר זיינען געווען אַ פאָלק פון אַזוי פיל לשונות. עס האָבן גע־אַרבעט כּוחות פון אַסימילאַציע. יידן האָבן גערעדט שפּאַניש — קנאַפּע שפּורן פון דעם פאַרבליבן. טערקישע יידן ריידן שוין טערקיש. פון דעם קומט ער צו העברעאיש" (יעקב פּאַט, שעהען מיט יצחק בן צבי, די גאָלדענע קייט, נומ׳ 30, 1958).

לאָמיר פּרואוון עטלעכע פון די שפּראַכן און אַנאַליזירן, צי איז אויך יידיש איינע פון זיי וואָס דאָס פאָלק האָט אַוועקגעוואָרפן און פאַרגעסן.

### 1. אַראַמיש

לערך 1000 יאָר, זינט דעם 2טן יאָרהונדערט פאַר דער אַלגעמיינער צייטרעכענונג, האָט אַ באַטייטיקער טייל פון יידישן פאָלק גערעדט אויף דער שפּראַך, וואָס איז געווען די „לינגוואַ פראַנקאַ" — די אומגאַנג־שפּראַך

— (ווי אויך די ליטעראַרישע) פון נאָענטן מזרח. אויף אַראַמיש זיינען געשריבן געוואָרן טיילן פון די ספרים פון תנ״ך (דניאל, עזרא). אויך אין אַנדערע ספרים פון תנ״ך זיינען פאַראַן אַראַמישע ווערטער און אויסדרוקן. דער תנ״ך ווערט עד היום געדרוקט מיט דער איבערזעצונג אויף אַראַמיש, אויף תרגום. עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ מנהג, אַז אַלע פרייטיק איז אַ ייד מעביר די סדרה פון דער וואָך שנים מקרא ואחד תרגום. דאָס הייסט, צוויי מאָל זאָגט מען איבער דעם פסוק אין העברעאיש און איין מאָל אין דער אַראַמישער איבערזעצונג פון תרגום אונקלוס. אויף אַראַמיש איז אויך געשריבן דער תלמוד בבלי און ירושלמי. דער קלאַסישער ספר פון קבלה, דער זוהר, איז אויך געשריבן אין דער שפּראַך.

ביז היינטיקן טאָג איז אין דער יידישער ליטורגיע פאַרבליבן אויף אַראַמיש: דער קדיש, יקום פורקן, די הייליקסטע תפילה פון יום כיפּור — כל נדרי, דער אָנהייב פון דער הגדה של פסח — הא לחמא עניא, און דער סוף — חד גדיא, דער טעקסט פון דער כתובה און פון גט.

## 2. גריכיש

אין די לענדער וואָס אַלעקסאַנדער מוקדון האָט איינגענומען (אין 4טן יאָרהונדערט פ.ק.ג.) האָט זיך פאַרשפּרייט די העלעניסטישע קולטור און די גריכישע שפּראַך. באַזונדערס אין די לענדער צו דרום פון מיטללענדישן ים. אַלעקסאַנדריע פון מצרים איז געוואָרן דער צענטער פון דער העלעניסטישער קולטור. אין 3טן י״ה פ.ק.ג. איז אין אַלעקסאַנדריע געווען אַ גרויסע יידישע באַפעלקערונג, וואָס איר אומגאַנג און קולטור־שפּראַך איז געווען גריכיש. קיין העברעאיש האָבען זיי שוין נישט פאַרשטאַנען, און עס איז געווען נייטיק צו איבערזעצן פאַר זיי די תורה אויף גריכיש (די סעפּטואַגינטא — די איבערזעצונג פון 70). דער יידישער פילאָזאָף פילא פון אַלעקסאַנדריע (אין די אַלטע יידישע ספרים ווערט ער גערופן ידידיה האלכסנדרוני) האָט זיינע ווערק געשריבן אויף גריכיש. די ספרים פון אַפּאָקריפן (הספרים החיצונים) זיינען צו אונז דערגאַנגען אין דער גריכישער שפּראַך. עס איז דאָ אַ מיינונג צווישן די געלערנטע, אַז דער ערשטער יידישער היסטאָריקער יאָזעפוס פלאַוויוס — יוסף בן מתתיהו — האָט זיינע ווערק געשריבן אין גריכיש (אָדער אַראַמיש), וואָס איז אין 1טן יאָרהונדערט געווען די שפּראַך וואָס איז געווען זייער אָנגעזען אין דער רוימישער אימפּעריע.

### 3. אַראַביש

מיטן אויפקום און פאַרשפּרייטונג פון דער אַראַבישער הערשאַפט, אָנהײבנדיק פון זיבעטן הונדערט, האָבן יידן געוואוינט אין אַראַביע און אין איינגענומענע לענדער (צפון אַפריקע און שפּאַניע). זייער אומגאַנג, און שפּעטער — זייער קולטור־שפּראַך איז געווען אַראַביש. אויף דער שפּראַך זיינען געשריבן געוואָרן גרויסע ווערק פון יידישע דענקער, געלערנטע און פּאָעטן, רבנו סעדיה גאון, דער רמב״ם און יהודה הלוי. די אומגאַנגשפּראַך פון די יידן אין די מאָכמעדאַנישע לענדער איז ביז היינטיקן טאָג אַראַביש אָדער אַראַבישע דיאַלעקטן.

### 4. לאַטיין

אין רוים האָבן די יידן אין די אַלטע צייטן גערעדט אויף לאַטייניש מיט אַ צומיש פון העברעישע ווערטער.

### 5. פּראָוואַנסאַליש

די יידן אין דרום־פראַנקרייך האָבן אין מיטלאַלטער גערעדט די פּראָוואַנסאַלישע שפּראַך.

### 6. פראַנצויזיש

אין צפון פראַנקרייך האָבן יידן גערעדט פראַנצויזיש. דער גרויסער קאָמענטאַטאָר רבי שלמה יצחקי (רש״י) וואָס האָט געלעבט אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד אין 11טן יאָרהונדערט פאַרטייטשט די שווערע ווערטער פון חומש אויף אַלט־פראַנצויזיש, ער רופט עס אָן בלע״ז — בלשון עם זר — אויף אַ שפּראַך פון אַ פרעמדן פאָלק.

די פילאָלאָגן פון אַלט־פראַנצויזיש באַטראַכטן רש״ס דערקלערונגען פון די העברעישע ווערטער אויף פראַנצויזיש פון זיין צייט, ווי וויכטיקע מקורים פון שטודירן דאָס מיטלאַלטערלעכע פראַנצויזיש. עס זיינען וועגן דעם געשאַפן געוואָרן אַ סך פילאָלאָגישע ווערק.

### 7. דזשודעזמע, שפּאַניאָליש, לאַדינאָ

אַזוי רופט זיך די שפּראַך פון די ספרדישע יידן, ד. ה. פון די יידן וואָס שטאַמען פון די פּאַרטריבענע פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל (גולי ספרד).

לאַדינאָ איז גענומען פון שפּאַניע (קאַסטיליש) און פאַרמאָגט אַ העברעאישן

עלעמענט. זי דינט נאָך ווי די אומגאַנג־שפּראַך ביי אַ געוויסער צאָל יידן אין די באַלקאַנישע לענדער און אין צפון אַפריקע. עס זיינען אויף דער שפּראַך געדרוקט געוואָרן ספרים מיט יידישע אותיות (העברעיִשע). קיין אָריגינעלע ווערק, וואָס זאָלן באַרייכערן די יידישע קולטור און דעם יידישן געדאַנק זיינען אויף דער שפּראַך ניט געשאַפן געוואָרן.

## 8. פּערסישע דיאַלעקטן

אין פּערסיע און אין די שכנישע לענדער האָבן יידן געוואוינט נאָך זינט דעם 3טן יאָרהונדערט פאַר דער אַלגעמיינער צייטרעכענונג אין אַ גאַנץ באַטייטיקער צאָל. זייער שפּראַך איז געווען פּערסיש, מיט העברעיִשע עלעמענטן.

## 9. גרוזיניש

די קאַווקאַזער יידןריידן גרוזיניש מיט אַ צומיש פון העברעיִשע ווערטער.

---

מיר האָבן אויסגערעכנט ניין שפּראַכן חוץ העברעאיש און יידיש. אַוודאי קען מען אַנציילן ביז 15, אויב מ'זאָל צורעכענען נאָך עטלעכע לשונות אין פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט, וואו יידן האָבן געוואוינט, אָדער וואוינען נאָך עד היום, און ריידן אויף די שפּראַכן פונעם לאַנד (טערקיי, אינדיע א.אַנד).

אָבער באמת יידישע שפּראַכן, וואָס גרויסע יידישע קיבוצים האָבן זיך מיט זיי באַנוצט אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן אין משך פון אַ לענגערער צייט; וואָס יידן האָבן אויף זיי געשאַפן אָריגינעלע ווערק, וועלכע זענען עד היום אַ קנין פון פאָלק; שפּראַכן, וואָס יידן אַליין האָבן זיי באַטראַכט פאַר אייגענע — זיינען בלויז דריי: העברעיש, אַראַמיש און יידיש.

העברעאיש איז די שפּראַך פון תנ״ך און פון דער משנה. אויף דער שפּראַך זיינען געשאַפן געוואָרן אָריגינעלע גרויסע ווערק אויף פאַרשיידענע פעלדער פון יידישן גייסטיקן לעבן פון די עלטסטע צייטן ביז היינט.

זי איז אין משך פון דורות געווען אַ לשון קודש — אַ הייליקע שפּראַך — ד.ה. אַ לשון פון תפילות און ספרים, און ניט קיין לעבעדיקע אומגאַנג־שפּראַך.

אין די לעצטע יאָרצענדליקער איז העברעאיש צוריק געוואָרן אַ לעבעדיקע שפּראַך פון דעם ישוב אין ארץ ישראל, שפּעטער: מדינת ישראל.

אַראַמיש איז דורך דער יידישער טראַדיציע קאַנאָניזירט געוואָרן ווי

איינע פון די יידישע שפראַכן, אויף וועלכער עס זיינען געשאַפן געוואָרן בלייבנדיקע קולטור־ווערטן אין יידישן גייסטיקן אוצר.

די דריטע שפראַך, וואָס איז פונעם פאָלק אַליין אָנגערופן געוואָרן „יידיש״, ד.ה. די שפּראַך פון די יידן, איז אַ לעבעדיקע שפּראַך ביי אַ באַדייטיקן טייל פון יידישן פאָלק אין די גרעסטע ישובים פון דער וועלט — צפון און דרום אַמעריקע, ישראל, אייראָפּעישע לענדער, דרום־אַפריקע און אויסטראַליע, ווי אויך אין אייראָפּעישן טייל פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

צענדיקער טעגלעכע יידישע צייטונגען דערשיינען אין דער וועלט. הונדערטער יידישע ביכער און פּעריאָדישע אויסגאַבעס ווערן אַרויסגעגעבן אַלע יאָר.

ביז דעם גרויסן חורבן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז יידיש געווען די שפּראַך פון דעם רוב יידן אין דער וועלט. יידיש באַגלייט דאָס יידישע פאָלק אויף זיינע וואַנדערונגען איבער דער וועלט די לעצטע 800־900 יאָר.

אין משך פון הונדערטער יאָרן האָבן יידישע קינדער און יוגנטלעכע געלערנט אין חדרים און ישיבות תנ״ך און גמרא מיט זייערע מפרשים אויף די אָריגינעלע לשונות (העברעיש און אַראַמיש) מיט אַ יידישער איבערזעצונג (פאַרטייטשונג) וואָרט ביי וואָרט.

---

אין די לעצטע 100 יאָר איז אויף דעם מאָדערנעם יידיש געשאַפן געוואָרן אַ רייכע ליטעראַטור. עס זיינען אויפגעקומען גרויסע פּאָעטן און פּראָזע־מייסטערס.

לויט איר איכות און מהות איז די נייע יידישע ליטעראַטור אַ גרויסער נאַציאָנאַלער אוצר, וואָס וועט דערהייבן און באַגייסטערן די קומענדיקע יידישע דורות. מענדעלע, שלום עליכם, רייזען, פּרץ, שלום אַש, יהואָש, אָפּאַטאָשו, ה. לייוויק און צענדליקער עלטערע און יונגע שרייבערס זיינען פון אַזאַ קאַליבער, וואָס אַלטע, גרויסע ליטעראַטורן וואָלטן זיך געגרויסט מיט זיי.

עס איז אין משך פון די לעצטע 40 יאָר פ אַ ר 1939 אויפגעקומען די נייע יידישע שול, וואָס האָט אַריינגעשריבן אַ גאָלדן בלאַט אין דער געשיכטע פון יידישן חנוך. יידישע שולן מיט טויזנטער קינדער עקסיסטירן איצט אין די יידישע ישובים פון דער וועלט.

יידיש איז אין די לעצטע 50 יאָר געוואָרן אַ מאָדערנע רייכע שפּראַך. יידישע פילאָלאָגן, פאָרשערס פון לשון און ליטעראַטור, ווי בער באָראָכאָוו, טשעמערינסקי, נחום שטיף, זלמן רייזען, נח פּרילוצקי, דר. יעקב שאַצקי, מאַקס עריק, דר. מאַקס ווײַנרייך דר. אוריאל ווײַנרייך, ש. ביגער און אַ רייע אַנדערע האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור.

שוין קרוב 50 יאָר עקסיסטירט דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטי־טוט—ייוואָ —. געשאַפן געוואָרן אין ווילנע אין 1925, און איז אין 1940 איבער־געפלאַנצט געוואָרן אויפן באָדן פון אַמעריקע. אין משך פון דער צייט ביז איצטיקן מאָמענט האָט דער ייוואָ פּובליקירט צענדליקער וויסנשאַפטלעכע ווערק איבער דער יידישער שפּראַכפאָרשונג, יידישער געשיכטע און עקאָנאָ־מיק. די פאָרשאַרבעט פונעם ייוואָ האָט אומגעהויער באַרייכערט די יידישע וויסנשאַפט, און האָט פאַרשאַפט כבוד און פּרעסטיזש דער יידישער שפּראַך און קולטור אין די אַקאַדעמישע קרייזן פון דער גאַנצער וועלט, באַזונדערס אין די פאַראייניגטע שטאַטן.

קאַטעדרעס פאַר דער פאָרשונג פון דער יידישער שפּראַך און קולטור זיינען איצט פאַראַן אין אַ סך אַמעריקאַנער און קאַנאַדער אוניווערסיטעטן, ווי אויך אין די אוניווערסיטעטן פון מדינת ישראל.

יידיש איז געוואָרן דער לשון קדושים (לויטן באַרימטן אויסדרוק פון דר. חיים ווייצמאַן), מיט יידיש אין מויל און אין די געדאַנקען זיינען מיליאָנען יידן געגאַנגען זייער לעצטן וועג.

קיינער טאָר זיך דעריבער ניט דערלויבן צו ריידן און שרייבן וועגן אונד־זער לשון מיט גרינגשעצונג. מען דאַרף ניט פאַרגלייכן יידיש מיט איינער פון די פרעמדע שפּראַכן, אָדער דיאַלעקטן, וואָס יידן האָבן אַמאָל אָדער לעצטנס איבערגענומען, האָבן אָבער זיי קיין מאָל ניט באַטראַכט פאַר יידישע שפּראַכן.

אין 1908 האָט די ערשטע יידישע שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ פּראָקלאַמירט יידיש ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק.

זינט יענעם יאָר זיינען אויף דער וועלט פאָרגעקומען צוויי מלחמות, רעוואָלוציעס; אימפעריעס זיינען אונטערגעגאַנגען, נייע מלוכות זיינען אויפגעקומען.

## עסייען

**אין יידישן לעבן זיינען אין די יאָרן געווען מאָמענטן פון פרייד און דערהייבנקייט און פון מוראדיקן חורבן. דער וויטאַלער און שאַפערישסטער טייל פון אונדזער פאָלק — דער פּילמיליאָניקער מזרח־אייראָפּעישער ישוב — איז פאַרשניטן געוואָרן; אַ גרויסער לעבעדיקער קיבוץ איז אַנטשטאַנען אין דער ניי־געשאַפענער מדינת ישראל.**

אָבער די פּראָקלאַמירונג און אויפהאַלטונג פון יידיש ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק איז היינט פּונקט אַזוי וויכטיק, נייטיק און גילטיק ווי מיט איבער 60 יאָר צוריק. און אויף אונדזער דור ליגט די גרויסע אחריות צו זען, אַז דאָס זאָל בלייבן אַ הייליקער געבאָט און אַן אייביקע לעבעדיקעווירקלעכקייט.

# אַבעלאַר און העלויז — דער סענסאַציע־ראָמאַן אין מיטלאַלטער

צום 50טן געבוירנטאָג פון ה. לייוויק האָט דער יובל־קאָמיטעט אין 1940 אַרויסגעגעבן אַלע ווערק פון דעם דיכטער אין צוויי בענד. דער צווייטער באַנד באַשטייט פון פיר דראַמאַטישע פּאָעמעס: דער גולם; די גאולה־קאָמעדיע; די קייטן פון משיח און אַבעלאַר און העלויז.

אין פלוג, האָט די פערטע פּאָעמע קיין שום שייכות נישט מיט די ערשטע דריי הן לויט דער סביבה, הן לויט די פּערסאָנאַזשן. דער מהר״ל, פּראג, רוים, אליהו הנביא, משיח בן יוסף, בן דוד, און — פּאַריז, אַ קאַטוי־לישער טעאָלאָג, אַ מאָנאַסטיר, אַ נאָנע, מאָנאַכן, 12טער יאָרהונדערט — וואָס פּאַר אַ פאַרבינדונג קען זיין צווישן זיי? אָבער אין דער אמתן איז אַלץ פאַר־בונדן מיט לייוויקס שאַפונג־אידייען.

ביים אָנהייב פון דער דראַמע פירן אַריין צוויי מאָנאַכן אַבעלאַרן אַ צע־שלאָגענעם, קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס, אין אַ שטראָף־צעלע פון מאָנאַסטיר.

פּיער אַבעלאַר (געבאָרן אין 1079, געשטאָרבן — 1142) איז געווען אַ פילאָסאָף, טעאָלאָג און אַ פּראָפעסאָר אין פּאַריזער אוניווערסיטעט. אין 12טן יאָרהונדערט איז פראַנקרייך געשטאַנען אויף דער העכסטער שטופע פון ביל־דונג אין מערב־אייראָפּע. דער פּאַריזער אוניווערסיטעט איז געווען אַ מוסטער־אַנשטאַלט אין סכאָלאַסטישער פילאָסאָפיע. די גרעסטע לערערס פון יענער צייט זיינען געווען פּראָפעסאָרן אין דער פּאַריזער הויכשול. טויזנטער סטו־דענטן פון גאַנץ אייראָפּע האָבן געשטראָמט קיין פּאַריז, און אַבעלאַר איז גע־ווען דער באַרימטסטער און באַליבטסטער לערער פון דער יוגנט. ער איז געווען אַ באַגייסטערטער לעקטאָר און אַ נאָן־קאָנפאָרמיסט, ווי מען וואָלט אים הייַנט אָנגערופן. שוין אין 13טן יאָרהונדערט, ווען גאַנץ אייראָפּע, אויך אין פראַנק־רייך, האָט אין די לערן־אַנשטאַלטן געהערשט די מיטלאַלטערלעכע סכאָ־לאַסטיק, דער פּויפּסט, דער קלער און די תורה פון די קירכן־פּאַטערס זיינען געווען די העכסטע אויטאָריטעטן אין אַלע פעלדער פון מענטשלעכן לעבן און

געדאַנק — שוין דעמאָלט איז אַבעלאַר געווען אַ ראַציאָנאַליסט, וואָס האָט געלערנט אַז דעם אמת דאַרף מען זוכן מיט דעם שכל (ראַציאָ איז שכל אויף לאַטייניש). ער האָט אַרויסגעזאָגט געדאַנקען, וואָס זענען געווען ניט אין הסכם מיט דער רעליגיעזער דאָגמע, לויט דער אינטערפּרעטאַציע פון קירך. ער איז געווען עקשנותדיק אין זיינע איבערצייגונגען, און האָט זיי פאַרטיידיקט אויף אַ גלענצנדיקן אופן. די גייסטלעכע האָבן געזאָגט וועגן אים אַז ער איז אַ כופר, אַן אַפּיקורס.

פאַרנומען אין נאַרישער גאווה נאָך אַלץ
מיט צוטראַכטן נאַרישע מחשבות אַזוינע,
מיט אויסזיכטן נייערע וועגן צו גאָט
און אַנדערע נייערע וועגן צו מענטשן

עס דערגייט שוין אַזוי ווייט, אַז אַ מאָנאַך זאָגט אויף אים אַז ער גלויבט שוין בישט אין קריסטוסן, דאָס מיינט אַז ער איז אַ כופר בעיקר.
מען שרייבט אים צו אַז ער פּריידיקט

מען דאַרף זיך נישט שרעקן פאַר רוחות און שדים ..
דאָס בעסטע אויף דער ערד איז דאָס לעבן
דאָס שענסטע אויף דער ערד איז די ליבשאַפט.

ער איז שוין בישט קיין לערער, ער איז אַ מאָנאַך. ער רעדט צו די פּויע־רים אין די דערפער זיינע אַפּיקורסישע רייד. זיי האָבן אים צעממיתט, און די מאָנאַכן האָבן אים געראַטעוועט פון דעם צאָרן פון די פּויערים.

ער איז שוין 50 יאָר אַלט, אָבער מיט 15 יאָר צוריק, ווען ער איז נאָך געווען דער באַגייסטערטער פּראָפעסאָר אין פּאַריזער אוניווערסיטעט, איז זיינע אַ שילערין געווען העלואיז, אַ 17 יאָריקע פּרעכטיק־שיינע מיידל, איינע פון די בעסטע שילערין זיינע. זי איז געווען פעיק, טאַלענטירט און שטערב־לעך פאַרליבט אין איר לערער. עס פאַרבינדט זיך צווישן זיי אַ ראָמאַן.

איין מאָל, ווען די פאַרליבטע פּאָר איז געווען צוזאַמען, האָבן אַריינגע־שיקטע פון דער מיידלס פעטער, וואָס איז געווען קעגן דער „פאַרברעכערי־שער ליבע", זיך אַריינגעריסן אין אַבעלאַרס צימער און איבער אים באַגאַנ־גען אַ שענדלעכע אָפּעראַציע, וואָס האָט אים אויף שטענדיק באַרויבט פון מענטשלעכער ליבע.

דאָס איז געווען מיט 15 יאָר צוריק. אין דער שטראָף־קאַמער, וואו מען האָט אים איצט געבראַכט, לעבט ער איבער אַ מוראדיקן „שאָק” ווען ער דערוויסט זיך, אַז דער וואָס האָט איבער אים אַזוי ברוטאַל דורכגעפירט די אָפּעראַציע אַמאָל, איז איצט דער הויפּט־אויפזעער פון דעם מאַנאַסטיר, ער הייסט פּאַטער גרעגאָר, וואָס איז דעמאָלט אַליין געווען פאַרליבט אין העלויז.

באַך יענעם צופאַל איז העלויז שרעקלעך צעטרייסלט. זי געפינט זיך קיין אָרט ניט. זי וואַנדערט פון איין פרויען־מאַנאַסטיר צום צווייטן, ניט געקוקט אויף דעם געשעענעם, האָבן זיי זיך ביידע ליב מיט אַן איבער־מענטשלעכער ליבשאַפט. זיי שרייבן זיך איבער געהיים. אירע בריוו צו אים איז אַן אומשטערבלעכער מוסטער פון אַ ליבע אָן גרענעץ, ביז צו פאַרגעסן זיך און זיך בשמחהדיק פאַראייניקן און צונויפגיסן זיך מיט דעם געליבטן.

ווען העלויז דערוויסט זיך אַז ער ווערט געפייניקט אין מאַנאַסטיר־צעל, פאַרשטעלט זי זיך פאַר אַ שטומען מאָנאַך און באַווייזט זיך אין זיין קאַמער. ווען זיי בלייבן אַליין לאָזט זי זיך צו אים דערקענען.

זייער באַגעגעניש איז פריידיק־טראַגיש. זי טרייסט אים און וויל שטאַרקן זיין געמיט.

דורך אַלע קאַלטע ווענט האָב איך גערופן
די פייערדיקע כוחות פון דער וועלט, זיי זאָלן קומען
באַהעפטן זיך אין דיר, אַבעלאַר,
און זאָלן דיר העלפן טראָגן דיין אויסדערווײלטקייט. —
און מיין הילף האָב איך דיר געשיקט אין גאַנצן.
איך האָב די פולקייט פון מיין ברוסט פאַרמאַגערט,
כדי עס זאָל מיר קיינער ניט באַגערן,
און קיינער זאָל מיך ניט באַרירן;
איך האָב אָפּגעשניטן מיינע לאַנגע האָר,
און מיטן זעלבן מעסער רואיק און געדולדיק
געשניטן מיינע יאָרן, ווי מען שניידט אָפּ זאַנגען;
די זאַנגען בינדט מען אויף אין גאַרבן, —
אַזוי האָב איך צונויפגעבונדן מיינע יאָרן ..
אין פילע גאַרבן, און זיי געבראַכט איצט צו דיר

אויף מיינע אַקסלען אָנגעלאָדענערהייד,
דו זאָלסט זיי אויסשפּרייטן אויף דיין געלעגער...
און ווייכער מאַכן דיין געמיין בעט,
אַ, נעם אַבעלאַר, לייג אויס די גאַרבן,
און איך וועל שטיין אין ווינקל און וועל קוקן,
אַ שטומער וואַנדערער, וואָס שטייט ביי דער זייט.

אַ צעפּייניקטער און אַ באַגייסטערטער גייט ער אַראָפּ פון זיין בעט און רופט אויס:

אָ, העלואיז, דערנענטער זיך צו מיר ..
דעק אָפּ דיין פּנים...
און טרעט אַריבער איבער אַלע מוראס. —
דערלייז מיך פון מיין גוף.
מיין גייסט איז קלאָר פאַר מיר געווען און ליכטיק
ער האָט געפירט מיך צו דער אָפענער וועלט
צו מענטש, נאַטור — און גאָט דערקענטעניש
צום גרויסן שכל. — און דורך גרויסן שכל
געזען האָב איך די שטרויכלונגען און טעותן און עוולות
וואָס גאָט — נאַטור — און מענטש באַגייען;
כ'האָב פיין געזען, און אָרעמקייט און טרערן,
און אַבערגלויבערישע נאַרישקייט און רשעות,
און כ'האָב געהאָדעוועט אין זיך אַ ווילן
פון עוולות און פיין די וועלט באַפרייען,
און גוף און גייסט זאָל ווערן איינס —
באַזיגטער איינס — נאָר ניט באַשערט געווען
דער חלום מיינעם צו פאַרווירקלעכן.

זי מוטיקט אים, און אין אַ באַשטימטן מאָמענט גנבענען זיי זיך אַרויס פון מאָנאַסטיר. זיי פרייען זיך מיט זייער פריישאָפט אונטערן פרייען הימל. דעמאָלט באַמערקט ער, אַז איר קערפּער איז אין גאַנצן אַרומגעוויקלט מיט אייזערנע קייטן. זי האָט עס פרייוויליק געטאָן במשך פון 15 יאָר, כדי זי זאָל ווי ער פילן די קערפּערלעכע אוממעכטיקייט. דער פאָטער גרעגאָר דעריאָגט זיי. אַבעלאַרן פירט מען צוריק אין תפיסה־צעל, און זי וואַנדערט אַוועק אין דער אומבאַקאַנטקייט.

דעם פּאָטער גרעגאָר ווייזט זי אַרויס די טיפסטע פּאַראַכטונג. פאַרן אַוועקגיין זאָגט זי צו אים:

געפּייניקט זיינען אַלץ נאָך די גערעכטע,
און עלנט זיינען אַלץ נאָך די וואָס האָבן ליב.
פאַר יעדן קרעכץ פון ווייטאָג און דערנידעריקונג
אַ חשבון וועט איר געבן,
איר וועט דעם חשבון מוזן געבן.

די ליבשאַפט פון ביידע מענטשן איז ניט בלויז אַ סימבאָל פון ליבע און טרייקייט, ווי אין ראָמעאָ און דזשוליעט. דאָ זיינען פאַראַן די מאָמענטן פון גאולה, פון אויסלייזונג און פון אויפלייזונג, ווי אין די משיח־דראַמעס. דער חילוק איז נאָר, וואָס אין יענע דראַמעס קומט צום אויסדרוק אַ שטרעבונג צו קאָלעקטיווער גאולה. אין „אַבעלאַר און העלואיז" איז דאָ די אידייע פון אינדיווידועלע גאולה. נאָך דער אינדיווידועלער דערהייבונג וועט קומען די גייסטיקע אויסלייזונג.

עס איז אויך פאַראַן דער עקדה־מאָטיוו: העלואיז ברענגט זיך פאַר אַ קרבן, וואָס קומט פון איבערמענטשלעכער געטריישאַפט און אייביקער ליבע.

„אַבעלאַר און העלואיז" איז אַ שיינענדיקער דימענט אין דער יידישער און אַלמענטשלעכער פּאָעזיע.

מיין פרוי מ ר י ם (לערערין מאַניע)
און איר שוועסטער חיהלע קאַראַס
וואָס זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן און
אומגעקומען אין אַ נאַצישן קאָנצענ־
טראַציע־לאַגער נאָך דער ליקווידאַציע
פון ווילנער געטאָ אין סעפּטעמבער
1943 — צום הייליקן אָנדענק.

# צום אָנדענק פון צוויי יידישע קעמפּערס און מאַרטירערס

צען יאָר זיינען שוין אַריבער זינט עס איז געשען דער שוידערלעכער פאַרברעכן: העינריק ערליך און וויקטאָר אַלטער זיינען קאַלטבלוטיק און אַכזריותדיק דערהרגעט געוואָרן (דער אַרטיקל איז געשריבן און פאַרעפנט־לעכט געוואָרן אין 1951).

און געשען איז דאָס נישט אין אוישוויץ אָדער טרעבלינקע, נישט לויטן באַפעל פון דער נאַצישער געסטאַפּאָ, נייערט אין די תפיסה־קעלערן פון קויבישעוו, לויט דער פאַראָרדענונג פון דער סאָוועטישער „סאָציאַליסטישער" מאַכט. די דאַטע פונעם מאָרד: דעצעמבער 1941. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען די נאַצישע געפּאַנצערטע פויסט האָט שוין געקלאַפּט אין די טויערן פון מאָסקווע; ווען די „פריינד און אַליאירטע" פון די סאָוועטן האָבן אַזוי שענדלעך פאַרראַטן און צעטראָטן דעם אָפּמאַך וואָס זייער ריבענטראָפּ האָט געשלאָסן מיט מאָלאָטאָוון; ווען די פרייע, דעמאָקראַטישע וועלט איז געשטאַ־נען אין אַ פאַרביטערטן גוראַנגל קעגן די דייטשן; ווען אין די הערצער פון יידן פון דער גאַנצער וועלט האָט געגליט די שנאה צו די היטלער־מערדערס — דעמאָלט האָט די סאָוועטישע מאַכט געפונען פאַר מעגלעך אומצוברענגען די צוויי סאָציאַליסטישע פירערס.

צוליב זייער בשותפותדיקן גורל און טראַגישן מאַרטירערישן טויט, איז מען צוגעוואוינט צו דערמאָנען ביידן בנשימה אחת — אין איין אָטעם — ערליך און אַלטער. אָבער יעדערער פון זיי איז געווען אַ שאַרף אויסגע־שפּראָכענע פּערזענלעכקייט. ערליך איז געווען רואיק, געלאַסן, לאָגיש און פּרעציז; אַלטער — ברוזנדיק, טעמפּעראַמענטפול, רירעוודיק. זיי זיינען גע־ווען פאַרבונדן אין אינטימער האַרציקער פריינדשאַפט זינט 1918, ווען ביידע האָבן זיך אומגעקערט „אַהיים", קיין פּוילן, נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרענדיקט שטודירן אין מערב־אייראָפּע און אין רוסלאַנד אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון 1917.

אין משך פון צוויי יאָרצענדליקער, ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה פון 1939, זיינען זיי געווען די פירערס פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי



הענריק ערליך

„בונד" אין פוילן. די צוויי נעמען זיינען געוואָרן דער סימבאָל פון דעם אויפ־געוואַכטן יידישן אַרבעטער־פאָלק.

שטאָלצע און קעמפנדיקע פיגורן, קרישטאָל־ריינע פערזענלעכקייטן, מענטשן פון הויכן מאָראַלישן און עטישן ניוואָ. מיט אַלע פיבערן פון זייערע דערהייבענע נשמות, האָבן זיי געלעבט מיט דעם אידעאַל פון מענטשלעכער פרייהייט. ערליך איז געווען דער פאָליטישער אויטאָריטעט פון דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט, הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער יידישער צייטונג „פאָלקס־צייטונג", גלענצנדיקער פובליציסט און רעדנער. וויקטאָר אַלטער איז געווען דער פאָרזיצער פון צענטראַלראַט פון די יידישע פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (יוניאָנס) אין פוילן. זיי האָבן אַרויסגערופן צו זיך דעם גרעסטן רעספּעקט מצד זייערע פאָליטישע קעגנערס און טיפן יראת־הכבוד פון די יידישע פאָלקס־מאַסן.



וויקטאָר אַלטער

אין וואַרשעווער שטאָטראַט האָבן זיי ליידנשאַפטלעך פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג פון דער הויפטשטאָט. ערליך, ווי אַ באַרימטער אַדוואָקאַט, איז אָפט אַרויסגעטראָטן אין פּאָליטישע פּראָצעסן צו פאַרטיידיקן קאָמוניסטן, הגם די קאָמוניסטישע פאַרטיי אין פּוילן האָט מיט די געמיינסטע מיטלען געקעמפט קעגן דער השפּעה פון בונד אויף דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

וויקטאָר אַלטער האָט ביי זיין אינטענסיווער פּאָליטישער און זשורנאַליס־טישער טעטיקייט אומדערמידלעך און מיט אויסערגעוויינלעכער עקשנות פאַר־טיידיקט און געהאָלפן דעם יידישן פאָלקס־מענטשן, וואָס די אַנטיסעמיטישע, רעאַקציאָנערע שטאָט־טאַטעס פון וואַרשע האָבן באַדראָט דאָס רעכט פון די יידן אויף אַרבעט און האַנדל.

די אָנערקענונג פון מענטשלעכער חשיבות און קולטורעלער דערהייבונג

פון דעם יידישן אַרבעט־מענטשן אין פּוילן פאַר די צוואַנציק יאָר ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז ענג פאַרבונדן מיט דעם לעבן און קאַמף פון ערליך און אַלטער, וועלכע האָבן מיט זייער טאַלאַנט, מוח און האַרץ געדינט דעם יידישן אַרבעטנדיקן מענטשן.

דעם ערשטן פעברואַר 1939 זיינען די היטלעריסטישע אַרמייען באַפאַלן פּוילן. מיט פינף טעג שפּעטער האָט די וואַרשעווער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז די הויפּטשטאָט וועט נישט קאָנען פאַרטיידיקט ווערן, און אַז אַלע מענער זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט.

צוזאַמען מיט טויזנטער יידן און נישט־יידן האָבן די צוויי יידישע סאָציאַליסטישע פירער אָנגעהויבן זייער וואַנדערונג צו מזרח.

דעם 17טן סעפּטעמבער האָט די מאָסקווער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז די רויטע אַרמיי מאַרשירט קיין מערב כדי צו „פאַרטיידיקן די בלוט־ברידער די ווייס־רוסן און די אוקראַינער“ (מען האָט נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט וועגן דעם צוגאָב־אָפּמאַך פון סטאַלין־היטלער פּאַקט, אַז ביידע שותפים האָבן זיך צע־טיילט מיט פּוילן). די פּליטים האָבן זיך פּלוצלונג געפונען „אונטער די פליגלען“ פון דער רויטער אַרמיי און אונטערן „שוץ“ פון נ.ק.וו.ד׳ (סאָוועטישע געהיים־פּאָליציי).

וויקטאָר אַלטער איז אַרעסטירט געוואָרן אין קאָוועל (וואָלין) דעם 20סטן סעפּטעמבער; הענריק ערליך — דעם 26סטן אין בריסק. אויפן סמך פון די דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם בוך צום אָנדענק פון די צוויי אַרבעטער־פירערס (הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער. פאַרלאַג „אונזער צייט“, ניו־יאָרק, 1951), זיינען מיר אימשטאַנד נאָכ־צוגיין זייער וועג פון פּיין אין די רוסישע תפיסות ביז זייער טראַגישן סוף.

נאָך צוויי יאָר פּייניקן זיי אין די תפיסות־„אויספאָרשונגען“ לויטן באַ־קאַנטן נ.ק.וו.ד.־נוסח, האָט מען זיי געמשפּט אין אַ סאָוועטישן געריכט, און אין אויגוסט 1941 האָט מען ביידן פאַרמשפּט צום טויט. די באַשולדיקונגען קעגן זיי: „געווען פאַרבונדן מיט דער וועלט־בורזשואַזיע; מיטן הסכם פון דער פּוילישער פּאָליטישער פּאָליציי האָבן זיי געפירט אוטנערערדישע אַרבעט אין רוסלאַנד, מיט שפּיאָנאַזש־צוועקן; ווי מיטגלידער פון עקזעקוטיוו פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל זיינען זיי אַ סך יאָרן געווען פאַרנומען מיט אַקטיווער אַנטי־סאָוועטישער טעטיקייט“.

אין אַ חודש אַרום נאָך דעם טויט־אורטייל האָט מען זיי פּלוצלונג באַפרייט, געבראַכט קיין מאָסקווע. מען האָט זיי באַזעצט אין איינעם פון די רייכסטע האָטעלן. מען האָט זיך פאַר זיי אָפיציעל אַנטשולדיקט פאַר די „אומאָנגענעמ־לעכקייטן״, וואָס מ׳האָט זיי פאַרשאַפט. מען האָט זיך כלומרשט איבערצייגט, אַז מען איז געווען לגבי זיי אומגערעכט, מ׳וויל איצט פאַרגיטיקן אַלע עוולות וואָס זיינען געטאָן געוואָרן (זע ערליכס בריוו אין דערמאָנטן בוך, ז. 185). נאָכמער, די סאָוועטישע רעגירונג האָט זיי פאַרגעלייגט זיי זאָלן שאַפן אַ יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט.

ווען די נאַצישע אַרמייען האָבן זיך דערנענטערט צו מאָסקווע, האָט מען ערליכן און אַלטערן אַריבערגעפירט קיין קויבישעוו און אין דעצעמבער 1941 זיינען זיי דערשאָסן געוואָרן.

אין משך פון 14 חדשים האָט די סאָוועטישע מאַכט באַהאַלטן פאַר דער וועלט די שפּורן פון דעם פאַרברעכן. פאַר דער צייט האָבן פאָרשטייערס פון גרויסע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אייראָפּע און אַמעריקע, וויכטיקע פּאָלי־טישע פּערזענלעכקייטן, געמאַכט אַלע באַמיאונגען וועגן דער באַפרייאונג פון די אַרעסטירטע, אַלע אָנפראַגעס און אינטערווענצן האָבן נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן. אַפילו נאָך דעם ווי דער מאָרד איז אויסגעפירט געוואָרן האָבן די אָנפרעגערס באַקומען אַ תשובה, אַז מען וועט דעם ענין אויספאָרשן.

דעם 23סטן יאַנואַר 1942 האָבן אַ רייע אַמעריקאַנער מיט וויליאַם גרין און פיליפ מארי בראש, ווי אויך אַ צאָל שרייבערס און וויסנשאַפטלערס מיט אַלבערט איינשטיין געשיקט צו דער סאָוועטישער רעגירונג אַ דעפּעשע מיטן פאַרלאַנג צו באַפרייען ערליכן און אַלטערן.

אין אַ חודש אַרום האָט דער אַרבעטער־פירער וו. גרין באַקומען פון מאַקסים ליטווינאָוון, דעם סאָוועטישן אויסערן־מיניסטער, אַן ענטפער, אַז נאָך דעם ווי זיי זיינען באַפרייט געוואָרן, „האָבן זיי באַנייט זייערע פיינדלעכע טעטיקייטן, איינשליסנדיק אַפילן צו די סאָוועטישע זעלנער אָפּצושטעלן די בלוט־פאַרגיסונג און תיכף שליסן אַ שלום מיט דייטשלאַנד״. „דעריבער זיינען זיי פאַרמשפט געוואָרן צום טויט און דער טויט־אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן״.

אין דער דיפּלאָמאַטישער קאָרעספּאָנדענץ איז זעלטן צו געפינען נאָך אַזאַ אָפיציעלן רעגירונגס־דאָקומענט, וואָס איז אַזוי צביעותדיק, געמיין און פאַלש.

אין אויגוסט 1936, נאָך דעם גרויסן מאָסקווער פּראָצעס קעגן די טראָצ־קיסטן, ווען אַלע באַשולדיקטע זיינען דערשאָסן געוואָרן, האָט ה. ערליך געשריבן:

„מיר זיינען נישט אימשטאַנד פאָרשטעלן זיך, עס זאָל זיך געפינען אין ערלעכער, אינערלעך פרייער און שטאָלצער מענטש, וואָס זאָל ניט האָבן אויפגענומען די נייס וועגן דעם אויסגעפירטן טויט־אורטייל אין מאָסקווער פּראָצעס מיט אַ געפיל פון טיפסטער און גרוילעכסטער דערשיטערונג, מיט אַ געפיל פון פלאַמיקסטן פּראָטעסט".

---

די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט האָט אויסגעדריקט די מערדערס פון ערליך און אַלטער פּראָטעסט און פאַראַכטונג. די מאַרטירערס וועלן אויף אייביק פאַרבלייבן „די הייליקע און ריינע וואָס שיינען מיט הימלישן גלאַנץ".



פראַנץ קורסקי

# פראַנץ קורסקי

פון זיין פריסטער יוגנט ביז דעם לעצטן מאָמענט פון זיין לעבן איז ער געווען אַ יידישער סאָציאַליסט, אַ פירער פון בונד. ער איז געווען אַ מענטש פון גרויסער מאָראַלישער קראַפט, אַ פערזענלעכקייט פון אַ הויכער עטישער מדרגה. פאַר אים איז סאָציאַליזם נישט געווען בלויז אַ תורה, אַן אַבסטראַקטע לערע, וואָס מען פריידיקט פאַר אַנדערע. זיין גאַנץ רייך און קאָלירפול לעבן איז אַ מוסטער פון ריינעם אידעאַליזם, פון זוכן דעם אמת, פון שטרעבונג צו דער דערהויבונג פון דעם מענטשן. ער האָט קיין מאָל ניט געטראַכט וועגן זיין פערזענלעכן נוצן, אַלע מאָל געלעבט ווי אַן אַסקעט, זיך באַגנוגנט מיט דעם סאַמע נויטווענדיקסטן, שטענדיק אַריינגעטאָן אין לערנען, לייענען און שטודירן.

ער איז געווען דער באַדייטנדיקסטער קענער פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג בכלל און פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג בפרט. זיינע ידיעות אין דעם פעלד זיינען געווען טיפע און גרונטיקע, זיין זכרון — אַ פענאָמענאַלער. ער איז געווען דער פאָטער פון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג, גלייכצייטיק געווען מיט טויזנטער פעדים פאַרבונדן מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער וועלט, האָט פערזענלעך געקאָנט און איז געווען באַפריינדט מיט די וויכטיקסטע פירערס פון אייראָפעאישן סאָציאַליזם. דערביי איז ער געווען טיף און אינטים פאַרבונדן מיט דער יידי־שער ליטעראַטור און יידישע קולטור־פּראָבלעמען. ער האָט געלייענט כמעט אַלץ וואָס איז דערשינען אין יידיש: פּאָעזיע (ער האָט אַמאָל אַליין געשריבן לירישע לידער), פּראָזע, פּובליציסטיק און וויסנשאַפטלעכע ווערק.

זיינע שטודיעס און אַרטיקלען וועגן דער פּיאָנערן־תקופה פון דער יידי־שער אַרבעטער־באַוועגונג צייכענען זיך אויס מיט דעם פיינעם סטיל, קלאָר־קייט און ברייטער ערודיציע. אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען, פאַרעפנטלעכט אין „וועקער" פון 1949 דערציילט קורסקי וועגן צענדליקער פירערס און טוערס פון יידישן סאָציאַליזם — זייערע נעמען, פּסעוודאָנימען און זייערע פונקציעס אין דער באַוועגונג. ער באַשרייבט עס מיט וואונדערלעכער וואַ־רעמקייט און האַרציקייט, ווי אַ מענטש וואָס האָט אַליין מיטגעמאַכט דעם גלאָררייכן פעריאָד, און עס איז געוואָרן אַ טייל פון זיין אינערלעכן לעבן און געמיט.

ער איז אָבער ניט געווען בלויז אַ מענטש, וואָס האָט געלעבט מיט דער פאַרגאַנגנהייט. ער האָט געהאַט אַ לעבעדיקן אינטערעס פאַר אַלץ וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט און אין יידישן לעבן. בטבע איז ער געווען אַ האַרציקער און אַן אויסגעצייכנטער חבר. ער האָט ניט סימפּאַטיזירט מיט מענטשן, וואָס זיינען געווען פּרינציפּלאָזע און פּאָליטיש־ניט ערלעכע, ער האָט זיי אַפילו פיינט געהאַט, אָבער מיט חברים און פריינד איז ער געווען צוגעלאָזן, און האָט זיך אינטערעסירט מיט יעדער פּרט פון זייער פערזענ־לעכן לעבן.

שמואל קאָהן־קורסקי איז געבוירן געוואָרן אין בויסק קורלאַנד, אין סעפּ־טעמבער 1873, באַקומען אַ גוטע יידישע און אַלגעמיינע בילדונג. זייער יונג אַריין אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אַריין מיט דער גאַנצער נשמה און יוגנטלעכן ענטוזיאַזם, אַוועק קיין אויסלאַנד, פון דאָרטן געשטאַנען אין

פאַרבינדונג מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, געהאָלפן חברים וואָס זיינען צוליב פּאָליציייִשע רדיפות געווען געצוואונגען צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד.

זיין לעבנסווערק איז געווען דאָס שאַפן און אויפהיטן דעם בונדישן אַרכיוו, וואו עס זיינען צונויפגעזאַמלט טויזנטער אויטענטישע דאָקומענטן וועגן דער געשכטע פון דער סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד און אין מערב־אייראָפּע בכלל און פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג בפרט.

ער האָט אין משך פון צענדליקער יאָרן געהיט דעם אַרכיוו ווי אַן אויג אין קאָפּ, געוואוסט געניי ווער איז דער מחבר פון יעדער אַנאָנימער בראָשור אָדער פּראָקלאַמאַציע, גרונטיק שטודירט די געשיכטע און אַנטוויקלונג פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק.

צענדליקער פאָרשערס און שרייבערס וועגן דער געשיכטע פון סאָציאַליזם ביי יידן פלעגן זיך ווענדן צו אים נאָך עצות און אָנווייזונגען וועגן דער אָדער יענער אומבאַקאַנטער געשעעניש, וועגן די פּרטים פון לעבן פון דער אָדער יענער פּערזענלעכקייט. ביז דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט ער געלעבט אין גענף, בערלין און פּאַריז.

אין אַפּריל 1917, נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, איז באַשלאָסן געוואָרן צו ליקווידירן די אויסלענדישע אָרגאַניזאַציע פון „בונד" אין זשענעווע, וואָס איז געווען דער וויכטיקער פאַרבינדונג־פּונקט מיט די רוסלענדישע אָרגאַניזאַציעס פון דער פּאַרטיי במשך פון אַ רייע יאָרן. דאָרטן פלעגן זיך דרוקן אויף דינעם פּאַפּיראָסן־פּאַפּיר די אויסגאַבעס פון „בונד" „די לעצטע נאַכריכטן" אויף יידיש און „פּאָסלעדניע איזוועסטיאַ" אויף רוסיש, ווי אויך אַנדערע פּובליקאַציעס, און פלעגן פונאַנדערגעשיקט ווערן אומלעגאַל און געהיים איבער די שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד.

„די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פון טראַנספּאָרט איז געבליבן אין די הענט פון דזשאָן מילל. נאָך קורסקיס קומען קיין בערלין האָט דזשאָן אים צוגעצויגן צו דער שווערער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט. קורסקיס מיטאַרבעט איז געווען באַזונדערס נוצלעך, ווייל ער האָט פולשטענדיק באַהערשט די דייטשישע שפּראַך". אַ מענעס. דער לעבנסוועג פון פראַנץ קורסקי, 1952.

דזשאָן מילל דערציילט (אונזער צייט, 1950): „מחמת קאָנספּיראַטיוו־טעכנישע ענינים בין איך דעמאָלט (אין 1900) געווען געצוואונגען צו וואוינען אין

בערלין;... די אַלץ וואַקסנדיקע פּאָדערונגען צוצושטעלן וואָס גיכער און וואָס מער ליטעראַטור, שריפט פאַר געהיימע דרוקערייען, געוועזער פאַרן זעלבסטשוץ! געפעלשטע און כשרע פּאַספּאָרטן... די פאַרבינדונגען מיט דער דייטש־רוסישער גרענעץ; דאָס אויסזוכן, וואָס פאַרנדיק קיין רוסלאַנד, זאָלן זיי מסכים זיין מיטצונעמען מיט זיך ליטעראַטור...אַט די אַלע קאָמפּליצירטע און פאַראַנטוואָרטלעכע ענינים איז פראַנץ קורסקי גלייך געוואָרן אַן אומשאַצבאַרער מיטאַרבעטער, אין אַ סך פאַלן — פּשוט אַ „ווירטואָז".

מענעס באַמערקט, אַז עס האָט לאַנג ניט געדויערט און די אַרבעט איז אין גאַנצן איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון קורסקין.

אין 1917 האָט מען אויך געמוזט שליסן דעם אַרכיוו. דעם גאַנצן מאַטעריאַל האָט מען פאַרפּאַקט אין 250 קאַסטנס דעפּאָנירט צייטווייליק אין אַ טראַנספּאָרט־קאַנטאָר אויפן נאָמען פון קורסקי און קאָסאָווסקי. געהאָפט האָט מען איבערצופירן אין דעם פרייען, דעמאָקראַטישן רוסלאַנד. אָבער אין אָקטאָבער דעם זעלביקן יאָר איז אויסגעבראָכן די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, און וועגן דעם פּלאַן האָט שוין ניט געקאָנט זיין קיין רייד. קורסקי איז דעמאָלט איבערגעפאָרן קיין בערלין, וואָס איז זינט 1920 געוואָרן דער צענטער פון דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אייראָפּע. באַרימטע סאָציאַליסטישע פירערס און יידישע שרייבערס זיינען דעמאָלט געווען אין בערלין: ביאַליק, בערגעלסאָן, נחום שטיף, לעשטשינסקי, בן אדיר, משה קולבאַק און אַ רייע אַנדערע.

דער אַרכיוו איז איבערגעשיקט געוואָרן קיין בערלין און קורסקי איז געווען זיין געטרייער דירעקטאָר און אַפּהיטער, און האָט אים שטאַרק באַרייכערט מיט מאַטעריאַלן וועגן דער יידישער און אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט אויך אָנגעהאַלטן לעבעדיקע פאַרבינדונגען מיט וואַרשע וואו עס האָט זיך איינגעשטעלט אַן אינטענסיווע געזעלשאַפטלעכע און פאַרטייאישע אַרבעט.

אָבער אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן איז די פּאָליטישע אַטמאָספערע אין דייטשלאַנד געוואָרן אַלץ געפערלעכער פאַר יידישער — און ספּעציעל פאַר סאָציאַליסטישער טעטיקייט. אין 1933, ווען די נאַצי־יונגען האָבן באַהערשט דאָס לאַנד ,איז די לאַגע געוואָרן קריטיש, מ'האָט געמוזט אַרויסראַטעווען דעם אַרכיוו, און קורסקי האָט געמאַכט אויסערגעוויינלעכע באַמיאונגען צו אַרויספירן דעם אַרכיוו פון דייטשלאַנד. דער ענין איז געוואָרן קאָמ־

פליצירטער, ווייל ער האָט זיך געפונען אין הויז פון דעם בערלינער „פאָר־ווערטס", וואָס איז געווען דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, און די נאַצי־רעגירונג האָט דעם בנין געהיט מיט טויזנט מלאך־המות־אויגן. מיט דער הילף פון לעאָן בלום און דער דיפּלאָמאַ־טישער אינטערווענץ פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, האָט זיך איינגעגעבן אַריבער צו פירן דעם אַרכיוו קיין פּאַריז. קורסקי האָט דעמאָלט מיט לעבנס־געפאַר פאַרלאָזן דייטשלאַנד.

אין פּאַריז האָט ער ווידער גענומען איינאָרדענען דעם אַרכיוו אין דער נייער היים. אָנהייב סעפּטעמבער 1939 ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה און אין פרילינג פון 1940 — די באַנייטע נאַצישע אָפענסיווע אויף פראַנק־רייך און די קאַטאַסטראָפע. פּאַריז איז אין סכנה, און די פּאַניק האָט אַרומגע־נומען דאָס גאַנצע לאַנד. קורסקי האָט געטאָן אַלץ כדי צו ראַטעווען דעם אַרכיוו פון פּאַריז, אָבער עס איז שוין געווען אוממעגלעך. ער מוז פאַרלאָזן פּאַריז אין די לעצטע טעג, און מיט די גרעסטע שוועריקייטן זיך באַפרייען פון דער לעבנס־סכנה. נאָך חדשים פון אויסמאַטערנדיקער וואַנדערונג קומט ער אָן אין אָקטאָבער 1941 קיין ניו יאָרק.

דער אַרכיוו איז מיט מסירת־נפש אָפּגעהיט געוואָרן פון געטרייע חברים אין אַ פאַרבאַהאַלטענעם אָרט אין פּאַריז און איז נאָך דער מלחמה אַריבערגע־שיקט געוואָרן קיין ניו יאָרק. אין ניו יאָרק פאַרנעמט זיך קורסקי אינטענסיוו מיט זאַמלען מאַטעריאַלן און שטודירן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, רעדאַק־טירן דעם זשורנאַל „אונדזער צייט", וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן צו דער־שיינען. ער שרייבט אַרטיקלען אין פאַרשיידענע פּובליקאַציעס, פירט אַ פאַר־צווייגטע קאָרעספּאָנדענץ און הילפס־אַרבעט פאַר די חברים אין אייראָפּע, געלעבט איינזאַם און זייער באַשיידן אין אַן אָרעם צימערל פאַרלייגט מיט ביכער, זשורנאַלן, און צייטונגען פון גאָר דער וועלט (ער האָט געקענט פּער־פעקט (אַ חוץ יידיש און העברעאיש) דייטש, רוסיש און פּויליש).

---

וועגן פראַנץ קורסקי האָב איך אַ היפּש ביסל געוואוסט לאַנג איידער איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו קענען אים פערזענלעך. אַרקאַדי (אַלעקסאַנ־דער) קרעמער, איינער פון די גרינדערס פון „בונד" אין 1897, און אַ יאָר שפּעטער פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַר־

טיי, וואָס איך האָב געהאַט די זכיה צו זיין מיט אים באַפריינדט אין משך פון אַ סך יאָרן אין ווילנע, פלעגט מיר אָפּט דערציילן פון קורסקין — וועגן זיין אָפּזאָגן זיך פון פערזענלעכן לעבן, וועגן זיין איבערגעגעבנקייט און געטריישאַפט צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, צום אַרכיוו.

ווען איך האָב זיך באַקענט מיט אים אין 1943 אין מאָנטרעאַל און אין ניו יאָרק, האָב איך אין אים דערזען דעם ליבן האַרציקן עלטערן חבר, איינעם פון די לעצטע מאָהיקאַנער פון יענעם אידעאַליסטישן דור, וואָס האָט פאַרמאָגט דעם טיפן גלויבן, די הייליקע באַגייסטערונג און דעם אומגעבראָכענעם מוט אין דער שטרעבונג צו דערהייבן דעם מענטשן און באַפרייען די וועלט. פון דעמאָלט אָן האָט זיך צווישן אונדז פאַרבונדן אַ נאָענטע פריינדשאַפט וואָס האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט ביז זיין טויט.

קורסקי שרייבט אין זיין אויסגעצייכנטער שטודיע „אַרקאַדי און זיין תקופה": דאָס ווערטיקסטע אין אונדזער לעבן ליגט אין אונדזער באַציאונג צום מענטשן... אַוועקגייענדיק פון אונדז האָט אַרקאַדי ווי מיטגענומען מיט זיך אַ טייל פון אונדזער יעדענס לעבן. און יעדערער פון אונדז איז אָרעמער געוואָרן".

פאַראַפראַזירנדיק זיינע ווערטער קענען מיר זאָגן, אַז יעדערער וואָס האָט קורסקין געקענט און איז מיט אים געווען אין פריינטלעכע באַציאונגען איז מיט זיין אַוועקגיין אין דער אייביקייט אָרעמער געוואָרן.

אין איינעם פון זיינע פּרעכטיקע לייט־אַרטיקלען אין דער „צוקונפט" האָט אברהם ליעסין געשריבן וועגן דער פּיאָנערן־תקופה פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג:

„עס איז פאַראַן ביים פאָלק אַ גלויבן, אַז דאָרטן וואו דער עק פון רעגנבויגן פאַלט אָן העלסטן איז באַהאַלטן אַן אוצר. דער רעגנבויגן איז געוויינלעך זייער העל דאָרטן, וואו דער וואָלקן איז זייער פינצטער. צום סוף פון די אַכציקער און אין אָנהייב פון די ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, ווען די יידישע פאַרצווייפלונג איז געווען אין רוסלאַנד אַם פינצטערסטן, און דער רעגנבויגן אַם העלסטן, האָט זיך אַנטפּלעקט אַן אוצר.

„נאָך 18 יאָרהונדערטער פון צעשטויבונג, פאַרפאָלגונג און דערנידעריקונג האָט זיך אין דער נשמה פון אונדזער אַלטן פאָלק באַוויזן אַזאַ אוצר פון ענערגיע, ענטוזיאַזם און העלדישקייט, וואָס האָט דערמאָנט אָן די זוניקסטע צייטן פון אונדזער היסטאָרישער יוגנט".

## פערזענלעכקייטן

אַ ביצוץ פון אַט דעם אוצר פון ענערגיע, ענטוזיאַזם און העלדישקייט האָט שמואל קאָהן — פראַנץ קורסקי — איינגעזאַפּט אין זיין איידעלער און ריינער נשמה.

מיט אַט דעם פונק פון דעם אוצר אין זיין האַרצן האָט ער זיך אַרומגעטראָגן און פון זיך אַרויסגעשטאַלט מער ווי אַ האַלבן יאָרהונדערט פון זיין אַקטיוון, שעפערישן לעבן. ער איז געשטאָרבן אין ניו יאָרק דעם 17טן יאַנואַר 1950.

דער אַרכיוו פון „בונד" אין ניו יאָרק רופט זיך איצט אויפן נאָמען פון פראַנץ קורסקי.

אין 1952 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן זיין בוך געזאַמלטע שריפטן. דאָס בוך האָלט 422 זייטן מיט אָפּשאַצונגען פון דעם מחבר, געשריבן פון אברהם מענעס און ב. צביון (דר. בן ציון האָפמאַן) און פון קורסקיס ליטעראַרישער ירושה, ווי אויך אַ ביבליאָגראַפיע פון יעפים ישורין וועגן קורסקין אין יידיש, רוסיש און ענגליש — 731 איינסן.



י. י. טרונק

# י. י. טרונק

יחיאל ישעיה טרונק איז געווען אַ גייסטרייכער שרייבער און אַן אינ־טערעסאַנטע פּערזענלעכקייט, איינער פון די געציילטע ידישע שריפטשטע־לער פון דעם נאָך פּרץ־דור, וואָס איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אין דער אַל־טער ידישער קולטור, און גלייכצייטיק פאַרמאָגט ברייטן אַלגעמיינעם וויסן.

יוסף אָפּאַטאָשו וואָס איז, ווי טרונק, געווען אַ ווערדיקער זון פון פּוי־

לישן יידנטום, געהערט אויך צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע שאַפנדיקע פּערזענליכקייטן.

טרונקס גייסטיקן מהות קען מען באַצייכענען ווי אַ האַרמאָנישע פאַר־אייניקונג פון פאַרשיידענע עלעמענטן: שאַרפער אַנאַליטישער מח, אינטעלעקטועלע חריפות צוגלייך מיט פשטות, פאַלקסטימלעכקייט, ליבשאַפט צו דער נאַטור און צו לעבעדיקע באַשעפענישן.

אַט די וואונדערלעכע אייגנשאַפטן האָט ער באַקומען בירושה פון זיידעס און עלטער־זיידעס. ער איז געווען אַן אור־אייניקל פון דעם באַרימטן גאון און תלמודישן אויטאָריטעט פון זיין דור, ר' שיעלע קוטנער, און זיין זיידע פון דער מוטערס צד איז געווען אַ פשוטער ייד און אַ רייכער פריץ — ברוך גזשיוואַטש.

טרונק האָט געלערנט תנ"ך און גמרא, האָט געשאַרפט זיין מח אין פלפול, און האָט זיך פאַרטיפט אין קבלה. ייִנגלווייז שוין געשריבן שירים און דער־ציילונגען אין העברעאיש. ער האָט זיך באַקענט מיט י. ל. פּרצן, געוואָרן אַן אַריינגייער אין זיין הויז, וואָס איז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען דער מאַגישער צענטער, וואָס יונגע טאַלענטירטע און ווייניק טאַלענטירטע יידישע שרייבערס פלעגן אַהין עולה רגל זיין פון גאַנץ פוילן דער מדינה. פּרץ האָט אין טרונקן דערשפּירט אַ פונק פון טאַלאַנט, און האָט אים דערמו־טיקט צו שרייבן אויף יידיש, הגם ער האָט אים ניט געראָטן צו פאַרעפנט־לעכן זיינע שאַפונגען ביז זיין טאַלאַנט וועט רייפער ווערן. ביזן סוף פון זיין לעבן איז ביי טרונקן פאַרבליבן אַ געפיל פון טיפן יראת הכבוד און פיעטעט צו פּרצן.

טרונק האָט ניט געהאַט קיין דאגות פרנסה, און האָט דעריבער געהאַט די מיגלעכקייט צו פאַרברענגען אַ סך יאָרן אין אויסלאַנד. דאָרטן, אין די גרויסע קולטור־צענטערס פון מערב־אייראָפּע האָט ער אַ סך געלערנט, גע־הערט לעקציעס פון באַרימטע געלערנטע אין ליטעראַטור, געשיכטע און פילאָזאָפיע. ניט האָבנדיק קיין פאָרמעלע בילדונג האָט ער ווי אַן אויטאָדי־דאַקט דערוואָרבן גרונטיקע ידיעות אין פאַרשיידענע צווייגן פון הומאַניסטישע וויסנשאַפטן.

מאיר לעטעריס, דער תלמיד און פריינד פון דעם באַרימטן געלערנטן רבי נחמן קראָכמאַל (רנ"ק) דערציילט וועגן זיין רבין, אַז ער האָט שטענדיק

געלערנט און שטודירט. אויף זיין טיש האָבן זיך געפונען דער מורה נבוכים פון רמב״ם, דער זוהר צוזאַמען מיט די ווערק פון די קלאַסישע און מאָדערנע פילאָזאָפן פון זיין צייט — פּלאַטאָ, אַריסטאָטעלעס, קאַנט און העגעל. ענלעכס קאָן מען זאָגן אויף טרונקן. ער האָט זיך אויך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט די טעאָריעס און פאָרשונגען פון פרויד, אַדלער און יונג.

טרונק האָט פאַרעפנטלעכט איבער 20 ביכער — נאָוועלן, לידער, היס־טאָרישע דערציילונגען, ראָמאַנען און עסייען. זיין לעצט ווערק — משיח־גע־וויטער — האָט ער אָנגעשריבן אין יאָר 1960, אַ יאָר פאַר זיין טויט. אין דער הקדמה צום בוך שרייבט ער, איצט ווען ער איז אַלט געוואָרן 73 יאָר איז שוין צייט צו מאַכן אַ חשבון הנפש פון זיין שאַפן. ער צעטיילט זיינע ווערק אין 5 פעריאָדן:

1. נאַטור־שילדערונגען. ער האָט געפּרואווט געפינען זיין פערזענלעכקייט אין די לאַנדשאַפטן פון דער נאַטור. פוילנס נאַטור־בילדער האָבן געהאַט טיפע השפעות אויף זיין געמיט.

2. פון די לאַנדשאַפטן האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשיילן מענטשן־לאַנד־שאַפטן פון געשיכטע.

ער שרייבט דאַן זיינע היסטאָרישע נאָוועלן: יאָזעפוס פלאַוויוס פון ירושלים יוסף די לה ריינה, פּלוטאַרך, אַ בריוו צו נאַוואַטוסן א. אַנד.

4. ווערק באַזירט אויף דעם יידישן פאָלקלאָר און אויף טעמעס פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור (סימכע פּלאַכטע, כעלעמער חכמים, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, דאָס בבא בוך, לויט אליהו בחור).

5. שטורעם־געוויטער. די תקופה פון שבתי צבי און מעשיות וועגן דעם בעל־שם. אין דעם ווערק ווייזט ער אַרויס גרונטיקע ידיעות אין קבלה, מיס־טיציזם און יידישער דעמאָנאָלאָגיע.

טרונק באַטראַכט יענע צייט ווי אַ ברויזנדיקע און שאַפנדיקע תקופה אין דער יידישער געשיכטע, וואָס דויערט עטלעכע הונדערט יאָר ביז חורבן ליט־לער. דאָס איז ווי אַ קייט פון גאולה — און באַפרייאונג — שטרעבונגען דורך חסידות, השכלה און מאָדערנעם קולטור־רענעסאַנס ביז אונדזער צייט.

ווי אַ „בויטוועגדיקן איבערגאַנג" צו זיין שאַפונג געגומען פון די קוואַלן פון יידישן פאָלקלאָר באַטראַכט דער שרייבער זיין ווערק „פוילן". אין די זיבן ביכער פון דעם ווערק גיט אונדז טרונק אַ ריי מאָמענטן פון זיין ביאָגראַפיע; גלייכצייטיק גייט דורך פאַר אונדזערע אויגן אַ וואונדערלעכער קאַליידאָסקאָפּ פון פרעכטיקע בילדער און באַשרייבונגען פון דעם יידישן לעבן אין פוילן פאַר די לעצטע 70־80 יאָר. דאָס ווערק איז פול מיט קינסטלערישע, עטוואָס גראָטעסקע שילדערונגען פון דער חסידישער וועלט מיט זיין גייסטיקער אַריס־טאָקראַטיע: רביים, רבנים, מערקווירדיקע חסידישע און פאָלקס־טיפּן; גבירי־שע משפחות און גאַנצע דינאַסטיעס; די השכלה־וויגטן דערטראָגן זיך קיין פוילן; די פרץ־תקופה; די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג און דער קולטור־אויפשוואונג צווישן ביידע וועלט־מלחמות; „שטורעם און דראַנג־פּעריאָד" אין דער יידישער ליטעראַטור (די כאַליאַסטרע, טלאָמאַצקי 13); די אויפלעבונג פון יידישן טעאַטער, קונסט און די וועלטלעכע יידישע שול. טרונקס „פוילן" איז באמת אַ פרעכטיקער מאָנומענט דעם פוילישן יידנטום. זיינע עסייען אויף תנ"ך־טעמעס: איוב, יעקב און עשו, אסתר, שפּאַציר־וועגן איבערן תנ"ך — זיינען אינטערעסאַנטע מיט דער געוואַגטקייט פון זיינע השערות און שאַרפן אַנאַליז, הגם ניט אַלע מאָל אויסגעהאַלטן אין ליכט פון דער מאָדערנער תנ"ך־פאָרשונג.

אַחוץ זיינע אָפטע נסיעות איבער מערב־אייראָפּע האָט ער אויך באַזוכט ארץ ישראל האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיינע פּאָעטיש־באַגייס־טערטע באַשרייבונגען פון די היסטאָרישע לאַנדשאַפטן און פון צפת — דעם אורקוואַל פון יידישן מיסטיציזם, זייגען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין געמיט־צושטאַנד און דערציאונג.

די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרברענגט ער מיט זיין משפחה אין דער שווייץ. נאָך דער מלחמה קומט ער צוריק „אַהיים", אין דעם אומ־אָפּהענגיקן פוילן. קרוב 150 יאָר איז פוילן געווען צעטיילט און פאַרשקלאַפט פון אירע מעכטיקע שכנים. איז באַפרייטן לאַנד האָט געהערשט אַ קרענקלעך־שאָוויניסטישער נאַציאָנאַליזם. שנאה צו די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, באַזונ־דערס צו די יידן, עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג. און דווקא אין אָט דער פאַרסמטער אַטמאָספערע האָט זיך וואונדערלעך צעבליט די וויטאַלי־טעט און דער שאַפונגס־גייסט פון די פוילישע יידן.

טרונק האָט אַ געוויסע צייט געוואוינט אין לאָדזש, שפּעטער אין וואַרשע — צוויי שטעט וואו עס האָט געברויזט מיט יידישער ענערגיע, אַרבעט און קאַמף.

טרונק איז געווען אַ געטרייער בונדיסט ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

און עס שטעלט זיך אַ פראַגע: ווי קומט טרונק צום בונדיזם? הן לויט זיין סאָציאַלן מצב, הן לויט זיין דערציאונג און געמיט־צושטאַנד האָט ער באַ־דאַרפט זיין ווייט פון בונד כרחוק מזרח ממערב. אַ טיפערער אַריינבליק אין טרונקס וועלט־אַנשויאונג פאַרענטפערט אונדז די פראַגע זייער פשוט: ער איז געקומען צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג ניט דורך דעם אָרטאָדאָק־סאַלן מאַרקסיזם, ער איז געווען ניט קיין אַנהענגער פון היסטאָרישן מאַטער־יאַליזם, ווייל ווי־יקער פון אַלץ קען מען אָנווענדן די מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע אויף די קאָמפּליצירטע פּראָצעסן און געשעענישן אין דער וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק.

ער איז געקומען צום „בונד״, ווייל אים האָט אימפּאָנירט די דערהויבונג און דערוואַכונג פון דעם יידישן אַרבעט־מענטש, זיין אַרויפקומען אויף דער יידישער געשיכטלעכער אַרענע.

ער האָט באַטראַכט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג ווי אַ רעזולטאַט פון די רעוואָלוציאָנערע און גאולה־אידעאַלן פון דעם יידישן גאַנג אויף דער וועלט. אויף אים האָט אויך געמאַכט אַ שטאַרקן רושם דער זעלטענער אידע־אַליזם און די מאָראַלישע זויבערקייט פון די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות.

באַנוצנדיק זיך מיט דעם קבלה־טערמין „זעיר אנפּין״ — מיניאַטור, מיק־ראָקאָסמאָס — קענען מיר דרייסט זאָגן, אַז אין טרונקס פּערזאָן האָט זיך אין מיניאַטור, ווי די זון שפּיגלט זיך אָפּ אין אַ טראָפּן וואַסער, אָפּגעשפּיגלט דאָס גייסטיקע לעבן פון די פּוילישע יידן אין די לעצטע יאָרצענדליקער. דער היסטאָרישער שיקזאַל (אַ באַליבטער אויסדרוק טרונקס) האָט געוואָלט, אַז אין די לעצטע דרייסיק־פערציק יאָר זאָל זיך פונאַנדערבליען דער שאַפונגס־גייסט פון די פּוילישע יידן.

י. י. טרונק איז די לעצטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן, שוין אין אַמעריקע, געווען זייער שפּעריש. ער איז געווען איינזאַם, באַזונדערס נאָך דעם טויט פון זיין פרוי חנה; זיין איינציקע טאָכטער איז פאַרבליבן אין

פוילן, און איז ווייט פון יידישקייט. ער האָט געלעבט ווייער באַשיידן, קוים געהאַט אויף חיונה. זיין מאַטעריעלע ירידה האָט ער אַריבערגעטראָגן מיט פילאָזאָפישער רואיקייט. ער האָט געלעבט אין די וועלטן פון חלומות און פאַנטאַזיעס.

פאַר דעם נפטר זיינען וואונדערלעך צוגעפּאַסט די מערקווירדיק־אַלטע יידישע ווערטער: חבל על דאבדין ולא משתכחין — אַ שאָד וואָס אַזאַ מענטש איז אַוועק און קומט שוין ניט צוריק, און

תהא נשמתו צרורה בצרור החיים — זאָל זיין נשמה זיין פאַרבונדן אין דעם בונד פון (אייביקן) לעבן.



שלמה מענדעלסאָן

# שלמה מענדעלסאָן

שלמה מענדעלסאָן איז געווען איינער פֿון די גלענצנדיקע פֿאָרשטייערס פֿון די פּוילישע ייִדן. ער איז געווען אַ קולטור־מענטש פֿאַר עקסעלאַנס, אַ באַגאַבטער פּובליציסט, האָט פֿאַרמאָגט טיפֿן ייִדישן און ברייטן אַלגעמיינעם וויסן, אַ פּירנדיקע פּערזענלעכקייט פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, און דער גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון דער ייִדישער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן (ציש״אָ).

ש. מענדעלסאָן איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, אין 1896, אין גבירישׁ־

חסידיש פאַמיליע, האָט געשטאַמט פון רבנישן יחוס. דאָס איז געווען אַ הויז פון „תורה וגדולה במקום אחד". ער האָט באַקומען אַ שטרענג־רעליגיעזע דערציאונג, און האָט ייִנגלווייז געשמט ווי אַן עילוי. זיין ברויזנדיקער טעמ־פעראַמענט און זיין הייסע שטרעבונג צום אַלגעמיינעם וויסן דערלאָזט אים ניט צו בלייבן אין די דלד אמות פון דער ישיבה, און ער רייסט זיך צו וועלטלע־כער בילדונג. געהיים פון זיין משפחה טרעט ער אַריין אין אַ האַנדלס־שולע און ענדיקט זי מיט אַן אויסצייכענונג אין 1915, אין יאָר פון פרצעס טויט.

נאָך אין דער שולע איז ער געוואָרן אַ באַגייסטערטער חסיד פון י. ל. פרץ, האָט געשאַפן קרייזלעך צו שטודירן די ייִדישע ליטעראַטור, און געפירט אַ קאַמף מיט דער אַסימילאַטאָרישער גרופע תלמידים פון דער שולע. ער האָט שטודירט אין די אוניווערסיטעטן פון וואַרשע און קראָקע.

אין 1920, בעת דער רוסיש־פוילישער מלחמה, האָבן די פּראָגרעסיווע און נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקע סטודענטן געפירט אַן אַקציע צווישן דער ייִדי־שער יוגנט, אַז די וואָס שליסן זיך אָן פריוויליק אין פוילישן מיליטער זאָלן פאַרלאַנגען, אַז אין דעם נייעם פוילן זאָלן ייִדן באַקומען גלייכע בירגעררעכט. מענדעלסאָן איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע אין דער אַקציע, און איז דערפאַר אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אוניווערסיטעט.

אַ געוויסע צייט איז ער געווען אַ לערער פון איינער פון די ייִדישע שולן אין וואַרשע. אין גיכן איז ער, אַ דאַנק זיין ענטוזיאַזם און אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע בויערס פון דער מאָדערנער ייִדישער שול אין פוילן.

פּאָליטיש איז ער ביז דעם יאָר 1921 געווען פאַרבונדן מיט דער פאָלקס־פאַרטיי, געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער מיט ה. ד. נאָמבערג און נח פּריי־לוצקי. אין 1928 טרעט ער אַריין אין דער ייִדישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי „בונד". די פאַרטיי טרויט אים אָן זייער וויכטיקע שליחות, און ער ווערט שפּעטער דערוויילט אין צענטראַל־קאָמיטעט.

זיין הויפּט־פאַראינטערעסירונג איז אָבער נישט פּאָליטיק, נאָר ייִדישע קולטור — און שול־אַרבעט און דעם ברייטסטן און טיפסטן זינען פונם וואָרט, מיט זיין גאַנצער ענערגיע, מיט זיין טאַלאַנט און וויסן שטעלט ער זיך אין דינסט פון דער ייִדישער קולטור און אין קאַמף פאַר די רעכט פון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול. אין משך פון אַ סך יאָרן ווי אַ מיטגליד פון פּרעזידיום פון דער צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע, און שפּעטער איר גענעראַל־

סעקרעטאַר, איז מענדעלסאָן אויסגעקומען צו טראָגן אויף זיך דעם שווער־סטן עול פון דעם יידישן שולוועזן אין פוילן. מ׳האָט געמוזט זאָרגן פאַר דער מאַטעריעלער עקסיסטענץ פון די שולן, וואָס האָבן זיך געראַנגלט טאָגטעגלעך מיט אויסערגעוויינלעכע שוועריקייטן און מאַטעריעלער דחקות, און מ׳האָט געמוזט מאַכן אומאויפהערלעכע אינטערווענצן ביי דער פוילישער שולמאַכט, כדי אָפּצושרייען די גזירות און בגישות לגבי די ציש״אָ־שולן, וועלכע האָבן פאַרביטערט דאָס לעבן פון די לערערס און שולטוערס.

מענדעלסאָן האָט דאָס געהאַט די שווערע און אַחריותפולע אויפגאַבע צו בעטן, פאַרלאַנגען און פאָדערן ביי די אַנטיסעמיטישע (על פי רוב) שול־קוראַטאָרן און טעמפע פאַרביסענע אינספּעקטאָרן, רעכט פאַר די יידישע שולן איבערן גאַנצן לאַנד.

דערפאַר האָט ער געהאַט טיפן נחת רוח בעת די פילצאָליקע שול־שמחות: ביי אַ פייערלעכער גראַדואירונג, שול־אויסשטעלונג, שול־יובל, ווען די קינ־דער פלעגן אויפבליצן מיט זייער וויסן, טאַלאַנט און מיט זייער פּרעכטיקן יידישן לשון. זיינע אויגן פלעגן שטראַלן מיט טיפער איבערלעכער פרייד, און ער פלעגט דעמאָלט האַלטן זיינע באַרימטע באַגייסטערטע רעדעס, וואָס פלעגן אָנצינדן זיינע צוהערערס מיט גלויבן און התלהבות פאַר דער יידישער שול און קולטור.

ער פלעגט אַלע יאָר דעלעגירט ווערן פון דער ציש״אָ בייצוזיין אויף די סיום־עקזאַמענס פון דעם יידישן לערער־סעמינאַר (געשלאָסן פון דער פּוילי־שער שולמאַכט אין 1925) און דער יידישער רעאַל־גימנאַזיע, אין ווילנע. די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די רעאַל־גימנאַזיע באַ־קומען פון שול־קוראַטאָריום פולע רעכט פון די מלוכה־גימנאַזיעס, און אירע אַן אַבסאָלווענט האָט געקענט אָנקומען אין די אוניווערסיטעטן אין לאַנד, צוליב דעם הויכן לערן־סטאַנדאַרט. די ביידע שול־אַנשטאַלטן זיינען געווען די מוס־טער־אינסטיטוציעס פון דער ציש״אָ.

עס איז נישט געווען קיין איין צווייג פון דער מאָדערנער יידישער קול־טור־באַוועגונג אין פוילן, וואו מענדעלסאָן איז ניט געווען צווישן זיינע מיט שאַפערס און בויערס. ער האָט געהאַט אַ טיפן אינטערעס פאַר דער יידישער קלאַסישער און מאָדערנער ליטעראַטור, פאַרן יידישן קינסטלערישן טעאַטער. ער איז געווען אַקטיוו אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, געווען רעדאַק־טאָר און מיטאַרבעטער פון די יידישע פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן, שול־אויס־

גאַבעס און אַנדערע פּובליקאַציעס. דערצו איז ער געווען אַ מענטש מיט אַ פּילנדיקן האַרץ, האָט פאַרמאָגט אַ פיינעם חוש פאַר הומאָר, איז געווען אַ ליבער חבר און גייסטרייכער מיטשמועסער.

אין דער שרעקלעכער נאַכט פון 7טן סעפּטעמבער 1939, ווען די פּוילישע ראַדיאָ האָט גערופן אַלע מענער פון וואַרשע צו פאַרלאָזן די שטאָט, ווייל זי וועט איבערגעגעבן ווערן צו די נאַצי־חיילות, האָט שלמה מענדעלסאָן מיט אַ סך פריינד און חברים אָנגעהויבן זיין טרויעריקע וואַנדערונג ווי אַ פּליט.

אין משך פון די עטלעכע חדשים וואָס ער איז געווען אין ווילנע אין ווינטער פון 1940, האָט ער צוזאַמען מיט ח. ש. קאַזשדאַן און מיט אַ פּאָר פאַרבליבענע מיטגלידער פון ציש"אָ אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. די ציש"אָ האָט אין גלות־ווילנע אַרויסגעגעבן און איבערגעדרוקט שולביכער, מוסטערווערק פון די יידישע קלאַסיקערס פאַר דער שול, זשורנאַלן און זאַמלביכער.

דורך פאַרשיידענע וועגן און אומוועגן איז מענדעלסאָן אָנגעקומען קיין ניו יאָרק אין מאַי 1941 (פאַר דער וועלט־מלחמה איז ער שוין איין מאָל געווען אין די שטאַטן, אין אַ וויכטיקער שליחות פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן).

דאָ ווערט ער ווידער אַקטיוו אין דער רעפּרעזענטאַנץ פון „בונד", אין דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, אין דער בילדונגס־טעטיקייט פון אַר־בעטער־רינג און אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — ייוואָ.

אין גיכן הייבן אָן צו דערגיין קיין אַמעריקע די איוב־בשורות וועגן דעם מאַרטירער־וועג און אומקום פון פּוילישן יידנטום. אויף דעם סענסיטיוון און ליידנדיקן מענדעלסאָנען האָבן די ידיעות געווירקט שרעקלעך. ער האָט אָבער ניט געגעבן זיך אַריינגעפאַלן אין יאוש (לכל הפחות עפנטלעך). ער איז אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד, געהאַלטן רעפעראַטן, רעדעס, געוועקט דאָס גע־וויסן פון די אַמעריקאַנער יידן, גערופן צו העלפן דעם פאַרפייניקטן יידישן ישוב אין פּוילן, פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען און אויפרופן אין דער פּרעסע. אויף די יערלעכע קאָנפערענצן פון ייוואָ, וואו מען האָט געהאַלטן וויסנשאַפטלעכע רעפעראַטן וועגן יידישע פּראָבלעמען, פלעגן זיינע פאָרטראַגן זיין די אַטראַק־ציע פון דער קאָנפערענץ.

מיט טיפן וויסן און אין אַ פּרעכטיקער פאָרם פלעגט ער פונאַנדערוויק־לען פאַר די צוהערערס רירנדיקע בילדער וועגן דעם „לעבן" פון די יידן אין

וואַרשעווער געטאָ ביז דעם אויפשטאַנד, וועגן דעם יידישן שולוועזן פאַר דער מלחמה, און אויפן צוזאַמענפאַר אין יאָר 1944 וועגן דער יידישער ליטעראַטור נאָך דער מלחמה. זיינע רעפעראַטן פלעגן איבערלאָזן אַ טיפן, דויערנדיקן רושם.

דער טראַגישער גורל פון דעם יידישן פאָלק אין פוילן און פון זיין אייגע־נער משפחה האָט אים אומאויפהערלעך געפייניקט. פאַר זיינע נאָענטע חברים און פריינד פלעגט ער אָפט זיך באַקלאָגן ווי שווער און פיינלעך עס איז איצט צו לעבן אויף דער רשעותדיקער וועלט. זיין צעוויטאָקט האַרץ האָט ניט אויס־געהאַלטן. אין דעם ווייטן לאָס אַנדזשעלעס, וואו ער איז געווען אין אַ וויכ־טיקער געזעלשאַפטלעכער שליחות, איז ער פלוצלונג געשטאָרבן.

---

מיט דעם טויט פון שלמה מענדעלסאָן האָט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פאַרלאָרן איינעם פון אירע טאַלענטירטסטע פירערס און קעמפערס פאַר אַ יושרדיקער וועלט. די מאָדערנע יידישע קולטור — אַן ענטוזיאַסטישן, גלויביקן בויער און שאַפער; זיינע חברים און פריינד האָבן פאַרלאָרן אַ האַר־ציקן טייערן מענטשן.



**ד״ר מאַקס ווײַנרײַך**

# ד״ר מאַקס ווײַנרײַך

מאַקס ווײַנרײַך איז געווען אײנער פון די געצײלטע וויסנשאַפטלײַט, וואָס האָט אין זײַן גאַנצן באַוואוסטזיניקן לעבן זיך אָפּגעגעבן מיט פאָרשן די יידישע שפראַך און שאַפן אינטערנאַציאָנאַלע אַנערקענונג פון דער יידישער וויססנשאַפט. ער איז געווען ניט בלויז אַ געלערנטער וואָס האָט געלעבט אין די דלת אמות פון זײַן קאַבינעט, בײַערט ער איז געווען אַ וויכטיקער טוער און אויפטוער אין אַוועקשטעלן די וויסנשאַפט פון דער יידישער שפראַך אויף אַ פעסטן פונדאַמענט דורך דעם יידישן וויסנשאַפטלכן אינסטיטוט—ייוואָ, —

פריער אין ווילנע זינט 1925, און דערנאָך אין ניו יאָרק, אין אַמעריקע און אין די וויכטיקסטע יידישע ישובים אין דער וועלט.

אין 1924, ווען עס איז געקומען דער רוף פון נחום שטיף, דעם געלערנטן יידישן שפּראַכפאָרשער, צו שאַפן אַן אַקאַדעמישע אינסטיטוציע פון דער יידישער שפּראַך און קולטור, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו עטאַבלירן דעם צענטער אין ווילנע, איז ד״ר מאַקס ווײַנרײַך געווען דער ערשטער וואָס האָט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן דעם ייוואָ.

קורץ פאַר דעם איז ווײַנרײַך צוריק געקומען קיין ווילנע צו באַזעצן זיך, נאָך זײַן שטודירן אין די אוניווערסיטעטן פון בערלין און מאַרבורג, וואו ער האָט באַקומען זײַן דאָקטאָראַט פאַר זײַן טעזיס וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער פילאָלאָגיע.

ער איז שוין דעמאָלט געווען אַן אָנגעזעענער פילאָלאָג מיט אַ שם אין יידישע און אַקאַדעמישע קרײַזן. אין 1923 איז אַרויס אין בערלין (אין פאַרלאַג „וואָסטאָק״) זײַן בוך „שטאַפּלען״ — פיר עטיודן פון דער יידישער שפּראַכ־וויסנשאַפט און ליטעראַטור־געשיכטע — וואו ער ווײַזט אַרויס טיפן, גרונטיקן וויסן אין אַלגעמיינער לינגוויסטיק און ספּעציעל אין יידישער פילאָלאָגיע. ער גיט אַ סך הכל פון די ערשטע 100 יאָר יידישע שפּראַכפאָרשונג.

דער שרײַבער פון די שורות איז אין יענע יאָרן געווען אַ לערער אין אַ יידישער שול פון צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט (צ.ב.ק.) אין ווילנע. די שול האָט זיך געפונען אין דעם זעלביקן בנין פון קולטורהויז אויף פאַהולאַנקע 18, וואו דערי ייוואָ האָט געהאַט זײַן ערשטע דירה.

דאָס קולטורהויז איז געווען אַ גרויסער בנין, וואָס דער פאַרלעגער און מעצענאַט באָריס קלעצקין האָט אָפּגעדונגען פאַר וויכטיקע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס אין שטאָט (צ.ב.ק., טעכניקום פון „אָרט״ און אַנדערע).

אין 1925, ווען דער ייוואָ איז געשאַפן געוואָרן, האָט מאַקס ווײַנרײַך פאַרנומען איין צימער, און זלמן רייזען, אַ פאָרשער פון דער יידישער שפּראַך, און רעדאַקטאָר פון ווילנער טעגלעכער צײַטונג „דער טאָג״ — אַ צווייטן. פון די צוויי צימערן זײַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן ווענדונגען צו אַלע וויכטיקסטע יידישע געלערנטע פון אייראָפּע און אַמעריקע, און צו די גרויסע צענטראַלע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס אין דער וועלט. שפּעטער איז צו די צוויי צוגע־קומען אַ דריטער — זעליק קאַלמאַנאָוויטש, אַ באַקאַנטער יידישער פילאָלאָג און איבערזעצער. אין משך פון די געציילטע פאַר יאָר נאָך דער גרינדונג

פון ייוואָ האָבן זיך באַוויזן די באַרימטע „שריפטן" — פילאָלאָגישע, היסטאָרישע, פאַר דעמאָגראַפיע און סטאַטיסטיק, פעדאַגאָגיק.

דאָס זײַנען געווען ספרים פון גרויסן פאָרמאַט און פאַרנעם, מיט אָריגינעלע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, געשריבן פון די באַטייטיקסטע אויטאָריטעטן אויפן באַזונדערן פעלד פון יידישן וויסן.

עס איז אויפגעקומען אַ גרויסע נעץ פון מיטאַרבעטערס און טוערס פון ייוואָ, לערערס, שרײַבערס, פאָלקס־אינטעליגענטן אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך פון פוילן, וואָס האָבן געזאַמלט פאָלקס־מעשיות, ווערטלעך, לידער, פאָטאָס, טעאַטער־מאַטעריאַלן — און אַלץ איז געשיקט געוואָרן אין ווילנער צענטער. אין די גרעסערע שטעט, ווי וואַרשע, לאָדזש, א. אַנד. האָבן זיך געשאַפן אָפּטיילן, וואָס האָבן געטאָן זאַמל־און פאָרשאַרבעט אין די שטעט.

דער ייוואָ איז זיך צעוואַקסן, און בקרוב איז אויסגעבויט געוואָרן — מיט דער הילף פון די יידישע ישובים אין צפון און דרום־אַמעריקע — אַ פײַנער בנין, וואָס איז געוואָרן דער וועלט־צענטער פאַר דער יידישער וויסנשאַפט. מאַקס ווײַנרײַך האָט זײַן גאַנצע צײַט? אָוועקגעגעבן פאַר דער אָרגאַניזאַציע, אַנטוויקלונג און פאַרפּײַנערונג פון ייוואָ.

עס איז אַנטשטאַנען אַן אַמעריקאַנער אָפּטייל פון ייוואָ (אַמאָפּטייל), אין וועלכן עס זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן די יידישע וויסנשאַפטלער פון אַמעריקע. זיי האָבן פאַרעפנטלעכט דעם יערלעכן „פּנקס" פון ייוואָ אין אַמעריקע מיט ערנסטער וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אויף אַלע פעלדער פון יידישער וויסנשאַפט, און אויך גענומען אַ גרויסן אַנטייל אין די „שריפטן" פון ייוואָ וואָס זײַנען אַרויס אין וואַרשע, ווילנע און בערלין.

אין בערלין זײַנען אַרויס די היסטאָרישע שריפטן אונטער דער רעדאַקציע פון דעם יידישן היסטאָריקער א. טשעריקאָווער, און די שריפטן פאַר דעמאָגראַפיע און סטאַטיסטיק האָט רעדאַגירט יעקב לעשטשינסקי.

אויסער דער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט אין ווילנע און דער ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכער אַרבעט פון ייוואָ, זײַנען די צוויי הויפּטטוערס פון צענטער — מאַקס ווײַנרײַך און זלמן רייזען געפאָרן קיין צפון־ און דרום־אַמעריקע אין שליחות פונעם צענטער, כדי צו באַקומען מאָראַלישע און מאַטעריעלע שטיצע פאַר דעם ייוואָ ווי דעם רעפּרעזענטאַנט פון דער יידישער וויסנשאַפט. די שליחים פון דעם ווילנער צענטער האָבן מיט גרויס הצלחה דורכגעפירט זייערע מיסיעס אין אַלע פּרטים ,און האָט דערמוטיקט די אַרטיקע טוערס צו

מער אינטענסיווע אַרבעט. אין ווילנע און אין װאַרשע זיינען געווען אַקטיווע קאָמיטעטן וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין אַלע אָרגאַניזאַציע־טעטיקייטן פון ייוואָ. אין װאַרשע איז געשאַפן געוואָרן אַ געזעלשאַפט פון יידישע אַקאַדעמי־קערס, וואָס זיינען געשטאַנען אין ענגן קאָנטאַקט מיטן צענטער. זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַ שריפט „דער יונגער היסטאָריקער", אין וועלכן עס האָבן מיטגעאַרבעט ד"ר עמנואל רינגעלבלום, ד"ר רפאל מאַהלער און אַנדערע. דער היסטאָריקער דר. יצחק שיפּער און דער פילאָלאָג נח פּרילוצקי זיינען געווען וויכטיקע טוערס פון ייוואָ.

מאַקס ווייַנרייך האָט אויך געזאָרגט פאַר אַ נאָכוואוקס פון יונגע וויסנ־שאַפטלערס, און עס איז געשאַפן געוואָרן אין ווילנע צוויי אינסטיטוציעס ביים ייוואָ, וואָס האָבן באַדאַרפט רעאַליזירן אָט די וויכטיקע אויפגאַבע פאַר דער צוקונפט פון דער יידישער וויסנשאַפט: די אַספּיראַנטור א. ב. פון ד"ר צמח שאַבאַד, דעם פאָלקס־דאָקטאָר וואָס איז געווען אַ געטרייער בויער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן און פון דעם ייוואָ; און אַ אַספּיראַנטור א.ב. פון ברוך כהן־ווירגילי, אַ פירנדיקער יידישער סאָציאַליסט, אַ שולבויער און אַ גרויסער פריינט פון ייוואָ.

אין די צוויי אינסטיטוציעס זיינען געשולט געוואָרן יונגע לייט, גראַדו־אירטע פון אוניווערסיטעטן, וואָס האָבן געהאַט די פעיקייטן און דעם אינטע־רעס צו שטודירן פאַרשיידענע צווייגן פון יידישן וויסן. מאַקס ווייַנרייך איז געווען דער לערער און וועגווייזער פון דער יוגנט. ער האָט אויך פאַרעפנט־לעכט אַ וויכטיקע פאָרשונג וועגן דער יידישער יוגנט.

אין משך פון 10 יאָר איז דער ייוואָ אַזוי אויסגעוואָקסן און זיין פּרעס־טיזש איז געווען אַזוי געהויבן אין דער יידישער וועלט, אַז עס איז מיגלעך געוואָרן צו רופן דעם ערשטן וועלט־צוזאַמענפאָר פון דעם אינסטיטוט. אַזאַ צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין אויגוסט 1935 אין ווילנע, וואו עס זיינען געווען פאַרטראָטן די אָנגעזעענסטע געלערנטע און די צענטראַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס פון פּוילן, רומעניע, מערב־אייראָפּע, ארץ ישראל, פאַראייניקטע שטאַטן, אַרגענטינע און בראַזיל, דרום־אַפריקע און אַנדערע.

דער צוזאַמענפאָר איז געווען אַ גראַנדיעזע מאַניפעסטאַציע פאַר דער יידישער וויסנשאַפט און קולטור. דער צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט האָט לכבוד די דעלעגאַטן און געסט איינגעאָרדנט אַ קבלת פּנים אין דעם גרעסטן טעאַטער־זאַל פון שטאָט. די תּלמידים פון די צוויי יידישע גימנאַזיעס (פּולע

מיטלשולן) און עלעמענטאַר־שולן האָבן פאַרגעשטעלט, רעציטירט, געזונגען און געשפּילט. דער פּרימאָרגן האָט געמאַכט אַ טיפן רושם אויף אַלע פאַר־זאַמלטע.

אין אויגוסט 1939 איז ווײַנרײַך, צוזאַמען מיט זײַן עלטערן זון אוריאַל, געפאָרן קיין בריסל אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פון שפּראַכפאָר־שערס. צוריק קיין ווילנע האָט ער שוין נישט געקענט קומען צוליב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין אָנהייב סעפּטעמבער. אין מאַרץ 1940 איז ער מיט זײַן זון געקומען קיין אַמעריקע.

אין 1941 איז זײַן משפּחה ווידער פאַראייניקט געוואָרן. זײַן פרוי רעגינע — די טאָכטער פון ד״ר צמח שאַבאַד — מיט איר ייִנגערן זון גבריאַל, אָנגע־קומען קיין אַמעריקע אַ פּאָר חדשים איידער די נאַצי־חיילות האָבן פאַרנומען ווילנע.

ד״ר ווײַנרײַך מיט זײַן פרוי האָבן שפּעטער דערלעבט גרויס נחת פון זייער גאונישן זון אוריאַל, וואָס איז זייער יונג געוואָרן פּראָפעסאָר פון ייִדיש און ייִדישער קולטור אין קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט, און אַ פאָרשער פון גרויס פאַרנעם און אָנזען אין דער אַקאַדעמישער וועלט.

מיטן קומען קיין אַמעריקע האָט זיך מאַקס ווײַנרײַך בלב ונפש איבערגע־געבן אויפצובויען דעם ייִוואָ אויפן אַמעריקאַנער באָדן. 10 יאָר איז ער געווען דער וויסנשאַפטלעכער דירעקטאָר און מנהיג פון דעם אינסטיטוט ביז די לעצטע טעג פון זײַן לעבן. ער האָט די גרעסטע פאַרדינסטן וואָס דער ייִוואָ איז אין משך פון די לעצטע 20 יאָר געוואָרן דער צענטער פון דער וויסנ־שאַפט אין דער ייִדישער שפּראַך.

ער האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון פּראָפעסאָר פון ייִדיש אין ניו יאָרקער אוניווערסיטעט. אין דער זעלביקער צײַט האָט ער פאַרעפנטלעכט צענדליקער אַרטיקלען און רעצענזיעס אין די ייִוואָ־פּובליקאַציעס ווי די „ייִוואָ־בלעטער״, „ייִדישע שפּראַך״, וואָס ער האָט נאָך באַוויזן צו פאַרענדיקן.

דער טראַגישער פּריצײַטיקער טויט פון זײַן זון אוריאַל ווײַנרײַך האָט אויף אים שרעקלעך געווירקט, און דעם 29טן יאַנואַר 1969 איז ד״ר מאַקס ווײַנרײַך אַוועק פון דער וועלט.

אויסער זײַן גרויסער ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכער ירושה, האָט ד״ר מ. ווײַנרײַך איבערגעלאָזן אַן אומאָפּשאַצלעכע ירושה — אַ צאָל יונגע געלערנטע ייִעמען ער האָט אויסגעשולט. דער נאָמען פון מאַקס ווײַנרײַך וועט לאַנג פאַר־

בלייבן אין זכרון פון יידישן פאָלק. זיינע ווערק וועלן אַריינגענומען ווערן אין דעם אוצר פון דער יידישער וויסנשאַפט און קולטור.

דער אַרטיקל איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט פיר יאָר צוריק. איצט ווען דאָס בוך ווערט אָפּגעגעבן צום דרוק, לייענען מיר אין די „ידיעות פון ייוואָ" אַז דינסטאָג, דעם 2טן אָקטאָבער (1973) איז פאַרן ייוואָ געווען אַ היסטאָרישער טאָג; אין דעם טאָג איז אַרויס פון דרוק די נייסטע ייוואָ־אויסגאַבע — ד"ר מאַקס ווײַנרײַכס פיר־בענדיקע געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך. דער דאָזיקער מאָמענט איז אַ קולמינאַציע־פּונקט אין דער כמעט 50 יאָריקע אַרבעט פון ייוואָ אויפן פעלד פון יידישער וויסנשאַפט און קולטור־שאַפונג און גלייכצייטיק דער קווינטעסענץ פון פּרוכפּערדיקן לעבן פון אַ מענטש וואָס האָט אַ האַלב יאָרהונדערט געטורעמט אין יידישן קולטור־לעבן אין פוילן, אין אַמעריקע און איבער גאַר דער וועלט, און וואָס איז אויך געווען דער לעבעדיקער סימבאָל פון ייוואָ.

# אַ יידישער ווינקל אין ביאַליסטאָק מיט איבער פופציק יאָר צוריק

פרילינג 1918. איך געפין זיך ציטעוויליק אין אַ קליין שטעטל ניט ווייט פון ביאַליסטאָק. צוויי יונגע לייט זייבען געקומען מיך זען. ביידע פיינע, סימ־פּאַטישע. איינער — שוואַרץ־חנוודיקער, אַ שטילער, דער צווייטער — אַ בלאָנדער, אַ רירעוודיקער. זיי זיינען פון ביאַליסטאָק, מיטגלידער און טוערס פון דער שול־פאַרוואַלטונג פון יוגנט־פאַראיין. דער פאַראיין פאַרנעמט זיך אויך מיט קולטור־ און שולאַרבעט. ער האָט צוויי שולן. איינע אַ זעקסקלאַסיקע, די צווייטע איז אַ פירקלאַסיקע. זי הייסט מענדעלע־שולע. דער הויפּטלערער באַרוכאָוויטש פאָרט אַהים, קיין מינסק. זיי דאַרפן אַ לערער וואָס זאָל אים פאַרבייטן. פון וואַנען ווייסן זיי וועגן מיר? מיך האָט רעקאָמענדירט די לערע־רין סאָניע פעל, זי לערנט אין דער פרץ־שול וואו יעקב פאָט איז פאַרוואַלטער

עס פאַרבינדט זיך צווישן אונדז אַן אינטימער חברישער שמועס. איך דער־צייל זיי וועגן מיין לערנען אין דער ישיבה, אַז איך בין אַרויס „לתרבות רעה", זיך געלערנט און אַ סך געלייענט, וועגן מיין טיפער פאַראינטערעסירונג אין געשיכטע און ליטעראַטור. איך וואָלט זיך אַוודאי געפילט גליקלעך, ווען איך וואָלט געהאַט די זכיה צו זיין אַ יידישער לערער און מיט מיינע באַשיידענע כוחות העלפן בויען די נייע יידישע שול. איך בין זיך אָבער מודה, אַז איך האָב ניט קיין שום פּעדאַגאָגישע צוגרייטונג און קיין דערפאַרונג צו לערנען מיט קינדער אין אַ שול. יאָ, איך האָב געהאַט פּריוואַטע לעקציעס אויף העב־רעאיש און יידיש שוין עטלעכע יאָר. מיינע תלמידים האָבן זייער ליב באַקו־מען די למודים און האָבן געלערנט זייער גערן. איך באַקום איצט פון זיי בריוו פול מיט דאַנקבאַרקייט פאַר די ידיעות און דער געהעריקער צוגרייטונג צו לערנען אין די יידישע שולן טאָקע אין ביאַליסטאָק. איך בין אָבער ניט זיכער צי איך וועל זיך אַן עצה געבן מיט אַ קלאַס.

מיינע צוויי געסט — נחמן לין און יאַנקל פראַנקפורט — האָבן געהאַט צווישן זיך אַ קורצן ישוב הדעת. נאָך דעם האָט איינער פון זיי מיר איבער־געגעבן, אַז איך בין אָפיציעל איינגעלאַדן ווי אַ לערער אין דער מענדעלע־

שולע ביים יוגנט־פאַראיין. מיינע נייע „באַלעבאַטים" האָבן מיר געבעטן איך זאָל קומען קיין ביאַליסטאָק וואָס פריער, ווייל איך דאַרף זיך באַקענען מיט דער שול און אַרבעטן צוזאַמען אַ קורצע צייט מיט דעם לערער באַרוכאָוויטש. מ'האָט ניט געמאַכט קיין קאָנטראַקט, זיך ניט אָפּגעשריבן, און, וויפיל איך געדענק, ניט גערעדט וועגן שכירות.

אין איניקע טעג אַרום בין איך שוין געווען אין ביאַליסטאָק. דאָס איז געווען אין מאַי 1918.

די שול האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן צווײשטאָקיגן אָפּגעלאָזענעם בנין (איבערגעבויט פון אַ פאַבריק) אַרומגעצאַמט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן.

די לערערס האָבן מיך אויפגענומען זייער וואַרעם און פריינדלעך, באַזונדערס האַרציק האָט מיך באַגעגנט באַרוכאָוויטש. ער איז געווען עלטער פון מיר. ער האָט מיך שטאַרק דערמוטיקט און מיר געגעבן פאַרשיידענע אָנווייזונגען און אינפאָרמאַציעס וועגן דער אַרבעט וואָס עס שטייט פאַר מיר.

הגם איך בין געקומען אויף אַ „פּאַרטיקער שטעלע" האָב איך דאָך, לויטן אָנגענומענעם מנהג, באַדאַרפט געבן אַ פּראָבע־לעקציע אין אַ קלאַס.

עס איז מיר געוואָרן אומהיימלעך (איך האָב זיך דרך אַגב דערוואוסט, אַז פריער האָט אין קאַנדידאַט וואָס האָט געגעבן אַ פּראָבע־לעקציע אין קלאַס, און איז נעבעך דורכגעפאַלן). ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען פאַר זיך לערך פערציק קינדער, וואָס האָבן מיך דורכגענומען מיט נייגעריקע בליקן, אויך געסט זיינען בייגעווען — אַלע לערערס פון דער שול און איניקע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, צווישן זיי די צוויי וואָס האָבן מיך אָנגאַזשירט. די לעקציע איז דורכגעגאַנגען בשלום, איך האָב אויסגעהאַלטן גאַנצע 45 מינוט. איניקע וואָכן האָב איך געאַרבעט אונטער דער השגחה פון חבר באַרוכאָוויטש. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער לערער מיט אויפריכטיקער ליבשאַפט צו די קינדער און טיפער באַגייסטערונג פאַר דער נייער יידישער שול. אויסער מיר האָבן אין שול געאַרבעט נאָך עטלעכע לערער און לערערינס. דריי פון זיי לעבן איצט אין 3 קאָנטינענטן:

באַבטשע פראַנקפורט אין ניו יאָרק, חנהקע בערנשטיין אין מאָסקווע און מאַלע ראַפּאָפּאָרט אין אויסטראַליע.

עס זיינען דעמאָלט געווען די בראשית־יאָרן פון דער נייער יידישוועלטלעכער שול. ס'איז ניט געווען קיין געדרוקטע פּראָגראַם פון די למודים,

קיין מעטאָדיק פון יידיש־למוד, קיין צוגעפּאַסטע לערנביכער, ווי אויך ניט קיין טערמינאָלאָגיע פון פאַרשיידענע למודים. דער לערער האָט געמוזט אַליין אַ סך לערנען, זיך פאַרפולקאָמען, אויסאַרבעטן פּראָגראַמען און זיך גרינטלעך צוגרייטן צו יעדער לעקציע.

און געווען איז דאָס אין דעם דריטן יאָר פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. די צייט פון הונגער, אַרבעטלאָזיקייט און צוואַנג־אַרבעט אויף די שאָסייען און אין די וועלדער. די קינדער זיינען געקומען פון דער אָרעמסטער סביבה. דאָס רוב הונגעריקע און אָפּגעלאָזענע. אַ סך פון זיי — יתומים. אַלע קינדער האָבן באַקומען אין שול „באַשפּייזונג" פון דזשאָינט. קיין שכר לימוד האָט מען ניט געצאָלט. די פאַרוואַלטונג פון יוגנט פאַראיין האָט מסתמא באַקומען אַ געוויסע סובסידיע פאַר די שולן. דאָס איבעריקע האָט מען „צוגעשטוקעוועט" פון זאַמלונגען און אונטערנעמונגען. איך געדענק ניט וויפיל איז געווען מיין געהאַלט, אָבער איך געדענק יאָ, אַז עס איז געווען קוים אויף דורכצוקומען אויף אַ העכסט באַשיידענעם אופן.

די צווייטע שול פון יוגנט־פאַראיין האָט געהאַט אַ פיינעם בנין צוגעפּאַסט פאַר אַ שול (פאַר דער מלחמה איז דאָרטן געווען אַ רוסישע שול) אין אַ שטילער גאַס אַנטקעגן דעם שטאָטגאָרטן. די שול האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען אין שטאָט, און איז באמת געשטאַנען אויף אַ הויכן ניווא. עס האָבן דאָרטן געאַרבעט פעאיקע און אינטעליגענטע לערערס.

איך האָב זיך אין גיכן אַריינגעצויגן אין דעם קרייז פון די יידישע לערערס און קולטור־טוערס אין שטאָט, זיך נאָענט באַקאַנט מיט דער משפחה פּאַט. יעקב פּאַטס דריי שוועסטערס האָבן געוואוינט מיט זייערע עלטערן. דער פאָטער איז געווען אַ פרומער ייד, אַ שטרענגער לויטן אויסזען. די מוטער — אַ שטילע פרוי ווי אַ טויב, שטענדיק מיט אַ ליבלעכן שמייכל אויפן פּנים. עס האָט פון איר געשטראַלט מיט גוטסקייט און ליבשאַפט. זי פלעגט קוקן אויף די קינדער מיט מאַמישער נחתדיקייט. די מיידלעך זיינען טאַקע געווען קלוגע, פעאיקע און גראַטעונע. די ייִנגסטע, ביילע, איז געווען אַ שלאַנקע, לעבעדיקע, רויטהאָריקע מיידל. זי איז געווען פול מיט לעבן און באַוועגונג, שטענדיק פריילעך, זינגענדיק און טאַנצנדיק.

די עלטערע, שיינע, איז נאָר וואָס געקומען פון רוסלאַנד, דורכגעלעבט די ערשטע שטורמישע יאָרן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. זי פלעגט וואונ־

דערלעך דערציילן וועגן די דראַמאַטישע מאָמענטן פון יענע יאָרן: מאַסן־דעַ־מאָנסטראַציעס און קאַמפן. מיר פלעגן די אַרטיססטיש־געשילדערטע מאָ־מענטן הערן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

צביה אסתר איז שוין געווען אַ לערערין אין פרץ־שול. זי איז געווען אַ טאַלענטירטער מענטש, באַגאַבט, שטימונגספול און טרוימעריש, גלייכצייטיק אַרבעטזאַם און ענערגיש.

די פרץ־שול איז געווען אַנדערש פון אַלע שולן אין שטאָט. עס האָט דאָרטן געהערשט אַ שטימונג פון וועלטלעכער פרומקייט, אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדריקן. מ׳האָט אין שול עקספּערימענטירט, זיך פאַרטיפט און גע־פּרואווט אָנווענדן די בייסטע מעטאָדעס פון פּעדאַגאָגיק אין יענער צייט: קאָנ־צענטראַציע פון די למודים און דעם אַרבעט־פּרינציפּ. דער נאַציאָנאַלער און שטייגער־מאָמענט האָבן אין דער שול פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט.

דער פאַרוואַלטער פון דער פרץ־שול — דער פּעדאַגאָגישער אָנפירער און דער „רוח החיים" פון דער שול איז געווען יעקב פּאַט. ער איז געווען זייער אַ טאַלענטירטער לערער און איז שוין געווען באַקאַנט ווי אַ יידישער שרייבער און אַן אויסגעצייכנטער רעדנער. זיינע שטורמישע רעדעס אין דער קהילה, וואו ער איז געווען דער פאַרשטייער פון די „פּאַראייניקטע", אין די אינטע־רעסן פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג בכלל און וועגן יידישער דער־ציאונג בפרט, פלעגן אַלע מאָל מאַכן אַ שטאַרקן רושם.

די אַרבעט אין די שולן איז דעמאָלט באמת געווען אַן עבודת הקודש. יעדער לערער האָט זיך באַמיט צו פאַרפולקאָמען זיינע ידיעות און אויס־ברייטערן זיינע קענטעניש. מ׳פלעגט אָפט האָבן פּעדאַגאָגישע באַראַטונגען. עס האָבן געאַרבעט קאָמיסיעס פאַר פּראָגראַם און טערמינאָלאָגיע. עס זיינען געשאַפן געוואָרן ספּעציעלע קורסן פאַר לערערס וואָס זיינען ניט געווען גוט באַקאַנט מיט דער יידישער ליטעראַטור און געשיכטע.

דער יוגנט־פאַראיין וואָס איז באַשטאַנען פון דער פאָלקסטימלעך יידישער אינטעליגענץ פלעגט איינאָרדענען רעפעראַטן און עפנטלעכע דיסקוסיעס אויף ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע טעמעס — און דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון דער ביטערסטער נויט בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע.

עס זיינען אַריבער עטלעכע חדשים, און די מלחמה האָט זיך דערנענ־

טערט צום סוף. די דייטשן האָבן געליטן שווערע מפּלות אויף דעם מערב־פראָנט, און אין נאָוועמבער איז אויסגעבראָכן די דייטשישע רעוואָלוציע. אין דער אָקופּאַציע־אַרמיי האָבן זיך געשאַפן סאָלדאַטן־ראַטן. די אייזערנע דיסציפּלין איז באַדייטנדיק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די פּאָליטישע לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט. די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען אַרויפגעקומען אויף דער אויבערפלאַך, און זיינען געוואָרן אַקטיוו, באַזונדערס דער „בונד" און די „פּאַראייניקטע". די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען זיינען פון דאָס ניי רעאָרגאַניזירט געוואָרן. די שטאָט האָט פריי אָפּגעאָטעמט. אין גיכן האָבן זיך די דייטשן עוואַקואירט און די פּוילישע אַרמיי האָט פאַרנומען ביאַליסטאָק. די שאָוויניסטיש־אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער נייער מאַכט האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן לרעה אויף דער יידישער באַפעלקערונג. די דעזאָרגאַניזאַציע פון דער ציווילער פאַרוואַלטונג נאָך דעם אַוועקגיין פון די דייטשן האָט געבראַכט אַ כאַאָס אין דעם ווירטשאַפטלעכן מצב פון שטאָט. די שולן האָבן ניט איבערגעריסן זייער אַרבעט אויף קיין איין טאָג. אָבער די פינאַנציעלע לאַגע איז געווען אַ פאַרצווייפלטע. די לערערס האָבן אַ לענגערע צייט ניט באַקומען קיין שכירות, און די שול־פאַרוואַלטונגען האָבן זיך געווענדט צו דער יידישער קהילה, וואָס איז נאָר־וואָס אָרגאַניזירט געוואָרן, מיט אַ פאָדערונג צו העלפן די שולן אין דער אויסערגעוויינלעך שווערער לאַגע. עס איז אַפילו דערגאַנגען צו אַ שטרייק וואָס האָט געדויערט אַ קורצע צייט.

דער ווינטער פון 1919 איז געווען זייער אַ שווערער און אַ פיינלעכער. עס איז ווידער געוואָרן אומרואיק אין לאַנד. די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען ווילנע, און עס זיינען אָנגעגאַנגען שלאַכטן צווישן דער רויטער אַרמיי און די פּאָליאַקן.

דעם 19טן אַפּריל איז ווילנע צוריק פאַרנומען געוואָרן פון פּוילישן מיליטער, און די לעגיאָנערן (אַזוי האָט מען גערופן די פּוילישע זעלנער) האָבן געמאַכט אַ פּאָגראָם איבער דער יידישער באַפעלקערונג.

איך דערמאָן זיך: פּסח־צייט, ווען מיר זיינען געווען פריי פון דער שול־אַרבעט, זיינען מיר, אַ גרופּע לערערס און שרייבערס, געזעסן אין הויז פון די לערערינס בערנשטיין. פּלוצלינג קומט אַריין יעקב פּאַט אַן אומעטיקער און מיט טיפן צער גיט ער איבער די לעצטע ידיעות פון ווילנע. טויטע און פאַרוואונדעטע יידן. דער דיכטער א. ווייטער איז דערשאָסן געוואָרן. ש. ניגער און

לייב יאָפּע זיינען אַרעסטירט און זייער גורל איז אומבאַשטימט. טיף אויפגע־טרייסלט פון די שווידערלעכע נייעס זיינען מיר געזעסן ווי פאַרשטיינערטע.

ניט געקוקט אויף די דריקנדיקע פּאָליטישע פאַרהעלטעניש און שווע־רער מאַטעריעלער לאַגע האָט זיך די יידישע קולטור־טעטיקייט און די דער־ציאונג־אַרבעט פאַרפעסטיקט און אויסגעברייטערט. אויסער די דערמאָנטע יידישע שולן האָט עקסיסטירט נאָך אַ יידישע שול און אַ קינדערהיים אונטער דער השפעה פון „בונד״ (די גראָסער־שול). עס זיינען געווען עטלעכע גוט־אָרגאַניזירטע העברעאישע שולן מיט איבערגעגעבענע און אידעאַליסטישע לערערס. די שולן מיט דער דייטשישער למודים־שפּראַך (צוואַנג־שולן האָט מען זיי גערופן, ווייל די דייטשישע מאַכט האָט זיי אָרגאַניזירט) זיינען אַרי־בער אויף אידיש אָדער העברעאיש. אין יענע שולן זיינען געווען באַשעפ־טיקט אַ באַדייטנדיקע צאָל גוט־קוואַליפיצירטע לערערס.

אין שטאָט איז געווען אַ טעגלעכע יידישע צייטונג — דאָס נייע לעבן — אונטער דער רעדאַקציע פון דעם שריפטשטעלער און מוזיקאָלאָג פסח קאַפּלאַן. ער איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַ גוטער זשורנאַליסט און אַ געטרייער קולטור־טוער.

דעמאָלט איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ יידישע ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט און איז געוואָרן איינע פון די גרעסטע און גוט אָרגאַני־זירטע יידישע ביבליאָטעקן אין פּוילן. (די שלום עליכם־ביבליאָטעק).

אין 1920 האָט זיך ווידער צעפלאַקערט די מלחמה צווישן פּוילן און סאָ־וועט־רוסלאַנד. אין יולי איז ביאַליסטאָק פאַרנומען געוואָרן פון דער רויטער אַרמיי. אין מיטן אויגוסט איז די אַרמיי, אַ צעשלאָגענע און דעזאָרגאַניזירטע נאָך דער שלאַכט ביי וואַרשע (די פּאָלאַקן האָבן דאָס אָנגערופן: דער נס ביי דער ווייסל), צוריקגעטראָטן צו מזרח.

אַ גאַנץ גרויסע גרופּע יידישע אַרבעטערס, לערערס און קולטור־טוערס, וואָס האָבן נישט געוואָלט אָדער ניט געקענט פאַרבלייבן אין ביאַליסטאָק אונטער דער פּוילישער הערשאַפט האָבן זיך מיט אומגעהויערע שוועריקייטן און סכנות, דערשלאָגן ביז ווילנע. צו דער גרופּע פּליטים האָבן אויך געהערט יעקב פּאַט, ד״ר ישראל רובין (ביידע שוין אויפן עולם האמת), און דער שריי־בער פון די שורות. אָבער דאָס וויטערדיקע געהערט שוין צו אַן אַנדער קאַפּיטל.

איך האָב געאַרבעט אין ביאַליסטאָק בלויז צוויי יאָר — פון מאַי 1918 ביז יולי 1920 — צוויי צענדליק יאָר געאַרבעט אין ווילנער שולוועזן, געוואַנדערט איבער קאָנטינענטן און אָקעאַנען, געקומען קיין אַמעריקע, זיך אַריינגעפּאַסט אין דעם היגן יידישן קולטור־לעבן.

אָבער ביזן היינטיקן טאָג דערמאָן איך זיך מיט געפילן פון נאָסטאַלגיע און וואַרעמקייט אָן יענע יאָרן פון האָפענונגען און חלומות, פון בויען און לערנען, אָן יענע טייערע חברים און פריינד אין דער פיינער יידישער סביבה פון דער יידישער שטאָט ביאַליסטאָק.

# דער יאָרצייט נאָך די ווילנער יידן

מיר זיינען געוואוינט צו זאָגן: דעם און דעם טאָג האָב איך יאָרצייט נאָך מיין פאָטער, נאָך מיין מוטער, אָבער יאָרצייט נאָך אַן עדה יידן, נאָך אַ גאַנצער שטאָט? יאָ, אַזוי איז עס. דעם 23סטן סעפּטעמבער 1943 איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ.

די טויזנטער מענער, פרויען און קינדער, וואָס זיינען לעבן געבליבן נאָך די מאַסן־הריגות אויף פּאָנאַר און אין דער לוקישקער תפיסה אין האַרבסט 1941, די וואָס האָבן איבערגעלעבט אַלע עינויים און גירוש פון איין געטאָ אין אַ צווייטער; די, ביי וועמען עס איז נאָך פאַרבליבן אַ ביסל לעבנס־קראַפט נאָך די מגפות, פּיין, הונגער במשך פון איבער צווי יאָר פון דער נאַצי־הער־שאַפט אין ירושלים דליטא — די אַלע האָט מען אין רעגנדיקן האַרבסט־טאָג צעטרייבגעטריבן אין דער פאַרשטאָט ראסע, און סעגרעגירט אויף רעכטס — צו די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און לינקס — צום טויט. די וואָס מ׳האָט זיי געטריבן מיט שטעקנס און ביקסן־קאָלבעס אויף רעכטס זיינען פאַרשיקט גע־וואָרן אין דעם שוידערלעכן טויטלאַגער קלאָגאַ אין עסטלאַנד און אין אַנדערע לאַגערן, וואו כמעט אַלע זיינען אויסגעשטאָרבן אָדער דערהרגעט געוואָרן מיט כל המיתות משונות.

פון דעם גאַנצן ווילנער קהל, וואָס האָט ביז דעם אומגליקלעכן טאָג פון 22סטן יוני 1941 געציילט איבער 60 טויזנט נפשות, חוץ די טויזנטער פּליטים פון גאַנץ פּוילן, איז פאַרבליבן אַ קליין הייפל, צעזייט און צעשפּרייט איבער גאָר דער וועלט.

אין דעם גרויסן אומגליק וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק במשך פון די לעצטע יאָרצענדליקער זיינען מיר אַזוי פאַרטעמפּט געוואָרן, אַז מיר זיינען ניט ביכולת זיך אָפּצוגעבן זיך אַ חשבון פון׳ע צאָלן און ציפערן. ביי יעדער געלעגנהייט גיט מען זיך אַזוי אַ זאָג: „זעקס מיליאָן יידן זיינען אומגעקומען אין אייראָפּע״. באַרעכנט נאָר: הונדערט אַזעלכע שטעט ווי ווילנע מיט יידישע לעבנס זיינען פאַרשניטן געוואָרן!

אין דעם טאָג פון יאָרצייט נאָך אַ נאָענטן און טייערן דערמאָנט מען זיך אָן דעם פאַרשטאָרבענעם. מ׳באַמיט זיך אויפברענגען אויפן זכרון זיין גע־

שטאָלט. מ׳שאַצט אָפּ זיין כאַראַקטער זיינע מעשים. מ׳פילט געוויינלעך שאַר־פער און פיינלעכער ווי אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר וואָס מ׳האָט אין דעם נפטר פאַרלוירן.

בנוגע אַ קהל, אַן עדה מענטשן איז אויך אַזוי. עס קומען אויף אויפן זכרון הונדערטער בילדער, מענטשן, גאַסן און געסלעך, פאַרזאַמלונגען, זיצונגען, דעמאָנסטראַציעס און שול־פייערונגען. דו זעסט פאַר זיך דעם פרט און דעם כלל. עס בליצן אויף שאַרפע, אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייטן, שאַפערס און בוויערס פון באַוועגונגען, פון קולטור־אינסטיטוציעס. די דערמאָנסט זיך מאָ־מענטן פון טיפן צער און פיין, ווי אויך מאָמענטן פון דערהויבנקייט, פרייד פון אַרבעט און בויען.

עס האָט אין שטאָט געשוויבלט מיט יידישער אַרבעט און שעפערישקייט.

וואָס איז שייך פרנסה איז די לאַגע געווען ניט גאַנץ געהויבן. דער אַלגע־מיינער לעבנס־סטאַנדאַרד איז אין ווילנע געווען אַ סך נידעריקער ווי, אַ שטייגער, אין וואַרשע אָדער אין לאָדזש. ווילנע איז קיינמאָל ניט געווען קיין רייכע שטאָט. קיין גרויס־אינדוסטריע איז דאָרטן קיינמאָל ניט געווען. גאָר אַמאָל, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ווילנע געווען דער טראַנזיט־פונקט פון האַנדל צווישן די פוילישע גובערניעס מיט גרויס־רוסלאַנד. מיט דער אַנטשטייאונג פון דער פוילישער מלוכה אין 1918 זיינען די טויערן פון דער מדינה פאַר ווילנע פאַרשלאָסן געוואָרן. די מיגלעכקייט פון האַנדל און אינדוסטריעלער עקספּאַנסיע רעדוצירט ביז אַ מינימום. ווילנע איז געוואָרן איינע פון אַ סך פּראָווינציעלע שטעט פון דער פאַראָרעמטער פוילישער מדינה, וואָס האָט באַדאַרפט קומען צו זיך נאָך די יאָרן פון מלחמה און פאַרוויסטונג. יידן האָבן געלעבט פון אַרבעט אין דער קליין־אינדוסטריע, פון מלאכה און האַנדל. דער פוילישער מיטלקלאַס האָט מיט גרויס גיריקייט זיך אַ לאָז געטאָן אַרויסצושטויסן די יידן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. די פוילישע הער־שאַפט איז נאָך געווען לחלוטין ניי פאַר די ווילנער יידן. די פוילישע קול־טור, וואָס איז אין דעם ניי־אַנטשטאַנענעם פוילן (אַזוי ווי אין די נייע קליינע מלוכות אין איראָפּע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה) געווען שטאַרק נאַציאָ־נאַליסטיש, איז געווען אין גאַנצן פרעמד דער יידישער באַפעלקערונג.

דער שטאַרקער עקאָנאָמישער דרוק, די בולט אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער רעגירונג, די פרעמדקייט פון דער פוילישער קולטור, די נאַציאָנאַלע קולטור־טראַדיציע פון די ווילנער יידן, און אַנדערע סיבות, וואָס דאָ איז ניט

דאָס אָרט זיי אויסצורעכענען, האָבן גורם געווען, אַז די ווילנער יידן האָבן זיך איינגעשלאָסן אין זיך, און האָבן געשאַפן דעם אַזוי־גערופענעם ווילנער נוסח.

אַ מקום תורה איז ווילנע פון שטענדיק אָן געווען. די טראַדיציע פון דעם ווילנער גאון (געשטאָרבן אין 1797) האָט געפונען איר המשך אין די ישיבות און קלויזן, וואו יונגעלייט זיינען געזעסן טאָג און נאַכט און געלערנט תורה.

די השכלה־באַוועגונג און די נייע העברעאישע ליטעראַטור האָבן אין ווילנע געהאַט זייערע גלענצנדיקע פאָרשטייערס. דאָס באַרימטע ווערק פון יצחק בער לעווינסאָן „תעודה בישראל״, וואָס סיגנאַליזירט דעם אָנהויב פון דער השכלה־באַוועגונג אין רוסלאַנד, איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין ווילנע אין 1828. מרדכי אהרן גינצבורג און אד״ם הכהן לעבענזאָן האָבן געלעבט און געשאַפן אין ווילנע. דער היסטאָריקער פן דער יידישער ווילנע שמואל יוסף פין (קריה נאמנה), דער שרייבער פון היסטאָרישע ראָמאַנען אויף העברעאיש קלמן שולמאַן, דער לירישער פאָעט מיכה יוסף לעבענזאָן און יהודה לייב גאָרדאָן (יל״ג) — דאָס זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן געהאַט גאָר אַ גרויסע השפעה אויף דער אויסגעשטאַלטונג פון דער יידישער קולטור־באַוועגונג אין גאַנץ אייראָפּע ביז דער לעצטער צייט.

די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז געשאַפן געוואָרן אין דער דאָזיקער שטאָט. אין 1897 איז אין ווילנע געשאַפן געוואָרן דער „בונד״, וואָס האָט זיך ווי אַ דערפרישנדיקע כוואַליע צעטראָגן אין אַלע ווינקעלעך פון יידישן תחום אין רוסלאַנד, ליטע און פוילן.

אין דעם זעלבן יאָר איז אין באַזעל פאָרגעקומען דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס. דער פּאָליטישער ציוניזם אין אַלע אירע שאַטירונגען האָט געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג צווישן די ווילנער יידן. אין די יאָרן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע האָבן אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען געדרוקט אין ווילנע זייערע צענטראַל־אָרגאַנען.

אין משך פון די 20 יאָר צווישן ביידע וועלט־מלחמות, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער וואונדערלעכער אויפשוואונג פון דער מאָדערנער יידישער קולטור, איז ווילנע געווען אין פאָדערגרונט פון יידישן שאַפן אין גאַנץ פוילן. דער ערשטער יידישער קינסטלערישער טעאַטער ווערט געשאַפן (ווילנער טרופּע). עס אַנטשטייען יידישע און העברעאישע עלעמענטאַר־שולן און גימנאַזיעס (אַ פולער קורס פון יידישע און אַלגעמיינע לימודים, וואָס האָט באַרעכטיקט די תלמידים נאָכן ענדיקן אָנצוקומען אין אַ פּוילישן מלכה־אוניווער־

סיטעט (נאָך יאָרן פון אינטערווענצן, שתדלנות און בקשות); אַ יידישע טעכ־נישע שול. די גראַדואַנטן פון דעם טעכניקום פון „אָרט" פלעגן אָנגענומען ווערן אויפן צווייטן קורס פון די אויסלענדישע פּאָליטעכניקומס. יידישע און העברעאישע לערער־סעמינאַרן, אַ יידישער מוזיק־אינסטיטוט, אַן אָפּערן־סטודיאָ, פּראָפעסיאָנאַלע און האַנטווערקער־שולן. די שפּעטערישע ליטעראַ־רישע גרופּע „יונג ווילנע", וואָס אירע לעבנגעבליבענע גרינדערס פאַרנעמען איצט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער נייער יידישער ליטעראַטור, און אחרון חביב: דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט (ייוואָ), וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ווילנע אין 1925.

דאָס איז געווען דער ווילנער נוסח, דאָס בייע וואָרט, וואָס ווילנע האָט געזאָגט דער יידישער וועלט. עס איז געווען אַ פול יידיש לעבן, אַן אייגנאַר־טיקער שטייגער, אַ קולטור־טראַדיציע. און אַזאַ סביבה האָט געקענט אַרויס־געבן בייע גאַנצע יידן, פּערזענלעכקייטן, וואָס דאָס כלל־לעבן האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט זיין חותם און זיי האָבן ווירדיק פּערזאָניפיצירט דאָס יידישע כלל־לעבן אין זיין גאַנצער פאַרשיידנאַרטיקייט.

לאָמיר דערמאָנען אייניקע פון זיי:

**ד"ר צמח שאַבאַד.** אַ פאָלקס־דאָקטאָר אין פיינסטן זינען פון וואָרט. אויסגעוויילט פון די ווילנער יידן צום פּוילישן סענאַט. אַקטיווער געזעלשאַפט־לעכער־און קולטור־טוער. לאַנגיאָריקער רעדאַקטאָר פון דעם פּאָפּולער־מעדי־ציניש̈ן זשורנאַל „פאָלקס־געזונט", איינער פון די גרינדערס פון ייוו"אָ און מיטאַרבעטער פון די „ייוו"אָ־בלעטער", בויער פון וויכטיקע קולטור־ און געזונטהייט־אינסטיטוציעס, פאָרזיצער פון צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט (צ.ב.ק.). געווען פאַרבונדן מיט דער פאָלקס־פּאַרטיי.

**אַרקאַדי (אַלעקסאַנדער) קרעמער.** גרינדער פון „בונד" אין 1897 און פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (1898). פאַרשטייער פון די ווילנער אַרבעטער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער ווילנער קהילה. אַ לע־רער פון פיזיק און מאַטעמאַטיק אין יידישן לערער־סעמינאַר און טעכניקום. אַ קרישטאַל־ריינער מענטש. ביזן לעצטן הויך פון זיין אָטעם געווען פאַרבונדן מיט די ליידן און פריידן פון דעם יידישן אַרבעטסמענטש.

**ד"ר יעקב וויגאָדסקי.** פאָרזיצער פון דער ווילנער קהילה און דעפּוטאַט פון פּוילישן פּאַרלאַמענט (סיים). מחבר פון זכרונות אין צוויי בענד. פּירער

פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין ווילנע. בעת דער ערשטער דייטשישער אָקופּאַציע אין יאָר 1916 פאַרשיקט געוואָרן אין אַ דייטשישער פעסטונג פאַר זיין מוטיקער האַלטונג ביים פאַרטיידיקן די יידישע באַפעלקערונג.

געפּרואווט זיך משתדל זיין פאַר די יידן ביי דער נאַצישער מיליטערישער מאַכט. געוואָרן באַליידיקט, אַרעסטירט און אומגעבראַכט געוואָרן.

**ד"ר הערץ קאָוואַרסקי.** פון דער געוועזענער אַסימילירטער יידיש־רוסישער אינטעליגענץ. זיך אַריינגעצויגן אין דער יידישער קולטור־סביבה און געוואָרן איינער פון די בעסטע יידישע קולטור־טוערס. פאָרזיצער פון צ.ב.ק. און „אָזע". אַקטיוו אין דער פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישער סעקציע פון ייוו"אָ. אומגעקומען אין געטאָ.

**ברוך כהן** (ווירגילי). בונדישער טוער. ענטוזיאַסטישער בויער פון די יידישע שולן און סעמינאַר. איינער פון די ענערגישסטע פירערס פון ייוו"אָ אַ קולטור־טוער פון גאָר אַ גרויסן פאַרנעם. מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון וועלט־„אָרט".

בעת ער איז געשטאָרבן (פאַר דער מלחמה) האָט דער ייוו"אָ אַרויסגעגעבן אַ טרויער־מעלדונג מיט אָט די פילזאָגנדיקע ווערטער: „דער שטאַרקסטער פון אונדז אין גלויבן און ווילן".

**גרשון פּלודערמאַכער.** דער פּאַטריאַך פון דער יידישער לערער־שאַפט. ערן־מיטגליד פון יידישן לערער־פאַראיין. נאָך אין 1912 פאַר די צאַרישע צייטן געגרינדעט צוזאַמען מיט אַלגיבען אַן אָוונט־שול פאַר דערוואַקסענע. געוועזן איינער פון די אַנטייל נעמער פון דעם אומלעגאַלן לערער־צוזאַמענפאָר אין 1906. אַלע זייבען דעמאָלט אַרעסטירט געוואָרן. שול־ און קולטור־בויער. מיטגליד פון דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש"אָ). מיטאַרבעטער פון די פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן. געשטאָרבן אין געטאָ.

**כייקל לונסקי.** לאַנגיאָריקער ביבליאָטעקאַר פון דער וועלט־באַרימטער סטראַשון־ביבליאָטעק אין ווילנע. אַ גרויסער למדן און מחבר פון אַ בוך אין יידיש און העברעאיש. אין בוכשטעבלעכן זינען אַ ייד אַ צדיק. אומגעקומען אין געטאָ.

**אַננאַ ראָזענטאַל.** פירערין פון "בונד". לאַנגיאָריקע פּאַרזיצערין פון צ.ב.ק. געווען פאַרשיקט אין סיביר פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אַ קאָ־לירפולע פערזענלעכקייט. אַקטיוו און שעפעריש אין יידישן קולטור־לעבן און אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אַרעסטירט פון דער סאָוועטישער מאַכט אין אָקטאָבער 1939, פאַרשיקט קיין רוסלאַנד און דאָרטן אומגעקומען.

**אליהו יעקב גאָלדשמידט.** שריפטשטעלער און לערער, פאַרוואַל־טער פון עטנאָגראַפישן מוזיי א. .ב. פון ש. אַנסקי. שטענדיק זיך געראַנגלט מיט דער ביטערער נויט. אַסך געשריבן. מחבר פון לערנביכער אויף געשיכטע. איבערגעזעצט אויף יידיש שלמה מימונס אויטאָביאָגראַפיע און ווערק פון דער אייראָפעאישער ליטעראַטור. אַרויסגעגעבן אַ באַנד דערציילונגען פון יידישער געשיכטע. פאַרליבט אין ווילנע און אירע היסטאָרישע דענקמעלער. אַרעסטירט געוואָרן, געזעסן אין לוקישער תפיסה צוזאַמען מיט פרילוצקי. די נאַציס האָבן אים אומגעבראַכט.

**זלמן רייזען.** ייִנגערער ברודער פון אברהם און שרה רייזען. הויפט־רעדאַקטאָר פון "ווילנער טאָג". פילאָלאָג. איינער פון באַדייטנדיקסטע פירער און גרינדער פון ייוו"אָ. מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָר פון די וויסנשאַפט־לעכע אויסגאַבעס פון ייוו"אָ. מחבר פון אַ וויסנשאַפטלעכער גראַמאַטיק פון דער יידישער שפּראַך. זיין 4 בענדיקער לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַ־טור און פרעסע איז ביים היינטיקן טאָג אַ סטאַנדאַרד־ווערק, וואָס יעדער שרייבער און זשורנאַליסט באַנוצט זיך מיט אים כדי צו באַקומען גרינדלעכע אינפאָרמאַציע וועגן דער ליטעראַטור און אירע שאַפערס. באַגייסטערטער יידישיסט, קעמפער פאַר די רעכט פון יידיש. אַרעסטירט פון דער סאָוועטן־מאַכט. אומגעקומען אין רוסלאַנד.

**שלמה באַסטאָמסקי.** לערער און שרייבער. מחבר פון אַ גאַנצער ריי לערן־ און לייענביכער פאַר שול־קינדער. פאָלקלאָריסט און מחבר פון ביכער וועגן פאָלקלאָר. רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון די קינדער־ און יוגנט־זשורנאַלן "גריניטקע ביימעלעך" און דער "חבר". געשטאָרבן אין ווילנע זומער 1940.

**יוסף טשערניכאָוו.** אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־טוער. באַקאַנטער פריינד און שטיצער פון די יידישע שולן. מיטגליד פון צ. ב.ק. אין

דער יוגנט געווען אַ פירער פון דער יידישער סאָציאַליסטיש־ציוניסטישער פּאַרטיי סיימיסטן (פּאַרטיי־פּסעוודאָנים דניאלי), אַדוואָקאַט, פּאַרטיידיקער אין פּאָליטישע פּראָצעסן. אומגעקומען אין רוסלאַנד.

אויך אין די פינצטערע חדשים און יאָרן פון דער נאַצי־הערשאַפט, ווען די דייטשן האָבן טאָג־טעגלעך ברוטאַל און אכזריותדיק געפייניקט, פאַר־הונגערט און געהרגעט די יידן, איז ווילנע געבליבן געטריי איר היסטאָרישער קולטור־טראַדיציע. עס איז ממש אומגלויבלעך, אָבער דאָס איז אַ פאַקט. אברהם סוצקעווער און מאַרק דוואָרזשעצקי, וואָס זיינען געווען אין ווילנער געטאָ, דער־ציילן, אַז דאָרטן האָבן עקזיסטירט יידישע און העברעאישע שולן, אַ גימנאַזיע, צוויי ישיבות (די ישיבה־בחורים לערנען ביינאַכט, נאָך אַ טאָג פון שווערער, פיינלעכער אַרבעט). דער געלערנטער זעליק קאַלמאַנאָוויטש, איינער פון די פירערס פון ייוו״אָ (אומג. אין עסטלאַנד) האָט אָנגעפירט מיט אַ געטאָ־אוני־ווערסיטעט. עס זיינען פאָרגעקומען ליטעראַרישע אָוונטן לעקציעס, רעפע־ראַטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען. מ׳האָט געשפּילט פראַגמענטן פון דער „גאָל־דענער קייט״, לייוויקס „גולם״, פינסקיס „אוצר״. מען האָט דעקלאַמירט און געזונגען לידער פון ח. נ. ביאַליק, א. רייזען א.אַנד. מ׳האָט אַרויסגעגעבן ליטעראַרישע פּרעמיעס די פּאָעטן. עס זיינען פאָרגעקומען רירנדיקע און טראַגישע גראַדואיר־צערעמאָניעס, ווען די עלטערן זיינען ניט געווען זיכער אַז זייערע קינדער וועלן מאָרגן זיין צווישן די לעבעדיקע. עס האָט פונקציאָ־נירט אַ ביבליאָטעק, אָנגעפירט פון הערמאַן קרוק, אַ פּליט פון וואַרשע, גע־וועזענער פאַרוואַלטער פון דער גראָסער־ביבליאָטעק. שרייבערס און לערערס האָבן מיט מסירת־נפש פאַרגראָבן אין דער ערד ווערטפולע מאַנוסקריפּטן און ביכער. אַ סימפאָנישער אָרקעסטער האָט געגעבן קאָנצערטן, קינסטלערס האָבן איינגעאָרדנט אויסשטעלונגען פון זייערע ווערק. עס איז געווען טעטיק אַ „פאַראייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלערס״. אַ דראַמאַטישע און אַ טעכ־נישע שול.

טראַגיש און הייליק איז געווען דאָס מאַרטירער־לעבן פון די יידן אין ווילנער געטאָ.

זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערמאָנען אַ געוויסע צאָל נעמען פון לערערס און קולטור־טוערס, וואָס איך בין געווען פאַרבונדן מיט זיי אין משך פון צוויי צענדליק יאָר דורך בשותפותדיקער אַרבעט און אינטימער פריינדשאַפט:

זיי זיינען אומגעקומען אין ווילנער געטאָ און אין די מאָרד־לאַגערן פון די בלוטיקע נאַצישע מערדערס. ביז די לעצטע מינוטן פון זייער לעבן האָבן זיי געטראָגן ליכט און טרייסט אין די הערצער פון די פאַרפייניקטע יידישע קינדער אין ווילנער געטאָ.

מרים (מאַניע) גראָסמאַן (מיין פרוי), יצחק און משה סעניצקי, מרדכי יאַפע, ישראל מהרשק, לייב טורבאָוויטש, יעקב גערשטיין, אברהם סליעפּ, ברוך לובאַצקי, דוד און חנה לובאַצקי, מרים חיימסאָן־באָסטאָמסקי, מרדכי יאָפע און מאָטל קאַהאַנאָוויטש, איידל פיינזילבער, משה אָליצקי, יוסף לייקין, לובע ביעדיעלסקי, אברהם בולקין, שמואל גאָלאָמב, זיבע פלודערמאַכער, לייב קאַנישטשיקער, פרומע מאָשקאָווסקי, רבקה שמערקאָוויטש, אסתר און רבקה גאַטיק, לאה מאגון, טעמע קאַץ, חיים גליאַט, מירע בערנשטיין, רחל ברוידע, יוסף רודניצקי, נחמה עפּשטיין, פּאַטי קרעמער (פרוי פון אַרקאַדי קרעמער), שפרה־סטעפאַניע שאַבאַד (פרוי פון ד״ר שאַבאַד); אינזשיניערן אידעלסאָן און שרייבער, זעליק גאָלדבערג, פרומע אלקעניצקי, יצחק און חנה מאָן, אפרים פיין, הירש מאַץ עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון „אָזע״ און פאַרוואַלטער פון די קינדער־קאָלאָניעס, בערל ווידמאַן, כאַנין און נחום וואַפּנער (פאָרזיצער פון צענטראַלן עלטערן־קאָמיטעט).

געהייליקט זאָל זיין זייער אָנדענק.

# צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע

## צ.ב.ק.

מאַי 1919. די ווילנער יידישע באַפעלקערונג איז אויפגעטרייסלט און טעראָריזירט נאָך די שרעקלעכע געשעענישן וואָס זיינען פאָרגעקומען אין שטאָט אין משך פון די לעצטע פאַר וואָכן. דעם 19טן אַפּריל האָט דאָס פּוילישע מיליטער נאָך אַ קאַמף מיט דער רויטער אַרמיי פאַרנומען ווילנע. די פּוילישע סאָלדאַטן (אין ווילנע האָט מען זיי גערופן „די לעגיאָנערן") אין זייער געיעג נאָך באָלשעוויקעס, האָבן אין דעם טאָג דערשאָסן דעם יידישן שרייבער און דראַמאַטורג א. ווייטער (דעווינישסקי), וואָס איז אין שטאָט געווען פּאָפּולער און באַליבט נישט בלויז ווי אַ שרייבער, נייערט אויך ווי דער באַרימטער רעוואָלוציאָנערער פירער אין די שטורמישע טעג פון 1905; עס איז דעמאָלט אויך דערשאָסן געוואָרן דער לערער פון אַ יידיש־וועלטלעכער שול לייזער גורוויטש (שפּעטער איז די שול אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען). שמואל ניגער און לייב יאַפע, וועלכע האָבן זיך צו יענער צייט געפונען אין ווילנע, זיינען אַרעסטירט געוואָרן דורך דער פּוילישער מיליטערישער מאַכט, און באַפרייט געוואָרן נאָך אינטערווענצן און בקשות.

נישט געקוקט אויף דער געדריקטער שטימונג אין שטאָט, זיינען גלייך נאָך פּסח (אָנהייב מאַי) געעפנט געוואָרן די שולן. עס האָט זיך אָבער אַרויס־געוויזן, אַז אין דעם מאָמענט איז ניטאָ קיין שום אָרגאַניזירטער כח, וואָס זאָל זאָרגן פאַר דער עקסיסטענץ און אויסהאַלטונג פון די שולן. די געזעלשאַפטן וואָס האָבן געהאָלפן אויסהאַלטן די אַנשטאַלטן איידער די סאָוועטן האָבן פאַר־נומען ווילנע („מפיצי השכלה" און „קינדער־פאַרזאָרגונג") זיינען בעת דער רוסישער הערשאַפט ליקווידירט געוואָרן. די יידישע קהילה האָט צו יענער צייט קוים אַרויסגעוויזן סימנים פון טעטיקייט. די שולן זיינען געווען אָנגע־וויזן בלויז אויף די לערערס, וואָס האָבן שוין נישט באַוויזן צו באַקומען זייערע שכירות פון דער אַוועקגייענדיקער מאַכט פאַר די לעצטע חדשים. עס האָט געמוזט אָרגאַניזירט ווערן אַ קערפּערשאַפט, וואָס זאָל זיין פאַראַנטווער־טירט אין דער אויפהאַלטונג פון יידישן שולוועזן.

דעם 17טן מאַי, איז לויט דער איניציאַטיוו פון דער לערער־געזעלשאַפט

און פון דער „קולטור־ליגע" צונויפגערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג כדי צו שאַפן אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פון די יידיש־וועלטלעכע דערציִונג־אַנשטאַלטן, כדי צו באַקומען אַ באַגריף וועגן דעם אידעיש־געזעלשאַפטלעכן יסוד פון דער ניי־געשאַפענער אָרגאַניזאַציע, איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען די געזעלשאַפטן וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער פאַרזאַמלונג: יידישער לערער־פאַרבאַנד (געשאַפן אין סעפּטעמבער 1915), קולטור־ליגע (געשאַפן אין אָנהייב 1919 מיטן נאָענטסטן אָנטייל פון ש. אַנסקי און ש. ניגער); יידישע קולטור־קאָמיסיע פון „בונד"; קולטור־קאָמיסיע פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי; קולטור־קאָמיסיעס פון די „פאַראייניקטע און לינקע פּועלי ציון; פאָרשטייערס פון אַלע פּעדאַגאָגישע ראַטן פון די יידישע שולן. די פאַרזאַמלונג — דער פאָרזיצער איז געווען ש. ניגער — האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַ נייע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „צענטראַלער יידישער בילדונגס־קאָמיטעט".

עס איז דערוויילט געוואָרן אַן אויספיר־קאָמיטעט פון 19 פּערזאָן, וואָס איז גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. אין ערשטן קאָמיטעט זיינען אויסגעוויילט געוואָרן: ש. אַנסקי, י. גורעוויטש, סאָפיע גורעוויטש, ב. האַלפּערן, מ. וויינרייך, ש. ידידאָוויטש, דר. א. מאַקאָווער, ש. ניגער. ס. סטופּעל־כהן, די פרוי פון ב. כהן־ווירגילי), גאָלדע פּאַק, ג. פלודערמאַכער, י. פראַנקפורט, דר. ה. קאָוואַרסקי, ד. קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי, ש. קלייט, ז. רייזען, דר. צ. שאַבאַד און מ. שור.

עס איז כדאי איבערצוגעבן אייניקע וויכטיקע פּונקטן פונעם סטאַטוט, כדי צו באַקומען אַ פאָרשטעלונג וועגן די צילן און אויפגאַבן פון דער ניי־געשאַפענער אָרגאַניזאַציע:

1. דער צ.ב.ק. שטעלט זיך פאַר אַ ציל צו פאַרפעסטיקן די יידיש־וועלטלעכע שול און אַוועקשטעלן זי אויף דער געהעריקער הויך.

2. כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל דאַרף דער צ.ב.ק.:

א) אַריינטראָגן אַן איינהייטלעכקייט אין דער פּעדאַגאָגישער אַרבעט פון דער יידישער שול.

ב) העלפן שאַפן די נויטיקע לערנביכער און לערן־מכשירים;

ג) אויסאַרבעטן פּראָגראַמען און לערנפּלענער;

ד) צוגרייטן אַ לערער־פּערסאָנאַל און זאָרגן, אַז די אויסבילדונג פון לערער זאָל זיין אויף דער הויך דורך גרינדן פּעדאַגאָגישע קורסן, אָרגאַניזירונג פון אויסשטעלונגען עקסקורסיעס, ביבליאָטעקן א. א. וו.;

ה) האָבן אַ השגחה איבער דער טעטיקייט פון אַלע יידיש־וועלטלעכע שולן;

ו) עפענען נייע שולן, ביבליאָטעקן און מוסטער־אַנשטאַלטן.

ווי עס איז צו זען פון דעם סטאַטוט, איז דער צ.ב.ק. ביי זיין גרינדונג געוואָרן די צענטראַלע פעדאַגאָגיש־אָרגאַניזאַציאָנעלע אינסטיטוציע. דער קאָמיטעט האָט נישט געהאַט בדעה צו ווערן דער מאַטעריעלער באַלעבאָס פון די שולן, און אַוודאי ניט געהאַט די מעגלעכקייטן דערצו.

די ווילנער יידישע קהילה האָט אין אַ קורצער צייט נאָך דעם איבערגענומען די מאַטעריעלע התחייבות פאַר אַלע יידישע און העברעישע שולן, אָבער אין יאַנואַר 1921 איז פאָרגעקומען אַ שאַרפער קאָנפליקט צווישן די לערער־פאַראייניגן און דער קהילה. די שולן האָבן דערקלערט אַ שטרייק, און אין רעזולטאַט דערפון האָט די קהילה זיך אָפגעזאָגט פון יעטוועדער פאַראַנטוואָרטלעכקייט לגבי די שולן. פון דעם 15טן יאַנואַר 1921 איז דער צ.ב.ק. געוואָרן אויך דער פינאַנציעלער באַלעבאָס, וואָס האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר דער אויסהאַלטונג פון די יידיש־וועלטלעכע דערציונגס־אַנשטאַלטן.

אין משך פון דער צייט האָט די שטאָט איבערגעלעבט דריי מאַכט־בייטענישן אין 1920 ווידער די באָלשעוויקעס, שפּעטער — די ליטווינער 6 וואָכן, און זינט אויגוסט דעם יאָר — די פּוילישע מאַכט, צוערשט אין דער פאָרעם פון „מיטלליטע״, מיט דער צייט איז ווילנע אינקאָרפּאָרירט געוואָרן צו דער פּוילישער מלוכה.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער באַפעלקערונג איז געוואָרן זייער אַ גערדריקטע. דער צ.ב.ק. איז אין אַ שטענדיקן דעפיציט און איז געצוואונגען צו רעדוצירן און פאַראייניקן אַנשטאַלטן מיט אַ קליינער צאָל קינדער. די שולן האַלטן זיך אויס פון דעם שכר לימוד און דאָס דעקט אַן אומבאַדייטנדיקן טייל פון בודזשעט. פון צייט צו צייט באַקומט מען אַמעריקאַנער הילף. פאַרשטייט זיך, אַז די שכירות פון די לערערס איז אַ מינימאַלע און אַ נישט רעגולערע.

5 יאָר נאָך דער גרינדונג פון צ.ב.ק., אין 1924, פאַרמאָגט ער 17 דערציונגס־אַנשטאַלטן: 2 קינדער־גערטנער, 8 פאָלקשולן, 2 אָוונט־שולן פאַר דערוואַקסענע און יוגנטלעכע, 2 גימנאַזיעס, 1 לערער־סעמינאַר, 1 אינטערנאַט פאַר אַרבעטער־קינדער און 1 קינדער־ביבליאָטעק. אין די שולן זיינען געווען

79 קלאַסן מיט 3039 תּלמידים־ות. דערפון אין די עלעמענטאַר־שולן 1769 און אין די מיטלשולן 642.

די פּאַרצווייפלטע לאַגע פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג, און באַזונדערס פון די שיכטן וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די צ.ב.ק.־שולן; די גזירות און רדיפות מצד דער פוילישער בילדונגס־מאַכט; די גריבּ־דונג פון פוילישע רעגירונגס־שולן פאַר יידישע קינדער, וואו די עלטערן האָבן בישט באַדאַרפט צאָלן קיין שכר־לימוד — אַט די אַלע סיבות האָבן גורם געווען אַז אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז די צאָל אַנשטאַלטן באַדייטנדיק פאַרקלענערט געוואָרן. די קינדער־גערטנער און די אָוונט־שולן האָט מען געמוזט אויפגעבן, דער לערער־סעמינאַר איז אין יאָר 1931 געשלאָסן געוואָרן פון דער פוילישער בילדונגס־מאַכט צוליב פּאָליטישע טעמים.

אָבער די עלעמענטאַר־שולן און איין גימנאַזיע (די רעאַל־גימנאַזיע) האָבן עקזיסטירט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, און האָבן אַפילו געפירט זייער אַרבעט אין די טראַגישע יאָרן פון דער ווילנער געטאָ־תּקופה.

דעם 15טן יוני 1921 איז אין וואַרשע געעפנט געוואָרן דער ערשטער שול־צוזאַמענפאָר מיט 400 דעלעגאַטן פון גאַנץ פּוילן. דער ווילנער יידישער שולוועזן איז אויף דעם צוזאַמענפאָר געווען פאַרטראָטן מיט אַ גרויסער צאָל דעלעגאַטן. אין יענע טעג איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אַנטשטייאונג פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע פון דער פוילישער רעפּובליק (צ.י.ש.אָ.). דער צ.ב.ק. איז געווען אַן אַנגעזעענער באַשטאַנד־טייל פון דער צישאָ, האָט מיטגעאַרבעט אַקטיוו אין אַלע אירע פּעדאַגאָגישע און געזעל־שאַפטלעכע אונטערנעמונגען. פאָרשטייערס פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַ־ניזאַציע פלעגן אָפט באַזוכן ווילנע צו וויזיטירן די שולן, די מיטלשול און דעם לערער־סעמינאַר. די צישאָ פלעגט סובסידירן די שולן, אינטערווענירן ביי דער מאַכט און זיך באַמיען אָפּצושרייען גזירות אויף די ווילנער בילדונגס־ אינ־סטיטוציעס.

אין ווילנע איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער יידישער דערציאונג געשאַפן געוואָרן אַ פולע אַכט־קלאַסיקע מיטלשול, וואו אַלע לימו־דים (מאַטעמאַטיק, נאַטור־וויסן, געאָגראַפיע, געשיכטע און אַנדערע לימודים) זיינען געפירט געוואָרן אין יידיש.

די רעאַל־גימנאַזיע איז באַזוכט געוואָרן פון 700 תּלמידים, און איז גע־

שטאַנען אויף אַ הויכן פּעדאַגאָגישן ניוואָ אין די יידישע ווי אין די אַלגעמיינע לימודים.

דער גרעסטער טייל פון דעם לערער־פּערסאָנאַל האָט פּאַרמאָגט העכערע בילדונג. דער דירעקטאָר איז געווען דער באַקאַנטער פּעדאַגאָג לייב טורבאָוויטש (אומגעקומען אין ווילנער געטאָ).

דער צ.ב.ק. און די ציש״אָ האָבן זיך צענדליקער מאָל געווענדט צו דער פּוילישער שול־מאַכט וועגן מלוכה־רעכט פאַר דער גימנאַזיע. סוף כל סוף האָט זיך איינגעגעבן דאָס רעכט צו באַקומען אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַ גראַדואירטער פון דער ווילנער יידישע גימנאַזיע געקענט אָנקומען אין אַ פּוילישן אוניווערסיטעט (די אוניווערסיטעטן אין פּוילן זיינען געווען מלוכישע). די גראַדואיר־עקזאַמענס פלעגן אין דער יידישער גימנאַזיע פאָרקומען אין יידיש מיט דער באַטייליקונג פון אַ דעלעגאַט פון בילדונגס־מיניסטעריום.

דער פאַרשטאַרבענער שלמה מענדעלסאָן, ווי דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער ציש״א, פלעגט זיין דער שטענדיקער פאַרשטייער ביי די עקזאַמענס.

די גראַדואירטע פון דער יידישער מיטלשול זיינען געווען מאָדערנע יידישע אינטעליגענטע מענטשן מיט אַ באַדייטנדיקן יידישן און אַלגעמיינעם וויסן. זייער ראָליע אין דער יידישער געזעלשאַפט, אין די קולטור־ און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס איז געווען שטאַרק אָנגעזען.

דער יידישער לערער־סעמינאַר, וואָס האָט עקזיסטירט אין ווילנע פון 1921 ביז 1931 איז געווען אַ יידישע 5 יאָריקע שול אויף צוגרייטן קוואַליפיצירטע לערערס און לערערינס פאַר די יידישע שולן אין פּוילן. די וואָס האָבן געענדיקט דעם סעמינאַר זיינען בדרך כלל געווען די בעסטע און אידעאַליסטישסטע לערערס פון די ציש״א־שולן איבערן לאַנד. מיט דעם סעמינאַר האָבן אָנגעפירט די באַקאַנטע פּעדאַגאָגן אברהם גאָלאָמב און ראָזע סימכאָוויטש (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ), ווי אויך ד״ר ישראל ביבער (אומגעקומען אין ווילנער געטאָ). די לערערס זיינען געווען — צווישן אַנדערע — אַרקאַדי קרעמער — מאַטעמאַטיק און פיזיק; ד״ר מ. וויינרייך — יידישע שפּראַך; משה קולבאַק — ליטעראַטור; פאלק האַלפּערן — העברעאיש; יעקב גערשטיין מוזיק (י. גערשטיין איז געשטאָרבן אין ווילנער געטאָ).

די צווי העכערע שולן — די רעאַל־גימנאַזיע און דער לערער־סעמינאַר

— זיינען פון דער ציש"אָ אָנערקענט געוואָרן ווי צענטראַלע אַנשטאַלטן און זיינען ספּעציעל סובסידירט געוואָרן.

אין די עלעמענטאַר־שולן פון צ.ב.ק. (פאָלק־שולן) איז די לימודים־שפּראַך געווען יידיש. די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור, יידישע געשיכטע און דעמאָ־גראַפיע זיינען געווען די צענטראַלע לימודים. אין אַלע שולן איז העברעאיש און תנ"ך געווען פאַרפּליכטנדיק פון 3טן קלאַס אָן. אין די יינגל־שולן — פון צווייטן קלאַס. די אַלגעמיינע לימודים, ווי אַריטמעטיק, געאָגראַפיע א.אַנדערע זיינען געלערנט געוואָרן אין יידיש לויט דער מלוכה־פּראָגראַם פון די פּוילישע שולן.

די יידישע און העברעאישע שולן זיינען פון דער בילדונגס־מאַכט אָנער־קענט געוואָרן ווי פּריוואַטע, און האָבן קיין שום עפנטלעכע רעכט ניט געהאַט, קיין סובסידיע פון דער רעגירונג ניט באַקומען (אַחוץ אַ קורצע צייט אין דער תקופה פון „מיטל־ליטע", ווען די לאָקאַלע פּוילישע מאַכט האָט ניט געוואָלט אַנטאַגאַניזירן די יידישע באַפעלקערונג).

אָבער די פּוילישע שול־אינספּעקטאָרן פלעגן סיסטעמאַטיש און זייער שטרענג וויזיטירן די יידישע שולן. זיי זיינען בדרך כלל ניט געווען צופרידן מיט דער אידעאישער ריכטונג, געפאָדערט מער פּוילישקייט, זיי זיינען ניט געווען באַפרידיקט מיט דעם צושטאַנד פון די שול־לאָקאַלן (אין גרעסטן טייל זיינען די יידישע שולן געווען אין געדונגענע, ניט שטענדיק צוגעפּאַסטע בנינים). אויסער דער שטענדיקער זאָרג פאַר דער מאַטעריעלער אויסהאַלטונג האָט מען געדאַרפט אומאויפהערלעך זיך משתדל זיין אָפּצואווענדן פאַרשיידענע גזירות, וואָס האָבן ניט זעלטן באַדראָט די עצם עקזיסטענץ פון די שולן.

אָבער ניט געקוקט אויף אַלע שטערונגען און מניעות מצד דער מאַכט, און דער פּערמאַנענטער אָרעמקייט און דחקות, איז דער יידישער לערער געשטאַנען געטריי אויף זיין פּאָסטן און האָט באַטראַכט זיין אַרבעט און זיין באַרוף ווי אַן עבודת הקודש. די לערערס פון די באַזונדערע שולן פלעגן האָבן סיסטעמאַטישע זיצונגען פון פּעדאַגאָגישן ראָט; זיי האָבן געשאַפן טערמינאָ־לאָגיעס אויף פאַרשיידענע לימודים, לערן־ביכער, פּראָגראַמען פון יידיש, העברעאיש און געשיכטע.עס זיינען פאָרגעקומען שטאָטישע קאָנפערענצן, וואו מ'האָט גרינדלעך און אַלזייטיק באַטראַכט די דעפעקטן און די דערגרייכונגען אויף די באַזונדערע לימודים.

די יידישע לערערשאַפט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַדייטיקן קול־טור־פאַקטאָר אין ווילנער יידישן לעבן. דער יידישער לערער איז געווען דער געטרייסטער קעמפער און בויער פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור בכלל און פון דער יידישער שול בפרט.

דער יידישער לעדער־פאַראיין האָט נישט בלויז געזאָרגט פאַר די עקאָ־נאָמישע אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער (ביי דער רעכטלאָזיקייט פון דער יידישער שול און געדריקטע פינאַנסן פון זיין „באַלעבאָס" — דעם צ.ב.ק. — האָט דער פאַראיין קיין גרויסע זיבן זאַכן נישט געקענט אויפטאָן). ער האָט אויך אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע קולטור־ און בילדונגס־אַרבעט. ער האָט פאַר־מאָגט אַ פיינע ביבליאָטעק, וואָס פלעגט סיסטעמאַטיש באַרייכערט ווערן דורך איינשאַפן די בייסטע ווערק פון דער יידישער און איראָפּעישער ליטע־ראַטור, פון פעדאַגאָגיק און מעטאָדיק אויף פאַרשיידענע שפּראַכן.

אין ווילנע זיינען פאָרגעקומען צענטראַלע שול־אויסשטעלונגען, איינ־געאָרדנט פון צ.ב.ק. אין 1919, 1923 און 1930, וואו עס זיינען געקומען צום אויסדרוק דער נאַציאָנאַלער, פאָלקסטימלעכער מהות פון דער שול און די שעפערישקייט פון די קינדער אויף אַלע לימודים. אויף די באַרימטע אינטער־נאַציאָנאַלע שול־אויסשטעלונגען — אין לאָקאַרנאָ (שווייץ) און פאַריז, ביצע (פראַנקרייך) אין וועלכע די ציש"אָ האָט זיך באַטייליקט, האָבן די עקספּאָנאַטן פון די ווילנער יידישע שולן שטאַרק אויסגענומען. אויף די דריי גראַנדיעזע אויסשטעלונגען פון די ציש"א־שולן געווידמעט מענדעלען, שלום עליכמען און אויף דער טעמע: „יידן אין פוילן" (די לעצטע איז פון דער פוילישער מאַכט פאַרבאָטן געוואָרן), האָבן די אַרבעטן פון די ווילנער יידישע שולן און פון דער גימנאַזיאַע זיך שטאַרק אויסגעצייכנט (אין 1939).

אין אויגוסט 1935 איז אין ווילנע פאָרגעקומען דער ערשטער וועלט־צוזאַמענפאָר פון ייוואָ. דער צ.ב.ק. האָט לכבוד די דעלעגאַטן און געסט פון צוזאַמענפאָר אַ פייערלעכן שול־קאָנצערט. עס איז אויפגעטראָטן אַ כאָר און אַ שול־אָרקעסטער פון הונדערט תלמידים פון די פאָלקס־שולן און דער רעאַל־גימנאַזיע אָנגעפירט פון די געזאַנג־לערערס אברהם סלעפּ און יעקב גערשטיין (ביידע אומגעקומען אין ווילנער געטאָ). די קינדער האָבן אויפגעפירט פאַר־שטעלונגען פון די ווערק פון די יידישע קלאַסיקערס. דער גרויסער טעאַטער־זאַל איז געווען אָנגעפילט מיט טויזנטער מענטשן. עס האָט געהערשט אַ שטי־מונג פון הייליקער באַגייסטערונג. די דעלעגאַטן וואָס זיינען געקומען פון די

באַטייטיקסטע ישובים פון דער וועלט (אויך פון אַמעריקע און ארץ ישראל), האָבן אויסגעדריקט דעם צ.ב.ק. זייער דאַנקשאַפט פאַר פאַרשאַפן זיי שעהן פון דערהויבנקייט און טיפן נחת רוח. דאָס איז געווען אַ טריאומף־טאָג פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול.

צוגלייך מיט דער אַרבעט אין די שולן איז געפירט געוואָרן אַן אינטענ־סיווע, סיסמעאַטישע אויפקלער־טעטיקייט צווישן די עלטערן: פאַרזאַמלונגען, רעפעראַטן, פאָפולערע לעקציעס פלעגן פאָרקומען אין די באַזונדערע שולן און אין צענטראַלן מאַסשטאַב. און אין משך פון יאָרן איז אויפגעקומען אַ שיכט באַוואוסטזינקע עלטערן און שול־טוערס, וועלכע זיינען געווען איבערגעגעבן און געטריי די שולן בלב ונפש. די עלטערן־קאָמיטעטן און דער צענטראַלער עלטערן־קאָמיטעט (צ.ע.ק.) פלעגן העלפן די שולן אין אַלע אונטערנעמונגען, אַגיטירן פאַר די שולן, ווערבירן קינדער, שטיצן די שולן אין די ראַמען פון זייערע מעגלעכקייטן.

---

דער שרייבער פון די שורות האָט געאַרבעט אין ווילנע פון אויגוסט 1920 ביז יוני 1940. געווען אַ לערער אין די שולן, אַן עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון צ.ב.ק. און פון 1930 — פאַרוואַלטער (פרינציפאַל) פון דער צ.ב.ק.־שול אויפן נאָמען פון שלום עליכם. ער האָט גוט געקענט און איז געווען פאַרבונדן אין אינטימער פריינטשאַפט מיט די אַלע, וואָס האָבן מיטגעווירקט דער אַנטוויק־לונג און גלאָריע פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין ווילנע.

מיט אַ געפיל פון הייליקן ציטער אין האַרצן דערמאָנט ער זיך אָן די הונ־דערטער חברים לערערס און שולטוערס, וואָס זיינען געשטאַנען ביי דער אַר־בעט, אָפּגעגעבן זייער ענערגיע, פעאיקייט און טאַלאַנט במשך פון צענדליקער יאָרן פון דער בראשית פון דער מאָדערנער יידישער שול ביז איר טראַגישן סוף.

קיין איינער פון די הונדערטער שולבויערס און טוערס איז ניט געבליבן לעבן. געציילטע יחידים פון דער ווילנער לערערשאַפט האָט איבערגעלעבט דעם גרויסן חורבן פון דער יידישער ווילנע. דער גאַנצער כלל לערערס פון ירושלים דליטא האָט געטיילט דעם גורל פון דעם יידישן פאָלק אין פוילן.

זאָל זיין געהייליקט זייער ליכטיקער אָנדענק.

# אַ באַזוך אין דער גרעסטער יידישער ביבליאָטעק אין אַמעריקע

די ביבליאָטעק פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר געפינט זיך אין אַ סאַ־לידן 6 שטאָקיקן בנין אויף דער 122סטער גאַס און בראָדוועי אין ניו יאָרק.

דער טעאָלאָגישער סעמינאַר איז אַן אימפּאָזאַנטע, איינגעפונדעוועטע אינ־סטיטוציע געשאַפן אין 1886 און רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין 1920 מיטן קומען קיין אַמעריקע פון דעם גרויסן געלערנטן, היסטאָריקער, אַנטדעקער פון דער באַרימטער „גניזה" — פּראָפעסאָר סאָלאָמאָן שעכטער.

דער סעמינאַר איז איינער פון די וויכטיקסטע העכערע לערן־אַנשטאַלטן פון די אַמעריקאַנער יידן. ער באַשטייט פון עטלעכע אָפּטיילונגען, וואָס זייער ציל איז אויסצובילדן רבנים (פון דער קאָנסערוואַטיווער ריכטונג), לערערס פאַר די העברעאישע שולן, סאָציאַלע אַרבעטער און סתם מענטשן, וואָס ווילן דערגאַנצן אָדער זיך פאַרפולקאָמען אין יידישן וויסן.

די ביבליאָטעק איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן ווי אַ נויטיקע אינסטי־טוציע פאַר יעדער לערנאַנשטאַלט צו באַהילפיק זיין די פּראָפעסאָרן און סטו־דענטן פון סעמינאַר אין זייער טאָג־טעגלעכן פאָרשן און שטודירן. מיט דער צייט איז די ביבליאָטעק אַריבערגעוואַקסן איר אָריגינעלן ציל, און איז גע־וואָרן דער גרעסטער אוצר פון יידישן וויסן פון אַלע דורות און לענדער.

דער פאַרדינסט פאַר דער גראַנדיעזער אַנטוויקלונג פון דער ביבליאָטעק געהערט צו דעם באַדייטנדיקן היסטאָריקער און ביבליאָגראַף ד"ר אַלעק־סאַנדער מאַרקס, וועלכער איז געווען דער הויפּט־ביבליאָטעקאַר פון יאָר 1904 ביז זיין טויט אין יאָר 1953. אייניקע ציפערן וועלן אילוסטרירן דעם וואוקס און דעם צושטאַנד פון דער ביבליאָטעק: ווען ד"ר מאַרקס האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון דער אינסטיטוציע האָט זי פאַרמאָגט לערך 5.000 ביכער און 3 כתב ידן. אין 1934 איז איר פאַרמעגן געוואַקסן ביז 100 טויזנט ביכער און 7 טויזנט מאַנוסקריפּטן. בייב איצטיקן מאָמענט ציילט די ביבליאָטעק 200 טויזנט ביכער און 10.000 מאַנוסקריפּטן.

פון די 180 יידישע אינקונאַבולן (ביכער וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן ביז דעם יאָר 1500), וואָס געפינען זיך אין אַלע ביבליאָטעקן פון דער וועלט,

פאַרמאָגט די סעמינאַר־ביבליאָטעק 145 אין העברעאיש, אַלט־יידיש און לאַ־טיין. חוץ דעם — 21 טויזנט בענדער פּעריאָדישע אויסגאַבעס, 2,000 מיקראָ־פילמען און פאָטאָסטאַטן, און אַ גרויסע צאָל פראַגמענטן פון דער גניזה.

אין דעם רחבותדיקן לייענזאַל זיצן איבער ספרים און ביכער ניט בלויז די לערערס און די סטודענטן פון דעם סעמינאַר, נייערט אויך פאָרשערס און באַזוכערס פון פאַרשיידענע לענדער. איר קענט דאָ זען אַן אָרטאָדאָקסישן רב, וואָס איז מעין אין אַ גמרא, געדרוקט מיט הונדערטער יאָרן צוריק אין אַמסטערדאַם אָדער אין סידילקאָוו, און אַ קאַטוילישן גלח זיצנדיק איבערגע־בויגן איבער אַן אַלטן מאַנוסקריפּט.

דערציילט די ענערגישע און געטרייע אַננאַ קליבאַן (זי איז אין משך פון אַ סך יאָרן געווען די מיטאַרבעטערין פון ד״ר מאַרקס, און ווייס אויסגעצייכנט אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו דער ביבליאָטעק), אַז מיט אַ געוויסער צייט צוריק איז דאָ געווען אַ גייסטלעכער, אַ פּראָפעסאָר פון דעם אוניווערסיטעט אין באַרצעלאָנאַ. ער האָט דאָ פאַרבראַכט צוויי יאָר. ער איז געווען ספּעציעל פאַר־אינטערעסירט אין די אַלטע אויסגאַבעס פון תנ״ך אויף העברעאיש און אַראַ־מיש. עס קומען אַהער געלערנטע פון דעם העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים. זיי פאַרברענגען דאָ אַ געוויסע צייט און אַרבעטן איבער זייערע פאָרשונגען מיט דער הילף פון מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, וואָס זיי קענען געפינען בלויז אין ד ע ר ביבליאָטעק.

דער „קדשי קדשים״ פון דער ביבליאָטעק איז דער צימער פון די מאַנוס־קריפּטן און זעלטענע ספרים. דער צימער איז פאַרשלאָסן, און מ׳קען אַהין אַריינגיין בלויז לויט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש און אין דער באַגלייטונג פון אַ ביבליאָטעקאַר.

דאָ געפינען זיך אוצרות וואָס זייער ווערט איז ניט אָפּצושאַצן.

אין די ראַמען פון איין אַרטיקל איז ניט מעגלעך איבערצוגעבן אפילו אַ קלײנעם טייל פון דעם וואָס דאָ איז פאַראַן. מיר וועלן זיך דעריבער באַגנוגע־נען מיט אַ בליק און בצימצומדיקער באַשרייבונג.

אָט ווייזט מען אייך אַ כתב יד אויף פּאַרמעט — אַן אָפּמאַך וועגן אַ קניה, געשריבן אויף אַראַביש מיט העברעאישע אותיות דאַטירט 831. מיט אַ באַ־זונדערער פּיעטעט האַלט איר אַ כתב־יד, געשריבן אייגנהענטיק פון דעם רמב״ם, געחתמעט משה בר מימון נ״י. דאָס איז אַ בריוו צו די יידישע קהילות







**פון ספר הברכות, ווין 1724, מיט פאַרטייטשונגען אין יידיש. ביבליאָטעק פון טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק.**

פון צפון אַפריקע וועגן פדיון שבוים, אויך אין אַראַביש מיט העברעאישע אותיות. די 2 כתב ידן זיינען פון גניזה־מאַטעריאַלן, און די עלטסטע דאָקומענטן אין דער ביבליאָטעק. זיי זיינען געווים אוניקומס. אָט איז נאָך אַ יקר המציאות: אַכט בלעטלעך פון אַ מחזור געשריבן אין דייטשלאַנד אין 1286. דער מחזור (אַ גאַנצער) האָט געהערט צו אַ דייטשישן יידן, וואָס האָט צוליב אַ גירוש פון זיין שטאָט געמוזט אַנטלויפן קיין שפּאַניע. דער מחזור איז מגולגל געוואָרן צו אַ שפּאַנישן יידן, וועלכער איז צוזאַמען מיט אַלע יידן פאַרטריבן געוואָרן פון לאַנד אין דעם גרויסן גירוש פון 1492. דער שפּאַנישער ייד איז פאַרוואָגלט געוואָרן קיין מצרים. דער מחזור איז פאַרבליבן אין מצרים ביז 1928! יידישער מוכר ספרים און אַנטיקן־הענדלער האָט די פאַרבליבענע בלעטער געבראַכט קיין דייטשלאַנד. איז אויפגעקומען היטלער, און דער יידישער מוכר ספרים האָט געמוזט עוקר זיין קיין האָלאַנד, פון דאָרטן — קיין ענגלאַנד, און צום סוף — קיין אַמעריקע. דער דייטשישער ייד האָט די שיריים פון מחזור פאַרקויפט דעם סעמינאַר, און דאָרט ווערט דאָס אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ.

עס איז קיין חידוש ניט: די בלעטלעך פון דעם מחזור זיינען דאָך שטומע עדות פון אונדזער וואַנדער איבער דער וועלט אין משך פון 7 יאָרהונדערטער!

אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע מיט אַ צווייטן ספר, געדרוקט אין דייטש־לאַנד 1696. דאָס איז אַ סידור. דער דרוקער הייסט ר׳ משה פון האָלאַנד. זיין טאָכטער, אַ מיידעלע פון 9 יאָר, האָט אים געהאָלפן זעצן דעם סידור און פאַר־טייטשן אויף אַלט־יידיש. אויף איין בלאַט פון סידור אונטערן טעקסט איז דאָ אַ טשעקאַווע באַמערקונג פון דער קליינער דרוקערין און איבערזעצערין: זי הייסט העלאַ. זי האָט 5 ברידער. זי בעט דעם ליבן לעזער אָדער לעזערין מוחל זיין איר אויב אין סידור האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ גרייז. נאָך אַלעמען איז זי דאָך אַ מיידעלע פון ניין יאָר!

מ׳וויזט איך אַ מגילה. דוכט זיך אַ פּשוטע מגילת אסתר, ווי עס זיינען פאַראַן אַ סך אַזעלכע. אָבער די מגילה האָט אַן אינטערעסאַנטע און פּאַטעטישע געשיכטע: זי האָט געהערט צו אַ טשעכישן יידן, ווען היטלער האָט פאַר־שיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון דאַכאַו. דער ייד האָט פאַרגראָבן די מגילה אין דער ערד. פּורים 1945 האָט ער זי אויפגעגראָבן און האָט געלייענט די מגילה פאַר די יידישע געפאַנגענע אין לאַגער. איינער איז געשטאַנען אויף דער וואַך. אין גיכן איז דער לאַגער באַפרייט געוואָרן, דער ייד איז גע־קומען קיין אַמעריקע, און די מגילה געפינט זיך איצט אין סעמינאַר־ביב־ליאָטעק.

אַ זעלטענער כתב־יד און אַן אוניקום איז די מסכתא עבודה זרה געשריבן אין שפּאַניע אין 1290, און דורך אַ מאָדנעם צופאַל איז דער מאַנוסקריפּט דאָרטן פאַרבליבן ביז 1916. אַ ייד פון פילאַדעלפיע האָט עס אָפּגעקויפט, און איצט איז עס איינע פון די זעלטנסטע יקר המציאותן אין ביבליאָטעק, אפשר אין דער גאַנצער וועלט! עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז גראָד די מסכתא איז צוליב איר ספּעציפישן אינהאַלט גרינדלעך צענזורירט געוואָרן פון דער קאַ־טוילישער קירך. אָט דער כתב יד האָט אַוודאי אויסגעמיטן די שטרענגע צענזור.

אומגעהויער רייך איז די ביבליאָטעק אין האַנטשריפטלעכע און גע־דרוקטע אויסגאַבעס פון תנ״ך מיט זיינע מפרשים. דאָ זיינען פאַראַן עטלעכע בלעטער פון תנ״ך געשריבן אין מצרים אין 10טן י״ה, פראַגמענטן פון די נביאים פון דער זעלביקער צייט, געשריבן אין פּערסיע. 35 טיילן פון תנ״ך

וואָס שטאַמען פון בבל פון 9טן י״ה. אין כתב יד געשריבן אין טאָלעדאָ בלויז אַ פּאָר חדשים פאַרן גירוש, אַ כתב־יד פון רש״י׳ס פּירוש אויף די נביאים געשריבן אין 13טן י״ה. די ביבליאָטעק פאַרמאָגט אַ קאָלעקציע פון איבערזעצונגען און קאָמענטאַרן אויפן תנ״ך אין 50 שפּראַכן; טעקסטן פון מסכתות פון תלמוד אין כתב ידן און אַלטע דרוקן, ווי אויך די ערשטע קאָמענטאַרן פון רש״י און תוספות אין אַ גרויסער צאָל. אַ טייל פון זיי זיינען די איינציקע עקזעמפּלאַרן אין דער וועלט.

דער פאָרשער פון יידישער געשיכטע אין מיטלאַלטער און פון דער נייער צייט אין די מזרח־און מערב־לענדער וועט דאָ געפינען אַ רייכן אָריגינעלן מאַטעריאַל: ווערטפולע זאַמלונגען פון מקורים וועגן די יידן אין ענגלאַנד און איטאַליע מאַנוסקריפּטן און געדרוקטע מאַטעריאַלן וועגן דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע, פּאָרטוגאַל, מעקסיקאָ און פּערו. אַ קאָלעקציע פון 600 באַשרייבונגען אַוטאָ־דאַ־פע׳ס אין פּאָרטוגאַל אין זעקס בענדער; אָריגינעלע דאָקומענטן פון די שפּאַנישע הערשערס פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, וועלכע גיבן אָפּ צו פאַרשיידענע שפּאַניער דאָס אייגנטום פון יידן וואָס איז קאָנפיסקירט געוואָרן בעתן גירוש.

אַן אויסערגעוויינלעכער דאָקומענט איז דאָס ווערק פון דעם שפּאַניש־יידישן מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם אברהם זכותא — אַלמאַנאַך פּערפּעקטום — אַ קאָפּיע פון דעם ווערק האָט קאָלומבוס באַנוצט בעת זיין רייזע, ווען ער האָט אויפגעדעקט דעם נייעם קאָנטינענט אַמעריקע.

אַ באַזונדערן אָרט פאַרנעמען די האַנטשריפטלעכע און געדרוקטע הגדות. די ביבליאָטעק פאַרמאָגט 3.000 קאָפּיעס געשריבן און געדרוקט ממש אין ארבע פינות העולם. די וואָס אונדז איז אויסגעקומען צו זען זיינען וואונדערלעך אין זייער פּראַכט: געשריבן אויף פּאַרמעט, אילומינירט אין רעגנבויגנדיקע קאָלירן מיט גאָלדענע און זילבערנע אותיות און אילוסטראַציעס; אַנדערע געדרוקט אויף זייד פאַרבלענדן אייך מיט זייער שיינקייט.

רייך איז דער אָפּטייל פון שאלות ותשובות (רעספּאָנסאַ — פראַגעס און ענטפערס פון גאונים און תלמוד־געלערנטע פון פאַרשיידענע צייטן און לענדער).

די אַלט־יידישע ליטעראַטור איז רעפּרעזענטירט מיט מאַטעריאַלן געשריבענע און געדרוקטע, וואָס זיינען איינציקע פון זייער מין. איר קענט דאָ

געפינען די ערשטע אויסגאַבעס פון חומש, געדרוקט אין קרעמאנא, איטאַליע, אין 1560 אין „ווייבער־טייטש“ (אַלט־יידיש). אַ תנ״ך איבערגעזעצט אויף יידיש — קאָנסטאַנץ, איטאַליע 1544 ; אַ הגדה של פסח „פון לשון קודש אויף טייטש געבראַכט“ מיט וואונדערלעכע אילוסטראַציעס, פיורדא 1574.

תרגום „של חמש מגילות“ געטייטשט און געריימט דורך ר׳ קאַפּלאַן פון בריסק דקויאַוואַ 1585.

דאָס באַרימטע בבא בוך פון אליהו בחור אשכנזי „דאָס קלוגהאַפטיק פור־גינפטליך און פורשטאַנליכע געשיכטניסי בבא“ אמסטערדאַם 1661, ווי אויך אַ סך מוסר־ספרים און תחינות.

לעצטנס האָט די ביבליאָטעק באַקומען די אומשאַצבאַרע זאַמלונג פון אַלט־יידישע ספרים וואָס איז געווען דאָס אייגנטום פון דעם באַרימטן פילאָ־לאָג און ביבליאָגראַף יודאַ יאַפע. דאָס איז אַ גרויסער אוצר פון ווערטיקן מאַ־טעריאַל צו דער געשיכטע און אַנטוויקלונג פון יידיש פון די עלטסטע צייטן אָן.

פון די לאַטייניש אינקונאַבולן איז ווערט צו דערמאָנען אַ קאָפּיע פון דער באַרימטער גוטענבערג־ביבל — דאָס ערשטע געדרוקטע בוך. חוץ דעם איז דאָ פאַראַן אַ קאָלעקציע פון 40 ביכער געדרוקט אין 16טן י״ה אויף זייד אָדער גלאַזירט פאַפּיר, ווי אויך לוקססוס־אויסגאַבעס פון פאַרשיידענע קאָ־לירן: בלוי, געל און גרין. צו די זעלטענע ספרים געהערן 40 וואָס זייבען פאַרעפּענטלעכט געוואָרן פון דעם באַרימטן דרוקער און פאַרלעגער סאָנטשינאָ פון איטאַליע.

חוץ די אוצרות פון יידישן וויסן פון די אַלטע צייטן פאַרמאָגט די ביב־ליאָטעק אין גאַר אַ גרויסער צאָל אַלערליי ווערק פון דער ניט לאַנגער פאַר־גאַנגענהייט און פון דער מאָדערנער צייט: וועגן יידישער געשיכטע פון אַלע צייטן, אַנטיסעמיטיזם, ארץ ישראל, מאָדערנע יידישע און העברעאישע ליטע־ראַטורן, רעליגיע, טעאָלאָגיע, דערציאונג און אַנד.

עס איז אויך כדאי צו וויסן, אַז די ביבליאָטעק פאַרמאָגט לערך 5.000 ביכער פון דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור, וואָס זיינען געדרוקט גע־וואָרן אין רוסלאַנד אין דער תקופה 1917־1948. איצט, ווען דער חרם אויף דעם יידישן א״ב איז נאָך אַלץ אין קראַפט, איז די זאַמלונג זייער אַ וויכטיקער און ווערטפולער מאַטעריאַל.

פאַר איינעם וואָס האָט באַקומען אַ גרונטיקע יידישע דערציאונג איז

זייער רירנדיק און פּאַטעטיש צו זען דאָקומענטן און מאַטעריאַלן, וואָס זיינען געפונען געוואָרן אין הײלן און קעלערס, אין מאָנאַסטירן, אַלטע אַרכיוון, פּירשטלעכע פּאַלאַצן און געטאָ־חורבות.

מיין קורצער באַזוך אין דער זעלטענער ביבליאָטעק פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו יאָרק איז געווען פאַר מיר אַן אויסערגעוויינלעכע איבערלעבונג. די עשירות פון יידישן גייסט אין פאַרלויף פון דורות ווערט דאָ אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן פּרעזערווירט, אָפּגעהיט און אויסגענוצט.

# געלייענט דעם ערשטן נומער „אונדזער צייט״ אין קאבע, יאַפּאַן

מערץ 1941. דער מלחמה־שטורעם האָט אונדז, אַ גרופּע פון פּוילן, גע־טריבן ווי בלעטלעך פון ווינט, פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד. מיר געפינען זיך אין קאבע, יאַפּאַן, נאָך אַ לאַנגע און אויסמאַטערנדיקער רייזע פון ווילנע, דורך גאַנץ אייראָפּעיִשן און אַזיאַטישן סאָוועטן־לאַנד.

אַ סך פון אונדז האָבן שוין דורכגעמאַכט דעם גאַנצן שוידער פון דער נאַצי־אינוואַזיע אויף פּוילן. מ׳איז געלאָפן צופוס דורך ברענענדיקע שטעט, געיאָגט פון מאַרשירנדיקע דייטשישע אַרמייען און פון זייערע לופט־מחבלים. פאַרטריבענע פון דער היים, צעשיידט פון די פאַמיליעס, אָפּגעריסן פון די שטענדיקע באַשעפטיקונגען, זיינען מיר אַלע געווען „פּליכטלינגע״, אָן מיט־לען צום לעבן און מיט נעפּלדיקע האָפענונגען צו דערשלאָגן זיך ערגעץ צו אַ מקום מנוחה. אונדזער גרופּע האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען. מיר האָבן געהאַט אַ „קאָמיסיע״, וועלכע האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר אַלע מיטגלידער פון דער גרופּע. די קאָמיסיע האָט געהאַט זיצונגען, געשיקט און באַקומען טעלעגראַ־מעס פון ניו יאָרק, פון אונדזערע חברים דאָרטן, און האָט אויך באַדאַרפט זאָרגן וועגן אַמעריקאַנער וויזעס אין בעסטן פאַל. (יעדער פון אונדז וואָלט זיך באַגנוגנט מיט אַ וויזע וואו עס איז כדי פּטור צו ווערן פונעם סטאַטוס פון אַ פּליט אין אַ לאַנד, וואו מיר זיינען געווען טאָלערירט, אָבער ניט שטאַרק געוואונטשן). די קאָמיסיע איז געווען אַ מין אומאָפיציעלע בונדישע „אַמבאַ־סאַדע״ אין קאבע. צו איר האָבן זיך אַלע אונדזערע חברים געוואָנדן מיט בקשות, טענות און אָנקלאַגעס. דער צענטער איז געווען ביי חבר לייבעטשקע (בערמאַן) אין צימער.

פּאָליטישע און מלחמה־נייעס פלעגן מיר זיך דערוויסן פון דער יאַפּאַני־שער רעגירונג־צייטונג אין ענגליש. אין דער צייטונג האָבן מיר מערער „גע־טייטשט פּשט״ איידער פאַרשטאַנען דעם ריכטיקן אינהאַלט. קיין יידיש וואָרט האָבן מיר נישט אָנגעזען אַ היפּשע פּאָר חדשים.

מיט גשמיות איז מען ווי עס איז דורכגעקומען. מ׳פלעגט פון צייט צו צייט אַריינגיין אין אַ יאַפּאַנישן רעסטאָראַן (צו גיין יעדן טאָג האָט מען זיך נישט

געקענט דערלויבן). אונדזער פּאַרציע ברויט פלעגן מיר קריגן טעגלעך פּאַר עטלעכע סען (אַ קליינע יאַפּאַנישע מטבע) אין יידישן פּליטים־קאָמיטעט — האָט מען אַזוי געלעבט פון טאָג צו טאָג. אָבער דאָס אַבסאָלוטע פעלן פון אַ יידישער צייטונג, פון אַ בוך האָט אויף אונדז שרעקלעך געדריקט. איך האָב זיך פריער נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז איך וועל אַזוי בענקען נאָך אַ יידיש געדרוקט וואָרט.

איין מאָל אין אַ זוניקן פרימאָרגן גיי איך מיר אַזוי אויף דארי־גאַס אין קאָמיטעט אַריין. דאָרטן פלעגט זיך באַקומען די פּאָסט פאַר אַלע פּליטים, מ׳פלעגט זיך טרעפן מיט נאָענטע און ווייטע באַקאַנטע, זיך דערוויסן עפּעס נייעס פון דער וועלט און פון דער „וויזע־פראָנט״. גייט צו צו מיר אַ באַקאַנטער און דערציילט מיר אַז די „קאָמיסיע״ האָט באַקומען פון ניו־יאָרק אַ יידישן זשורנאַל. איך גיי צו דער קאָמיסיע. אָבער לייבעטשקע קילט אָפּ מיין ענ־טוזיאַזם מיט דער דערקלערונג, אַז אמת, ס׳איז טאַקע אָנגעקומען דער ער־שטער נומער פון „אונזער צייט״, אָבער אַזוי ווי יעדערער האָט עס געוואָלט לייענען דער ערשטער און מער ווי איין ערשטער קען ניט זיין, האָט מען איינ־געשטעלט אַ רייע. איך וועל דעם זשורנאַל קענען באַקומען איבערמאָרגן. און בלויז אויף אַ קורצער צייט. מילא, מיר האָבן זיך שוין אויסגעלערנט שלום צו מאַכן מיטן גורל.

אויף מאָרגן, שפּאַצירנדיק איבער די קאַבער גאַסן, דערזע איך פון וויטן וולאַדימיר קאָסאָווסקין. ער האָט נאָך אַלץ געטראָגן זיין ווינטערדיקן וואַטאָווען מאַנטל מיט דעם פוטערנעם קראַגן, הגם אין דרויסן איז געווען אַן עכטער זומערטאָג, אַזוי ווי אין דער היים אין מיטן יוני. מ׳האָט זיך נישט געקענט איינבעטן ביי אים, ער זאָל אין קאָבע קויפן אַ לייכטן זומערדיקן מאַנטל. ער פלעגט אַלע מאָל אָפּזאָגן דעם פּסוק: „אַרויסגעוואָרפן די געלט, איך דאַרף עס האָבן אויף כפּרות״.

אַז וולאַדימיר האָט מיך דערזען, האָט ער אָנגעהויבן עפּעס סודותפול צו שמייכלען. ער נעמט אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ קליין פּעקעלע, איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר, און זאָגט צו מיר: דאָס איז דער ערשטער נומער פון דעם זשורנאַל וואָס אונדזערע חברים גיבן אַרויס אין ניו יאָרק. לייענט עס איבער און גיט עס מיר מאָרגן צוריק. אָבער מיט איין באַדינג (דאָ ווערט זיין פּנים שטרענגער) איר זאָלט עס ניט לייענען אויף דער גאַס און קיינעם ניט ווייזן״.

זיין איבערגעטריבענע פּאַרזיכטיקייט האָט מיר אַפילו אויסגעזען קאָמיש ביי די באַדינגונגען, אָבער איך האָב אים עס צוגעזאָגט.

איך האָב זיך דערמאָנט: אַרקאַדי קרעמער האָט מיר אַמאָל — אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז דאָס געווען אין ווילנע אין 1931 — געוויזן אַ קאַרטל פון וולאַדימיר קאָסאָווסקי פון בערלין. עס האָט זיך דעמאָלט געהאַנדלט וועגן אַ פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין וואַרשע. דאָס קאַרטל איז געווען געשריבן לויט אַלע כללים פון קאָנספּיראַציע: וועגן אַ חתונה, וועגן דעם חתנס צד און כלהס צד, גרוס פון נדן א.אַ.וו. און דעמאָלט האָט אַרקאַדי באַמערקט וועגן וולאַדימירן: ער איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג פאַרבליבן דער זעלביקער קאָנספּיראַטאָר ווי אַמאָל".

איך האָב דעריבער קיין טענות ניט געהאַט צו אים און בין גיך אַוועק צו זיך אין צימערל און ווי אַ הונגעריקער זיך אַ כאַפּ געטאָן צום זשורנאַל.

אויפן שער־בלאַט זע איך נאָענטע און גוט־באַקאַנטע נעמען: נח, אַרטור זיגעלבוים, עמנואל נאָוואָגרודסקי און מענעס. אַרטיקלען, נאָטיצן, אינ־פאָרמאַציע...

איך לייען אַרטורס אַרטיקל „העלדן און מאַרטירערס" און מיר דוכט זיך, אַז איך זע פאַר מיינע אויגן: ערליך, אַלטער, אַנאַ ראָזענטאַל, זשעלעזני־קאָוו; די וואָס האָבן צענדליקער יאָרן פון זייער לעבן, זייער מוח און האַרץ אַוועקגעגעבן פאַר דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. עס שוועבן פאַר־ביי די געשטאַלטן פון דעם ייִנגערן דור בונדישע טוערס אין ווילנע, וועלכע זיינען פאַרשפאַרט אין די סאָוועטישע טורמעס: יוסף אַראָנאָוויטש, יוסף טיי־טעל, לייבל וויינשטיין מיט וועמען מיר זיינען געווען פאַרבונדן כמעט צוויי צענדליק יאָר אין געזעלשאַפטלעכער און יידישער קולטור־אַרבעט. (מיר האָבן נאָך דעמאָלט ניט געהאַט קיין אַנונג אַז די אַלע חברים זיינען טראַגיש אומ־געקומען ניט פון די נאַצישע קוילן אָדער קאָנצענטראַציע־לאַגערן, נייערט פון די סאָוועטישע אין „נאָמען פון סאָציאַליזם").

איך לייען צום ערשטן מאָל אַ געדרוקטע אינפאָרמאַציע וועגן די יידן אין וואַרשעווער געטאָ, אין ווילנע און אין קאָוונע (וואָס זיינען שוין דעמאָלט אָקו־פּירט געוואָרן פון דער רויטער אַרמיי) זיינען שוין דעמאָלט אַרויס יידישע קאָמוניסטישע צייטונגען, אָבער דאָרטן איז קיין וואָרט ניט געווען וועגן דער אכזריות פון די נאַציס לגבי די פוילישע יידן.

און איצט, שרייבנדיק די דאָזיקע שורות (דאָס איז געווען מיט 30 יאָר צוריק. י. ג.) דערמאָן איך זיך מיט וואָס פאַר אַ געפיל פון דאַנקשאַפט צו אונזערע הברים איך בין דעמאָלט געווען דורכגעדרונגען. נאָך אַ געצוואונגענער הפסקה האָב איך צוריק באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט דער לעבעדיקער וועלט, ווידער אַריינגעצויגן געוואָרן אין קרייז פון אינטערעסן וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם גורל פון אונדזער פאָלק און מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער גאַרער וועלט.

# אַ וויכטיק און ווייניק באַקאַנט בוך

### דר. מאָריץ גידעמאַנס בוך וועגן דער קולטור און דערציאונג פון די ייִדן אין מערב-לענדער בעתן מיטלאַלטער

דאָס בוך וואָס מיר ווילן איצט באַשרייבן איז זייער אַן אינטערעסאַנט און וויכטיק ווערק, אָבער איז ווייניק באַקאַנט. דאָס בוך איז נישט קיין „בעסט סעלער" און זעלטן ווער עס האָט עס געזען. עס הייסט: אידישע קולטור־געשיכטע אין מיטל־אַלטער. יידיש — נחום שטיף, אַרויסגעגעבן פון כלל־פאַרלאַג, בערלין, 1922. אין דייטשישן אָריגינאַל איז דער נאָמען פון בוך: געשיכטע פון דעם דערציונגס־וועזן און דער קולטור פון די יידן אין די מערב־לענדער. דער מחבר איז דר. מאָריץ גידעמאַן.

דער באַקאַנטער יידישער שפּראַכפאָרשער נחום שטיף האָט איבערגעזעצט דעם 3טן טייל פונעם ווערק, ווייל אין דעם טייל קומט צום אויסדרוק דעם מחברס קוק אויף דעם יידישן לשון, און שטיף פּאָלעמיזירט מיט אים.

ווער איז דער מחבר פון דעם וויכטיקן ווערק? דר. מאָריץ גידעמאַן איז געווען דער הויפּט־ראַבינער פון דער שטאָט ווין. געבוירן אין הילדעסהיים, דייטשלאַנד, אין יאָר 1835, געענדיקט אוניווערסיטעט אין ברעסלוי, באַקומען דעם דאָקטאָראַט פון פילאָזאָפיע אין דעם ראַבינער־סעמינאַר פון זכריה פרענקעל אין דער זעלביקער שטאָט, און באַקומען סמיכה אויף רבנות. ער האָט געקענט גוט העברעיש, אָבער געשריבן אויף דייטש, האָט געשאַפן אַ רייע ווערק וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין דייטשלאַנד. דאָס בוך וואָס ווערט דאָ באַשריבן איז ד"ר גידעמאַנס הויפּטווערק. דאָס מאַטעריעלע און גייסטיקע לעבן פון די יידן אין דייטשלאַנד ווערט דאָ באַשריבן גענוי און וויסנשאַפטלעך. די תקופה — 14טער און 15טער יאָרהונדערט.

די רבנים און לומדים פון יענער צייט האָבן נישט געשריבן קיין געשיכטע. זיי האָבן געלערנט ש"ס און פּוסקים. דאָס וואָס איז געבליבן נאָך זיי, זיינען ספרים וואָס באַהאַנדלען די פּראָבלעמען פון איסור והיתר (וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט) און חידושים אויף דער גמרא. די שאלות ותשובות, וואָס זיי האָבן געשריבן, פאַרנעמען זיך מיט דינים און מנהגים, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן טאָג־טעגלעכן רעליגיעזן לעבן פון די יידן אין דייטש־

לאַנד אין יענער תקופה, בלויז פון צייט צו צייט ווערן אין די שו״ת (שאלות ותשובות) דרך אגב אָנגעגעבן ידיעות, אַז בימי דעם און דעם רב איז פאָרגעקומען דער גירוש פון די יידן אין דער אָדער אין יענער שטאָט, אָדער אַן אַנדער גזירה, וואָס האָבן אין יענע פינצטערע יאָרהונדערטער אין דייטשלאַנד ניט געפעלט.

און פון אָט די צופעליקע ידיעות, צעוואָרפן איבער צענדליקער הלכה־ספרים, האָט גידעמאַן קאָנסטרואירט אַ גרויסן בנין, וואָס שילדערט ווי לעבעדיק דאָס פריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע, ווי אויך גייסטיקע פאַרהעלטענישן פון די יידן אין דייטשלאַנד, עסטרייך, טייל־וויז צפון איטאַליע.

שווערע און ביטערע צייטן האָבן די יידן אין מערב־איראָפּע איבערגע־לעבט אין דער תקופה פון צלם־צוגן וואָס האָבן זיך אָנגעהייבן אין 1096 און האָבן מיט הפסקות געדויערט קרוב צו 200 יאָר.

די עלטסטע יידישע ישובים אין איראָפּע: שפייער, וואָרמס און מיינץ (קהילות שו״ם), די שטאָט קעלן ביים רהיין און פון אַ גאַנצע רייע קלענערע ישובים, זיינען חרוב געוואָרן; די יידן זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן פון די פאַנאַטישע ווילד־געוואָרענע קרייצפאָרערס, אויפגעהעצטע פון די גלחים. די שארית הפליטה איז אַנטלאָפן קיין מזרח. לזכר די געשעענישן האָבן די מיט־צייטלערס געשאַפן קינות און סליחות, און די יידן פון די מזרח־איראָפּעישע שטעט און שטעטלעך האָבן די טרויעריקע באַשרייבונגען (אין פּראָזע און פּאָעזיע) „געזאָגט" אין די בתי מדרשים תשעה באב און אין אַנדער געדענק־טעג ביז האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

וועגן אָט דער ליטעראַטור פון די קינות און סליחות ווערט געגעבן דער־ציילט אין דעם בוך פון ד״ר שמעון בערנפעלד „ספר הדמעות" — דאָס בוך פון טרערן. עס זיינען נאָך ניט פאַרגעסן געוואָרן די אימהדיקע צייטן פון די צלם־צוגן, ווי גאַנץ מערב־איראָפּע איז אויפגעציטערט געוואָרן פון דעם „שוואַרצן טויט" אין די יאָרן 49־1348.

אַן עפּידעמיע פאַרשלעפּט פון אַזיע איז אויסגעבראָכן און האָט זיך פאַר־שפּרייט ווי אַ וואַלדפייער מיט אַן אימהדיקער שנעלקייט. די עלעמענטאַרע כללים פון ריינקייט און היגיענע האָט מען ניט אָפּגעהיט. מעדיצינישע הילף איז כמעט ניט געווען. די גלחים האָבן די מגפה דערקלערט ווי גאָטס צאָרן. מ'האָט געפּרובירט זי איינשטילן מיט תפילות און רעליגיעזע פּראָצעסיעס.

מענטשן זיינען געשטאָרבן אין די טויזנטער. גאַנצע שטעט זיינען אויסגעליי־דיקט געוואָרן פון איינוואוינערס. ווי עס איז געווען דער פאַל בעת די צלם־צוגן, ווען עמיצער האָט בייזוויליק געוואָרפן דעם אכזריותדיקן און אומזיניקן לאָזונג. לאָמיר אויסראָטן די שונאים פון קריסטוסן, וואָס געפינען זיך אין אונדזער מיט, איידער מיר גייען קעמפן מיט די אומגלויביקע מוסולמענער! — אַזוי האָט עמעצער פון המון, אָדער אַ גייסטלעכער, אָנגעצונדן דעם פאַר־צווייפלטן, ביז משוגעת פאַנאַטישן, אַבערגלויבערישן פאָלק מיטן שרעקלעכן רוף: די יידן האָבן פאַרסמט די ברונעמער! דערפון איז די מגפה! באַלד האָבן זיך באַוויזן עדות „וואָס האָבן דאָס אַליין געזען".

פאַר די יידן איז דער רעזולטאַט געווען אַ פאַטאַלער. זיי זיינען כמעט טאָטאַל אויסגעראָטן געוואָרן אין די גערמאַנישע לענדער! פון יענער צייט הייבט זיך אָן אַ פאַרשטאַרקטע עמיגראַציע פון די דייטשישע יידן קיין פוילן. וועגן דער תקופה נאָכן חורבן און וועגן דעם 15טן יאָרהונדערט ווערט דער־ציילט אין גידעמאַנס בוך.

ווי געזאָגט, האָט ער זיין גרונטיקע שטודיע צונויפגעשטעלט פון שטיק־לעך און ברעקלעך וואָס זיינען צעוואָרפן אין ספרים און שו״ת פון יענער צייט, אָבער די קאָרגע פאַקטן האָט ער באַלויכטן מיט אַ וויסנשאַפטלעך־קריטישן אַנאַליז און מיט אויסערגעוויינלעכע בקיאות פון דער רבנישער און אַלט־יידי־שער ליטעראַטור. דערביי איז זיין שפּראַך און סטיל שיין, זיין באַשרייבונג לעבעדיק אַזוי, אַז די שאַרפע חקירות לייענען זיך ווי שפּאַנענדע היסטאָרישע דערציילונגען.

אין די ראַמען פון אַ קורצן עסיי איז ניט מיגלעך איבערצוגעבן פּרטים פון דעם בוך, וואָס איז פול מיט היסטאָרישע פאַקטן, פילאָלאָגישע חריפות, באַמערקונגען און אָנווייזונגען פון מקורים. מיר וועל זיך באַמיען אויסרעכענען בלויז די וויכטיקסטע מאָמענטן פון יידישן לעבן אין יענער צייט. עס ווערט דערציילט וועגן דעם לעבן און אויפטועך פו די גרויסע רבנים מחברים פון ספרים און שו״ת, פירערס פון וויכטיקע קהילות אין דייטשלאַנד און עסטרייך: ר׳ יעקב בר׳ משה הלוי — מהרי״ל — רב אין מיינץ און וואָרמס; ר׳ יעקב בן יהודה ווייל — רב אין מאַינץ און פראַנקפורט; ר׳ ישראל איסערלין — רב אין ניישטאָט, ביי ווין, און אַנדערע רבנים פון דער תקופה; וועגן די פרואוון פון דער מלוכה־מאַכט זיך אַריינצומישן אין דעם אינערלעך־רעליגיעזן לעבן

פון די קהילות דורך באַשטימען רבנים, און ווי די יידן האָבן זיך שטאַרק און מיט הצלחה געווערט קעגן דעם.

ווי דעם מאָטאָ פון זיין ווערק שטעלט דער מחבר דעם באַקאַנטן זאָג, גענומען פון דעם ספר חסידים: כמנהג הנכרים כן מנהג היהודים ברוב מקומות — ווי עס איז דער מנהג פון די קריסטן (פרעמדע), אַזוי איז דער מנהג פון די יידן אין דער מערהייט פון די ערטער, אָדער ווי מען דריקט זיך אויס פאָלקס־טימלעך: „ווי עס קריסטלט זיך אַזוי יידלט זיך". הונדערטער יאָרן פון צוזאַמענלעבן האָבן נאַטירלעך געמוזט לייגן זייער חותם אין דער פאָרמע פון קעגנזייטיקע השפעות.

עס איז געווען דער מנהג ביי די סטודענטן פון יענער צייט צו וואַנדערן אין מקומות וואו עס איז געווען אַן אַלטער באַרימטער אוניווערסיטעט, אָדער גרויסע, אַנערקענטע לערערס (די ערשטע אוניווערסיטעטן אין מערב־אייראָפּע זיינען אויפגעקומען אין איטאַליע, פראַנקרייך און שפּאַניע). אויפן וועג פלעגן זיך די אָרעמע סטודענטן אויפהאַלטן פון נדבות. זיי פלעגן אויך אָנקומען צו גנבה. יידישע ישיבה־בחורים פלעגן אויך וואַנדערן אין שטעט, וואו עס איז געווען אַ באַרימטע ישיבה און אַ גאון הדור, וואָס איז געווען דאָרטן אַ ראש ישיבה.

אין גידעמאַנס ווערק לייענען מיר וועגן דעם אינערלעכן לעבן פון די קהילות: וועגן פּרנסים, חזנים; וועגן מנהגים פון חתונות, אבלות, שפּייז און געטראַנקען, וועגן קליידונג, דערציונג און בילדונג, וועגן דעם סדר הלימוד אין די חדרים און ישיבות; וועגן יידישע פּרנסות — מלאכות, האַנדל מיט אַלטע זאַכן, געלט־האַנדל, וואוכער און אַנדערע.

ווי וואויל די וועלטלעכע מאַכט, די קירכע און די צעכן האָבן אין מיטל־אַלטער במשך יאָרהונדערטער געמאַכט אומצאָליקע באַגרענעצונגען פאַר די יידן צו פאַרנעמען זיך מיט פאַרשיידענע מלאכות — געפינען מיר ביי יידן בעל מלאכות פון כלערליי פאַכן. יידן האָבן געמוזט האָבן אייגענע שניידערס צוליבן חשש פון שעטנז, אייגענע קצבים און בעקערס צוליב כשרות, אייגענע שערערס, ווייל מ'האָט ניט געקענט אָנטרויען אַ גוי די פּאות. אָבער אויך אַנ־דערע מלאכות זיינען געווען ביי יידן. אין אַ פאַרצייכעניש פון פּראַגער יידן פון 1546 ווערן דערמאָנט: גלעזערס, שלייפערס, טאָקערס סטאָלאַרעס, גאַר־בערס, שמידן, שיפבויערס, סקולפּטאָרן, שווערדן־שלייפערס, גאָלדשמידן מינץ־אַרבעטער און שטעמפּל־מאַכערס!

גידעמאַן איז ניט מסכים מיט דעם היסטאָריקער גרעץ, אַז אין יענער צייט איז יידישער דאָקטאָר געווען אַ זעלטנקייט. ער ברענגט אַ רייע נעמען פון יידישע דאָקטוירים, וואָס זיינען געווען פּאַרבעטן פון קעניגן, הערצאָגן און פּרינצן. פון די מקורים איז צו זען, אַז זיי זיינען געווען אין די הונדערטער (זייט 132). ס'איז אַפילו געווען פאַלן ווען יידישע דאָקטוירים זיינען געווען ביי דער שטאָט אויף שכירות. דאָס לעבן איז שטאַרקער פון די פאַרבאָטן פון דער קירך. עס זיינען אַפילו געווען יידישע אַדוואָקאַטן, און קריסטן פלעגן זיך גערן באַנוצן מיט זייערע יורידישע עצות.

דער מחבר אַקצענטירט גאַנץ אָפט דעם מאָמענט, אַז אין שלום־צייט, ווען דאָס פאָלק איז ניט געווען אין צושטאַנד פון מאַסן־פסיכאָז, ווי בעת די צלם־צוגן, אָדער אין דער צייט פון אַן אַלגעמיינער קאַטאַסטראָפע, ווי דער שוואַרצער טויט, האָבן די יידן געלעבט פרידלעך מיט זייערע קריסטלעכע שכנים, אָבער די אויפרייצונג פון די מאַסן דורך די גייסטלעכע און אינטעלי־גענטן, וואָס האָבן דערביי געהאַט זייערע חשבונות, האָבן ניט זעלטן געשאַפן טראַגישע רעזולטאַטן פאַר די יידן אַפילו אין שלום־צייט, למשל אין 15טן יאָרהונדערט, בעת דער וואַקסנדיקער אומצופרידנקייט מיט דער שטיקנדיקער השפעה פון דעם קלער, ווען מערב־אייראָפּע איז שוין געווען דורכגעדרונגען מיט סקעפּטיציזם און אומצוטרוי צו די קאַטוילישע היוכע גלחים, און מיט פאַראַכטונג צו די פאַרדאָרבענע, אָפט איגנאָראַנטישע נידעריקע גייסטלעכע, האָט דער פּויפּסט געשיקט מיט אַ ספּעציעלער מיסיע אין מערב־און מיטל־אייראָפּע דעם פאַנאַטישן גלח יאָהאַן קאַפּיסטראַנא. דער משולח פון דעם פּויפּסט האָט זיך באַמיט מיט כלערליי מיטלען צו פאַרשטאַרקן דעם קאַטוי־לישן גלויבן, און האָט מיט פאַנאַטישע העצערישע רעדעס אין די קלויסטערס געפּייערט קעגן די אַפּיקורסים און שונאים פון קריסטוס און דער קאַטוילי־שער קירך.

אויפגעהעצט פון די ליידנשאַפטלעכע רעדעס פון קאַפּיסטראַנאַ און זיינע משרתים, פלעגט דער המון זיך וואַרפן אויף די יידן — די אומבאַשיצטע „שונ־אים פון קריסטוס און דער קירך", ראַבירן און הרגענען. דער פרומער מאַנאַך איז אויך געווען אין פּוילן, און די יידן אין די פּוילישע שטעט האָבן צוליב אים ניט ווייניק צרות געהאַט אויסצושטיין. ווען אָבער אָט די צופאַלן זיינען ניט געווען, האָבן די יידן געלעבט מיט זייערע שכנים, געאַרבעט, געהאַנדלט, געלערנט און געטאַנצן זייער איגענעם וועג.

עס איז אינטערעסאַנט צו וויסן ווי אַ דייטשישער שרייבער פון 15טן יאָר־הונדערט כאַראַקטעריזירט דאָס דייטשישע פאָלק: סעבאַסטיאַן פראַנק, בשעתו אַ פּאָפּולערער שרייבער, זאָגט: „עס איז אַ פאָלק וואָס זוכט זיך נוקם צו זיין אין עמעצן. באַפאַלט שטענדיק, זוכט זיך שונאים, קיין חרטה איז אים ניט געווינט, נאָר קריגן זיך... דאָס דאָזיקע פאָלק, וואָס פרעסט מער פון אַלע פעל־קער, מוז האָבן צו טרינקען, אַנדערש קריכט דאָס פון הויט אַרויס. אַז אָט די כאַראַקטער־שטריכן זיינען ביי די דייטשן פאַרבליבן ביז היינטיקן טאָג, האָבן מיר געהאַט דאָס אומגליק צו איבערצייגן זיך אין דער נאָענטסטער פאַר־גאַנגענהייט.

גידעמאַן ברענגט צום סוף פון זיין דרייבענדיקן ווערק גרעסערע אויס־צוגן פון „ספר חסידים קטן״, פון „ספר מידות״ און דעם ספר „נצחון״ פון דעם פראַגער רב, ר׳ ליפּמאַן מילהויזן (15טן י״ה. די קאַפּיטלען פון ספר מידות האָט גידעמאַן טראַנסקריבירט פון יידישן אלף בית אויפן דייטשישן אַלפאַ־בעט. דערביי ווייזט ער אַרויס גרויסע בקיאות אין דער גראַמאַטיק און אָר־טאָגראַפיע פון אַלט־יידיש, וואָס ער רופט אָן יידיש דייטש.

בנוגע דער יידישער שפּראַך האָט גידעמאַן, ווי אַלע פאַרשטייערס פון חכמת ישראל אין דייטשלאַנד, ביי דער לאַנג פאַרעלטערטער מיינונג, אַז זי איז אַ דייטשישער דיאַלעקט, און אַז די יידן אין דייטשלאַנד האָבן שטענדיק גערעדט דייטש.

די מאָדערנע לינגוויסטיק און פילאָלאָגיע האָט שוין לאַנג אָפּגעפרעגט אָט דעם פּרימיטיוון קוק אויף דער יידישער שפּראַך און איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג.

עס וואָלט געווען אַ יושר אַז גידעמאַנס בוך אין דער פּרעציזער און פיי־נער יידישער איבערזעצונג, זאָל איבערגעדרוקט און אַרויסגעגעבן ווערן פון דאָס ניי, ווייל די וויניק פאַרבליבענע עקזעמפּלאַרן פונם בוך וועלן אין אַ קורצער צייט אַרום צעשטויבט און צעפּוילווערט ווערן און עס וועט פון זיי קיין זכר ניט בלייבן. אַוודאי איז דאָס פון ביזנעס־שטאַנדפּונקט ניט פּראַק־טיש, און אַפילו נאַאיוו (אַנדערע וועלן זאָגן: עס איז נאַריש). אָבער אַ געזעל־שאַפטלעכער אָדער אַ פּריוואַטער פאַרלאַג, וואָס איז ניט אויסן קיין רווחים פון אַרויסגעבן ערנסטע יידישע ביכער, וואָלט דאָס געטאָן, וואָלט עס געווען אַ פאַרדינסטפולער אויפטו פאַר דער יידישער קולטור און וויסנשאַפט.

די גלייכסטע זאַך וואָלט געווען, ווען אַן אוניווערסיטעט, וואָס פֿאַרמאָגט אַן אַקטיווע אָפּטיילונג פֿון יידישן וויסן, וואָלט דאָס געטאָן פֿאַר זייערע סטודענטן, וואָס שטודירן יידישע געשיכטע פֿון מיטלאַלטער.

מיר האָבן געפֿונען פֿאַר נויטיק און וויכטיק צו באַקענען דעם אינטעליגענטן יידישן לייענער מיט אַן אינטערעסאַנטן יידישן וויסנשאַפֿטלעכן בוך, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, וואָס מ׳קען פֿון אים אַ סך לערנען.

# וועגן אַן אינטערעסאַנטן עסיי פון פּראָפעסאָר סעסיל ראָטה

דער עסיי, וועגן וועלכן עס וועט דאָ זיין די רייד, איז איינער פון 23, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט אין דעם בוך: „פּערזענלעכקייטן און געשעענישן אין דער יידישער געשיכטע" — אין ענגליש — פון דעם באַרימטן יידישן היס־טאָריקער סעסיל ראָטה. דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער „יידישער פאַרלאַג־געזעלשאַפט פון אַמעריקע" (דזשואיש פּאָבליקיישאָן סאָסייעטי אָוו אַמעריקאָ).

סעסיל ראָטה איז איינער פון די אָנגעזעענסטע יידישע היסטאָריקער פון אונדזער צייט. ער איז אַ סך יאָרן געווען דער פּראָפעסאָר פון נאָכביבלישע שטודיעס אין אָקספאָרדער אוניווערסיטעט. ער איז דער מחבר פון אַ ריי וויסנשאַפטלעכע ווערק וועגן יידישער געשיכטע, ווי די געשיכטע פון די יידן אין ענגלאַנד, דאָס לעבן פון מנשה בן ישראל, די יידן אין דער רענעסאַנס־תקופה, די שפּאַנישע אינקוויזיציע, די געשיכטע פון די מאַראַנען. ער איז אַ מיטאַרבעטער אין ענציקלאָפּעדיעס און היסטאָרישע זשורנאַלן.

ער שרייבט אין אַן עלעגאַנטן סטיל, אין אַ קלאָרער שפּראַך. ער זאָגט אַרויס אינטערעסאַנטע געדאַנקען און מיינונגען וועגן פאַרשיידענע יידישע געשיכטלעכע פּראָבלעמען.

דער עסיי: אַ פּאַראַלעל און אַ פּאַראַדאָקס אין דער יידישער געשיכטע. די קולטור־באַדינגונגען און דער צושטאַנד אין קאָרדאָווע אין דער תקופה פון די קאַליפן — אין 10טן און אין 11טן יאָרהונדערט — זיינען אין אַ סך פּרטים ענלעך צו די באַדינגונגען אין מערב־אייראָפּע און אַמעריקע אין אונד־זער צייט. די מוסולמענישע אימפּעריע איז דעמאָלט געווען דער צענטער פון דער וועלט־ציוויליזאַציע. איינער וואָס איז געקומען פון פּאַריז קיין קאָר־דאָווע האָט זיך געפונען אין אַ נייער וועלט, פּונקט ווי אונדזערער אַ מענטש קומט פון קאַיראָ קיין פּאַריז.

אין דער אַראַבישער שפּאַניע האָט געהערשט אַ וועלט־שפּראַך און אַ וועלט־קולטור, וואָס איז געווען אַזוי אַרומנעמענדיק, ווי עס איז די אַנגלאָ־

זאַקסישע קולטור אין 20טן יאָרהונדערט. יעדערער, וואָס האָט געהאַט די קלענסטע פּרעטענזיע אויף בילדונג, האָט געמוזט קענען אַראַביש. אַ יידישער מחבר, וואָס האָט זיך געוואונטשן אַז זיין וואָרט זאָל דעררייכן דעם קולטורעלן לייענער, האָט געשריבן זיינע ווערק אין אַראַביש.

אַראַביש איז אַריינגעדרונגען אַפילו אין די תפילות און אין די שאלות ותשובות פון די רבנים. מ׳האָט, אמת, ניט געוואוסט דעמאָלט פון דאַרווינען און דאַרוויניזם, אָבער די גייסטיקע פירערס פון יענער צייט, ווי דער רמב״ם און זיינע בני דור האָבן זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז דער תנ״ך איז אין פולער האַרמאָניע מיט דער פילאָזאָפיע פון אַריסטאָטעלעס, אַזוי ווי די היינטצייטיקע געלערנטע האָבן געפּרואווט דערווייזן אַז די טעאָריע פון עוואָלוציע קען גע־פינען אַ באַשטעטיקונג אין דעם מיטאָס פון מעשה בראשית — אין חומש.

עס איז אויסגעקומען, אַז די יידישע געלערנטע און פילאָזאָפן פון שפּאַ־ניע האָבן געפונען די האַרמאָניע צווישן דער יידישקייט און דער וועלטלעכער וויסנשאַפט פון יענער צייט.

אָט די תקופה האָט לאַנג ניט געדויערט, לכל הפחות אין פאַרגלייך מיט דער טויזנט־יאָריקער יידישער געשיכטע.

אַראַביש איז ניט אויף אייביק פאַרבליבן די שפּראַך פון דער וועלט־ציוויליזאַציע. די ווערק פון די יידישע געלערנטע און פילאָזאָפן פון יענער תקופה, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אויף אַראַביש וואָלטן געבליבן פול־שטענדיק אומבאַקאַנט פאַר די ווייטערדיקע דורות יידן, ווען זיי וואָלטן ניט איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעאיש, הגם דאָס לשון פון דער איבערזעצונג (פון שמואל אבן תיבון למשל, י.ג.) איז געווען האַרט און טרוקן.

צום גליק זיינען געווען אַנדערע יידישע ישובים, וואָס זיינען ניט געווען אין דער ספערע פון דער אַראַבישער שפּראַך, און די דערהויבונג און דאָס פאַלן פון דער אַראַבישער קולטור האָט זיי ניט באַרירט.

יידן זיינען געגאַנגען זייער אייגענעם וועג.

עס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט, אַז כדי מיר זאָלן אָנווייזן אויף אַן ענגן פּאַראַלעל, אויף אַ נעענטערע ענלעכקייט פון אַמאָל צו דעם היינט, דאַרפן מיר זיך ווענדן צו דער געשיכטע מיט 1000 יאָר פריער פאַר דער אַראַבישער בליאונג־צייט, דהיינו צו דער העלעניסטישער תקופה אין מצרים.

ווען אַ איד פון ניו יאָרק וואָלט דורך אַ נס געקענט איבערטראַנספערירט ווערן קיין אַלעקסאַנדריע של מצרים אין דעם ערשטן יאָרהונדערט וואָלט ער געפונען די געזעלשאַפט און גייסטיקע אַטמאָספערע דאָרטן זייער ענלעך — אַפילו אין פּרטים — צו דעם איצטיקן ניו יאָרק. די יידישע באַפעלקערונג פון אַלעקסאַנדריע האָט געציילט לערך 100 טויזנט נפשות — אַ דריטל פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט פון גריכן, מצריים, כלערליי אַזיאַטישע פעלקער און שבטים — אַ קאַנגלאָמעראַט פון שפּראַכן, רעליגיעס, מנהגים. — מיט איין הערשנדיקער שפּראַך — גריכיש.

אַלעקסאַנדריע, ווי ניו יאָרק, איז געווען אַ נייע שטאָט. דאָס איז געווען אַ קינסטלעכע שאַפונג: אַ קאָלאָניע געגרינדעט אין אַ באַרבאַרישער טערי־טאָריע, וואָס איז שנעל געוואָרן דער גרעסטער פּאָרט און דער גרעסטער קול־טור־צענטער פון יענער צייט. אַ שטאָט וואָס איז געווען גוט פּלאַנירט, מיט גלייכע גאָסן ווי די איצטיקע מאַנהעטן.

און געווען איז עס אַ צייט, ווען די העברעאישע קולטור איז געווען אין דעקאַדענץ. דער באַנוץ פון גריכיש איז געווען בכלל אָנגענומען. כדי די יידישע ליטעראַטור פון יענער צייט זאָל האָבן אַנזען האָט זי באַדאַרפט גע־שריבן ווערן אין גריכיש. אַלע מאָדערנע הערשיינונגען, ווי רעליגיעזע הע־פאָרם, אַסימילאַציע און „וויסנשאַפטלעכער" אַנטיסעמיטיזם, די שטרעבונג צו אויפהויבן זיך אויפן סאָציאַלן לייטער — זיינען געווען אין אַלעקסאַנדריע מעשים בכל יום.

די סינאַגאָגעס זיינען געווען גרויס, רייך און פּרעכטיק. עס איז דאָרטן געווען אַ שול אַזוי גרויס, אַז די שמשים פלעגן מוזן געבן אַ סיגנאַל מיט פאָנען, אַז די מתפּללים זאָלן וויסן ווען צו ענטפערן אמן. עס זיינען געווען יידן, וואָס פלעגן פאַרגעסן פון זייער יידישקייט פון יום־כּפּור ביז יום־כּפּור, אַזוי ווי היינט. די העברעאישע נעמען האָט מען פאַרביטן מיט עכט־גריכישע. דער תנ"ך איז געווען באַקאַנט דורך דער איבערזעצונג אויף גריכיש. אַזוי גרינטלעך איז העברעאיש פאַרגעסן געוואָרן, אַז אַפילו אויף די מצבות האָט די שפּראַך ניט פיגורירט, אין זעלטענע פאַלן בלויז דאָס וואָרט „שלום".

די ליטעראַטור פון יענע צייט איז געווען זייער מאָדערן אין טאָן — בע־לעטריסטיק, אַפּאָלאָגעטיק, געשיכטע. עס זיינען געווען, ווי היינט, נאַציאָ־נאַליסטן און אַסימילאַטאָרן. פילאָזאָפן האָבן אויך דעמאָלט זיך באַמיט צו דער־

ווייזן, אַז דער תנ״ך איז ראַציאָנאַליסטיש. דראַמאַטורגן האָבן געשריבן אויף ביבלישע טעמעס.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָרטן וואו עס זיינען פאַראַן יידן, איז אויך דאָ אַן אַנטיסעמיטישע באַוועגונג. און עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די שונאי ישראל זיינען ניט זעלטן געווען אחינו בני ישראל. טיבעריוס אַלעקסאַנדער, דער נאַענטסטער בעל יועץ פון טיטוסן בעת דער יידיש־רוימישער מלחמה, איז געווען אַ פּלימעניק פון דעם יידישן פילאָזאָף פילא. פילא אַליין האָט ניט גע־קענט קיין העברעאיש. ער איז געווען אויבערפלעכלעך באַקאַנט מיט דער לעבעדיקער יידישער קולטור פון ארץ ישראל, הגם פון ארץ ישראל קיין מצרים איז געווען ווי מיט דער האַנט צו דערגרייכן, און צוזאַמען זיינען זיי געווען פּראָווינצן פון דער רוימישער אימפּעריע. אַזוי אויך אַלע יידישע גייס־טיקע פירערס פון אַלעקסאַנדריע. דערפאַר זיינען זיי געווען גרונטיק באַקאַנט מיט דער גריכישער ליטעראַטור, פילאָזאָפיע און דראַמאַטיק. פּלאַטאָ איז גע־ווען דער אָנערקענטסטער פילאָזאָף. דעם חומש האָט מען געלערנט ניט לויט זיין פּשוטן, ריכטיקן באַטייט, נייערט סימבאָליש, אַלעגאָריש. די יידישע יוגנט פון יענער צייט האָט ניט פאַרשטאַנען צוליב וואָס זיך אָפּטיילן פון דער אַלגע־מיינער רייכער קולטור און אָפּהיטן דינים וואָס זיינען בלויז סימבאָלן און אַלעגאָריעס.

און די חכמים, די עלטערע, האָבן זיי מסתמא דערקלערט, אַז מ׳דאַרף ניט אָפּשוואַכן די יידישע סאָלידאַריטעט, און אין גאַנצן זיך הערוויטערן פון יידישקייט.

אָבער אויך די תקופה איז אַוועק, און אַוועק איז זי אַזוי פולשטענדיק, אַז וועגן יידישע שרייבערס און זייערע ווערק דערוויסן מיר זיך פון די שריפטן פון די קירכן־פאָטערס פון יענער תקופה.

דאָס העלעניסטישע יידנטום איז אין גאַנצן פאַרשוואונדן, ניט געקוקט אויף זייער באַדייטנדיקער צאָל, זייער גוטער אָרגאַניזאַציע, הער הויכער קול־טור־ניוואָ און פּרעכטיקע סינאַגאָגעס. הלל, דער מאַן וואָס איז געקומען פון בבל קיין ארץ ישראל אין לערך דער זעלביקער צייט, איז אַ לעבעדיקער כח און אינספּיראַציע אין יידישן גייסטיקן לעבן ביז היינטיקן טאָג.

פילא דער אַלעקסאַנדריער (אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור רופט ער זיך אויך ידידיה האלכסנדרוני), הגם ער איז אינטעלעקטועל געשטאַנען

העכער פון הלל, און זיין ליטעראַריש־פילאָזאָפישע ירושה איז אַן אַן ערך ריכער פון הללס — איז אַן אַנטיקוואַרישע געשטאַלט, וואָס איז באַקאַנט בלויז די געלערנטע אַסימילירטע יידן.

און דאָס איז געשען ניט געקוקט אויף דער לעבעדיקער יידישער טראַדיציע פון ארץ ישראל, ווען די פאַרבינדונג צווישן די צוויי לענדער איז געווען זייער אַ לעבעדיקע. מיט אַזעלכע ביישפילן פון דער יידישער געשיכטע אין פאַרשיידענע תקופות אין משך פון טויזנטער יאָרן, איז שווער צו זיין אַזוי זיכער אין דער צוקונפט פון יעטוועדער גרויסער יידישער קהילה אין דער וועלט.

וואָס איז שייך דעם מחבר האָט ער די טיפסטע פאַרוואָרצלטע אמונה אין דער אייביקייט און אומשטערבלעכקייט פון פאָלק ישראל.

אָבער עס איז ניטאָ קיין לאָגישער גרונט פאַר אַזאַ גלויבן פון היסטאָרישן קוקווינקל. די אַסימילאַציע גייט אַן מיט אַ פאַרשנעלערטן טעמפּאָ. מיר פאַרלירן דורך געמישטע חתונות, צוליב איגנאָראַנץ און גלייכגילטיקייט. אויב עס זאָל ווייטער אַזוי גיין לויט די איצטיקע באַדינגונגען און פּערספּעקטיוון איז, פאַרקערט, פאַראַן אַ גרונט צו גלויבן, אַז אין אַמעריקע און אין מערב אייראָפּע וועלן יידן און יידישקייט פאַרשווינדן אין משך פון הונדערט אָדער צוויי הונדערט יאָר.

סעסיל ראָטה איז איבערצייגט, אַז די יידישע טראַדיציע און קולטור וועט אויפגעהיט ווערן, און די ישועה וועט קומען פון ערגעץ, ווי אין דער מגילה שטייט: רווח והצלה יעמוד ליהודים ממקום אחר...

און ער ענדיקט דעם אָריגינעלן און אינטערעסאַנטן עסיי מיט דעם געדאַנק, אַז אונדזער היסטאָרישע יידישקייט איז אין דער פאַרגאַנגענהייט געווען מער ווי אַ רעליגיע, מער ווי אַ נאַציאָנאַליטעט, מער ווי אַ פילאַנטראָפּישע ברודערשאַפט. עס איז געווען אַ גאַנצע ציוויליזאַציע.

די איינציקע גאַראַנטיע פאַר אונדזער צוקונפט אין אַן אינפאָרמירטע יידישקייט.

יידיש וויסן, אויב עס זאָל קולטיווירט ווערן מיט דער פולער ערנסטקייט, איז אַ גוט אויסגעפּרוווט מיטל פון פּרעזערוואַציע.

דער עסיי איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין 1930 אין דעם „מענאָראַ"־זשורנאַל אין ניו יאָרק.

דער פאַרגלייך פון איצטיקען ניו יאָרק מיט אַלעקסאַנדריע מיט 1900 יאָר צוריק איז באמת פאַרכאַפּנדיק. מ׳קען מסכים זיין מיט דעם מחברס אויספירן אָדער ניט. לכל הדעות איז דער עסיי אָנגעשריבן אינטערעסאַנט און גלענצנדיק.

די צוויי היסטאָרישע געשעענישן פון די לעצטע 25 יאָר — דער שרעק־לעכער חורבן פון די ישובים אין אייראָפּע און דער אויפקום פון מדינת ישראל — שטעלט אַוועק דעם פּראָגנאָז וועגן דער צוקונפט פון יידישקייט אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט.

# דער המשך פון אַ גרויס ווערק איז געפונען געוואָרן

דר. ישראל צינבערג. די בלי-תקופה פון דער השכלה. לויטן — מיקראָפילם פון אַ ניי-געפונענעם כתב-יד. צוגעגרייט צום דרוק פון דר. אַסטור. אַרויס-געגעבן פון בראַנדייס-אוניווערסיטעט און ציקאָ-פאַרלאַג, ניו-יאָרק, 1966.

דאָס קאָלאָסאַלע ווערק פון ד״ר י. צינבערג „די געשיכטע פון דער ליטע־ראַטור ביי יידן" איז געדרוקט געוואָרן אין ווילנע אין „טאַמאַר פאַרלאַג", און איבערגעדרוקט אין ניו יאָרק אין פאַרלאַג פון א. ש. שקלאַרסקי, 1943. דאָס ווערק באַשטייט פון 8 בענד, 12 טיילן. אין דעם לעצטן קאַפּיטל פונם לעצטן באַנד ווערט באַשריבן די השכלה־באַוועגונג אין פוילן, און אירע וויכ־טיקע פערזענלעכקייטן זיינען געווען חיים זעליק סלאָנימסקי, ד״ר שלמה עטינגער און אַנדערע.

מיר ווייסן פון צינבערגס בריוו צו יוסף אָפּאַטאָשו פון יאַנואַר 1943, פאַר־עפנטלעכט אין נומער 5 פון די „זאַמלביכער", אַז זיין ווערק איז פּלאַנירט געוואָרן אויף 10 בענד, ביז דער וועלט־מלחמה אין 1914. דער ניינטער באַנד איז שוין געווען פאַרטיק צום דרוק, אָבער צינבערג האָט שוין ניט באַוויזן איבערצושיקן דעם כתב יד קיין ווילנע. ווי באַוואוסט, איז דער געלערנטער, וואָס איז געווען באַשעפטיקט ווי אַן אינזשעניער־כעמיקער אין אַ גרויסער פאַבריק (פּוטילאָווסקי זאַוואָד), פאַרשוואונדן פון זיין וואוינונג אין לענינגראַד. לויט די ידיעות וואָס מיר פאַרמאָגן, איז ד״ר ישראל צינבערג אומגעקומען אין תפיסה אָדער אין לאַגער אין 1939.

ד״ר אברהם קאַטש, פּראָפעסאָר פון העברעישער ליטעראַטור אין אַ ניו יאָרקער אוניווערסיטעט, האָט בעת זיין באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט אַ פאַרשמיסיע זיך דערוואוסט, אַז צינבערגס אַ מאַנוסקריפּט געפינט זיך ערגעץ אין א סאָוועטישער ביבליאָטעק. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער מאַנוסקריפּט איז אויפגעהיט געוואָרן אין דעם אינסטיטוט פון די אַזיאַטישע פעלקער ביי דער סאָוועטישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, לענינגראַדער אָפּטייל.

ווען עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ד״ר קאַטשס באַריכט האָט אליהו שולמאַן פון ניו יאָרק געשריבן, אַז עס וואָלט געווען אַ יושר צו באַקומען אַ קאָפּיע פון דעם כתב יד אין אַמעריקע. ער האָט זיך אויך געווענדט צו ד״ר מכאל אסטור־טשערניכאָוו, דעמאָלט פּראָפעסאָר פון יידישער ליטע־

ראַטור אין בראַנדייס, ער זאָל זיך פאַראינטערעסירן מיט דעם ענין. ד״ר אַסטור האָט דאָס געצומען זייער ערנסט און האָט זיך געטראָפן מיט ד״ר סאכער, דעם פּרעזידענט פון בראַנדייס־אוניווערסיטעט. עס זיינען געמאַכט געוואָרן ענער־גישע באַמיאונגען און געהעריקע אינטערוועצן. לסוף האָט דער בראַנדייס־אוניווערסיטעט באַקומען אַ מיקראָפילם פון ציגבערגס כתב יד פאַר געוויסע היסטאָרישע מאַטעריאַלן, וואָס דער לענינגראַדער אינסטיטוט האָט פאַרלאַנגט.

ד״ר אַסטור האָט אין אויפטראַג פון בראַנדייס־אוניווערסיטעט געלייענט, קאָריגירט און רעדאַקטירט דעם כתב יד מיט גרויס פּיעטעט און פאַכמע־נישקייט, און דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דעם אוניווערסיטעט בשותפות מיט דעם ציקאָ־פאַרלאַג.

דער 9טער באַנד (ערשטער טייל) האָט 8 קאַפּיטלען און נעמט אַרום די השכלה־תקופה פון דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט אין דער יידישער קולטור־געשיכטע פון רוסלאַנד. די תקופה ווערט באַשריבן מיט בקיאות פון די אָריגינעלע מקורים פון יענער צייט, מיט דער סאָציאַל־געזעל־שאַפטלעכער באַלויכטונג און וויסנשאַפטלעכן מעטאָד, ווי ציגבערג האָט זיך אויסגעצייכנט אין זיין גרונטיקן אַנאַליז פון דעם ליטעראַרישן שאַפן פון די יידן זינט דער גאָלדענער עפּאָכע אין שפּאַניע. דער געפונענער באַנד איז בכן אַ דירעקטער המשך פון דעם אַכטן באַנד פון ציגבערגס לעבנסווערק.

אין דער תקופה האָט זיך פאָרמירט די מאָדערנע יידישע געזעלשאַפט־לעכקייט. עס איז געמאַכט געוואָרן דער ערשטער ערנסטער פּרוּאוו פון אַ יידישער פּרעסע, פריער אויף העברעאיש (המגיד, המליץ, הכרמל און הצפירה), דערנאָך אויף רוסיש (ראַזסוועט), אויף פּויליש (יוטשעגקאָ), און לסוף אויף יידיש מיט דעם דערשיינען פון אַלעקסאַנדער צעדערבוימס „קול מבשר״.

עס ווערט גרונטיק באַלויכטן מיט דער הילף פון אָריגינעלע מקורים, דער קאַמף צווישן די אַסימילירטע יידן פון דער ערשטער „חברה מפיצי השכלה״ (געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן בילדונג) און די משכילים צווישן די העברעיסטן און די יידישיסטן.

דער אָנהייב פון דער נייער יידישער ליטעראַטור און אירע שאַפערס פון יענער תקופה — מענדעלע מוכר ספרים און יצחק יואל ליגעצקי — ווערט באַשריבן אין פאַרבינדונג מיט די דעמאָלטיקע קולטור־שטרעבונגען ביי יידן. עס ווערט אויך דערציילט וועגן די פּלענער פון רעליגיעזע רעפאָרמערס פון די יידישע משכילים אין רוסלאַנד אין הסכם מיט זייער איינשטעלונג, אַז יידן

דאַרפן זיך אָפּזאָגן פון די אַבערגלויבנס און מנהגים, וואָס האָבן זיך אָנגע־הויפּט אין משך פון הונדערטער יאָרן, און זיינען פרעמד דעם גייסט פון דער נייער צייט. עס ווערן אַרויסגעהויבן די פּערזענלעכקייטן פון דעם העברעיִשן פּאָעט יהודה לייב גאָרדאָן (יל״ג) און פון דעם לייִדנשאַפטלעכן קעמפער און פּאָפּולערן שרייבער משה לייב ליליענבלום, זייער קאַמף מיטן פאַנאַטיזם און זייער שטרעבונג צו מעסיקע רעפאָרמעס אין יידישן לעבן, די רדיפות איבער די „אַפּיקורסים״ מצד די אָרטאָדאָקסישע און חסידישע קרייזן א. א. וו.

די השפּעה פון די באַרימטע רוסישע פּובליציסטן און ליטעראַטור־קרי־טיקערס בעלינסקי און פּיסאַרעוו אויף די יידישע שרייבערס פון יענער צייט ווערט בולט און אינטערעסאַנט אַקצענטירט.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז אָפּגעגעבן דער אַנטשטייאונג און ווירקונג פון דעם „קול מבשר״ אויף דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער תקופה. צום בוך זיינען צוגעגעבן פינף ביילאַגעס פון צינבערגן וועגן די ליטעראַריש־היסטאָרישע מקורים וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די שרייבערס און ווערק וואָס ווערן באַהאַנדלט אין דעם בוך.

דאָס בוך איז שיין אַרויסגעגעבן. אַ שאָד וואָס עס האָבן זיך אַריינגע־כאַפּט אין דעם ווערק אַ צאָל פעלערן. עס וואָלט געפּאַסט צו געבן אַ קורצע ביאָגראַפיע פון צינבערגן, אַ ביבליאָגראַפיע פון זיינע ווערק און עסייען וואָס זיינען שוין פריער געדרוקט געוואָרן אין פאַרשיידענע רוסיש־יידישע זשור־נאַלן (פּערעזשיטאָיע און אַנדערע), ווי אויך זיין בילד.

„די בלי־תקופה פון דער השכלה״ איז אַ פיינער צושטייער צו אונדזער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור. דער בראַנדייס־אוניווערסיטעט און דער ציקאָ־פאַרלאַג פאַרדינען אַ וואַרעמען יישר כוח פאַר אַרויסגעבן דאָס ווערטפולע בוך פון דעם אומגעבראַכטן יידישן געלערנטן ד״ר ישראל צינבערג.

# וועגן יצחק ריבקינדס „דער קאַמף קעגן אַזאַרט־שפּילן ביי יידן"

אין דער הקדמה צום בוך שרייבט דער מחבר אַז שוין איבער 20 יאָר אינטערעסירט ער זיך מיט דעם ענין אַזאַרט־שפּילן. און וועגן ער האָט זיך געננוי באַקענט מיטן אַמעריקאַנער יידישן לעבן און ער האָט דערזען פאַר זיך אַן „אַזאַרט־יידנטום" האָט אים נאָך מער געשטויסן אָפּצוגעבן זיך מיט אָט דער עקזאָטישער פאָרשונג.

אין דער יידישער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור איז דאָס אַ גאַנץ ביי־ניט באַקאַנט פעלד. אויף ענגליש איז נאָך אין 1905 אַרויס אַ ביבליאָגראַפיע פון ווערק וועגן קאָרטן און אַנדערע שפּילן, וואו עס זיינען פאַרצייכנט 1733 נומערן. אין דער יידישער שפּראַך איז דאָס די ערשטע פאָרשונג פון דעם מין, אַ טייל פון דער שטודיע איז שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין העברעאיש און אין דער „צוקונפט" פון 1930, 31 און 1934.

נאָך ביי די אַלטע אינדיער איז די שפּיל־ליידנשאַפט געווען שטאַרק פאַר־שפּרייט. אין די אַלט־אינדישע הייליקע הימנען ריג־וועדא, וואָס זיינען אויפ־געקומען לערך 2000 יאָר פ.ק.ג. ווערט געשילדערט דער אַזאַרט־שפּילער וואָס שטעלט אַלץ אין קאָן: זיין האָב און גוטס, זיין פּערזענלעכע פריהייט, זיינע פריינד און זיין פרוי. דאָס זעלביקע האָבן געטאָן די אַלטע גערמאַנער לויט דער באַשרייבונג פון רוימישן היסטאָריקער טאַציטוס. ענלעכע שילדערונגען זיינען פאַראַן וועגן דעם לעבן אין אַלטן פראַנקרייך און אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער.

אין דער רוסישער ליטעראַטור פון 19טן יאָרהונדערט זיינען פאַראַן באַ־שרייבונגען וועגן פּריצים וואָס פלעגן פאַרלירן זייערע גיטער, זייערע לייב־אייגענע אין אַזאַרט־שפּילן. יחזקאל קאָטיק דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן אַ פּוילישן פּריץ, וואָס האָט פאַרשפּילט אין קאָרטן אַ מאַיאָנטעק מיט זעקס הונדערט לייב־אייגענע, 30 טויזנט רובל מזומן און צום סוף האָט ער אויך זיין ווייב געשטעלט אין קאָן און זי אויך פאַרשפּילט.

ד״ר גידעמאַן, דער מחבר פון דעם וויכטיקן ווערק „די געשיכטע פון דער יידישער קולטור און גייסטיקייט בעתן מיטלאַלטער" (דער דריטער טייל פון

דעם ווערק איז דאָ אויף יידיש אין דער איבערזעצונג פון נחום שטיף) האָט ווי אַ מאָטאָ צו זיין ווערק געשטעלט דעם מאמר פון „ספר חסידים" כמנהג הנכרים כן מנהג היהודים ברוב מקומות.

אויך אין דעם פרט פון ווערפל־שפיל, קאָרטן און אַנדערע אַזאַרט־שפּילן זיינען די יידן ניט געווען קיין אויסנאַם. עס איז שוין לאַנג אָפּגעפּרעגט די אַלטע טעאָריע, אַז בעת דעם מיטלאַלטער האָבן די יידן בלויז געלערנט, גע־ווינט אויפן חורבן בית המקדש און געוואַרט אויף משיחן. יוסף אָפּאַטאָשו באַשרייבט אין זיין פּרעכטיקער דערציילונג „אַ טאָג אין רעגנסבורג" איין טאָג פון יידישן לעבן אין 16טן יאָרהונדערט. פון דער שילדערונג באַקומען מיר אַ באַגריף, אַז יידן האָבן חוץ עולם הבא אויך געהאַלטן פון עולם הזה מיט אַלע מענטשלעכע תאוות און פאַרגעניגן פון ד ע ר וועלט.

די דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וואָס ריבקינד ברענגט אין זיין בוך (איי־ניקע פון זיי זיינען רעפּראָדוצירט געוואָרן אין יידיש צום ערשטן מאָל) באַ־שטעטיקן דאָס אונדז אין דער פולער מאָס. געוויס זיינען אַזאַרט־שפּילן געווען פאַרשפּרייט ביי יידן, ווי ביי אַנדערע פעלקער פון קדמונים אָן. נאָך אין דער משנה (3טער י"ה) איז פאַראַן אַ דין: המשחק בקוביא פסול לעדות. אין דער רבנישער ליטעראַטור, ווי אויך אין די שאלות ותשובות, אין די מוסר ספרים איז אַוודאי פאַראַן אַ רייכער מאַטעריאַל וועגן די אַזאַרט־שפּילן און וועגן דעם קאַמף קעגן זיי.

ריבקינדס פאָרשונג איז אין גרעסטן טייל באַזירט אויף אַלט־יידישע לי־דער, ווי אויך אויף די שאַפונגען פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע. דערי־בער איז דאָס ווערק ניט קיין אויסשעפּנדיקע פאָרשונג אויף דעם פעלד. וועגן דעם קאַמף קעגן אַזאַרט־שפּילן ביי יידן וועלן נאָך דאַרפן קומען הן פּרטימדיקע, הן סינטעטישע ווערק, וואָס וועלן אונדז דאַרפן געבן אַן אַלזייטיק בילד פון יידישן לעבנס־שטייגער, געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען צווישן פאַר־שיידענע פעלקס־שיכטן אין באַזונדערע תקופות.

דאָס ערשטע ליד קעגן אַזאַרט־שפּילן וואָס איז אונדז באַקאַנט איז דאָס העבראיש־יידישע ליד פון שמואל הוגרלן פון 15טן יאָרהונדערט. דער מחבר איז געווען אַ בעל תנ"ך, האָט אויך געקענט גמרא. זיין העברעאיש לשון איז פול מיט וואָרטשפּיל, קלאַנגשפּיל שפּראַך־קונצן און רמזים.

דער יידישער טעקסט איז אין אַלט־יידיש פון יענער צייט. דאָס ליד באַ־

שטייט פון 30 סטראָפעס אין העברעאיש און פופצן אין יידיש. אין אַקראָסטיך באַקומט זיך: שמואל הקטן ברבי משה אורי ז״ל חזק ואמץ. לויטן אינהאַלט איז דאָס אַ שאַרף יידיש מוסר־ליד קעגן שפּילן. הוגרלן גיט אַ געטרייע שיל־דערונג פון שפּילער־לעבן. ער וואָרנט קעגן די סכנות פון אַזאַרט־שפּיל אין סך־הכל בלייבט דער שפּילער שאַד שאַנד און שפּאָט.

אין דעם בוך ווערן געבראַכט אַנדערע אַלטע לידער קעגן שפּילן, מוסר און פּאַראָדיע און אַ ספּעציעל „איין שיין ניי קוריעס (קוריאָז) שפּילליד״ וועגן שפּילן, געדרוקט אין אַפענבאַך וואַרשיינלעך אין אָנהויב פון 18טן י״ה. דאָס ליד איז לעבעדיק, וויציק און פול מיט הומאָר. דער מחבר מוסרט פון צייט צו צייט, אָבער בכלל איז דאָס אַ ליד וועגן שפּילן און ניט קעגן שפּילן. ער דערציילט וועגן איין קאָרטן־שפּילער:

„פלעגט די תפילין אין שפּילן איין צו זעצן״

און ער האָט

„זיין ארבע כנפות צו משכון געגעבן״

די פרויען לערנט ער ווי צו שפּילן אין קאָרטן. ער ראָט זיי צו ריזיקירן

„איר ווייבר מושט פריש קויפן און ניט לאַנג ביזינין, דען פריש געוואָגט אישט האַלב גיוואונען״

דער מחבר שילדערט דעם ביטערן מזל וואָס די פרויען האָבן ביי זייערע מענער די קאָרטן־שפּילערס, זייער לעבן איז פון „צענקין און פלוכין״.

בכלל איז דאָס אַ שיין סאַרקאַסטיש און סאַטיריש בילד פון קאָרטן־שפּי־לערס און פון אַזאַרט־לעבן. אין בוך ווערן געגעבן אין פאָרם פן הוספות די פולע טעקסטן אין זייער אָריגינעלער אַלט־יידישער שפּראַך און אויסלייג דאָס שוין דערמאָנטע שמואל הוגרלנס ליד, דריי אַלט־יידישע איבערזעצונגען פון אַ העברעאישן שפּילליד „מצחק בקוביא מכתו טריה״ (איין יידישע איבער־זעצונג ווערט געבראַכט אין דעם באַרימטן בוך קליין בראַנט שפּיגל פון 1657), דאָס קוריאָזע ליד.

חוץ דעם ווערט אין טעקסט געבראַכט אַ הומאָרעסקע פון שלמה דוירק־לער „עז שפּיהל בזוהך״, געדרוקט אין אַמסטערדאַם 1802. דאָס אי אַ קליינע קאָמעדיע. ריבקין שרייבט, אַז דאָס איז „דער ערשטער לעבעדיקער גרוס ווי יידישע ווייבער האָבן געשפּילט מיט 150 יאָר צוריק אין אַמסטערדאַמער געטאָ. אין אַמסטערדאַם.

ניט געקוקט אויף די תקנות און פאַראָרדענונגען סיי פון דער ספרדישער קהילה, סיי פון דער אַשכנזישער אין דער זעלביקער שטאָט נישט צו באַזוכן קיין „שפּילהייזער און טאַנץ קאַמירן (קאַמערס) הן בעלי בתים, הן תושבים, בחורים וגם בתולות ופשיטא ניכט זעלברט צו שפּילן הן מיט קאַרטן, ווער־פילש" האָט מען, ווייזט אויס, גאַנץ געשמאַק געשפּילט אין די שפּילהייזער און אויף פּריוואַטע „פּאַרטיס".

די באַלעבאָסטע זאָגט אָן דער דינסט־מיידל גענוי וואָס פאַר אַ כיבוד זי זאָל געבן אין באַשטימטע שעהען פון דעם „בזוהך". סערווירט האָט מען: „קאָפי, פּוטער גצייג, גשילטע עפּיל, ווין און וואשר און פּוטר קיקס". דערביי זאָגט די באַלעבאָסטע אָן, אַז די דינסט־מיידל זאָל „די שטיקר ניט צו גרוס און ניט גאַנץ דורך שניידע". די געסט קומען זיך צונויף.

„וואָס ווען מיר שפּילע?" איינע לייגט פאָר איין שפּיל, די אַנדערע — אַן אַנדער מין. עס ווערט אַ טומל, אַ געוויש „דש מאן קיין רעכט וואָרט הערן קאַן". מען איניקט זיך אויף אַ שפּיל וואָס הייסט קיהן. בעת די הכנות צום שפּילן שמועסט מען זיך דערווייַלע דורך וועגן קליידער. „וואש קאשט דש נעטל טוך, וואו העט איר דיא געקאָהפט" און צווישן שפּיל קומט כיבוד.

נאָך צען ביי נאַכט הערט מען אויף צו שפּילן. די געסט גייען זיך פונאַנ־דער. די באַלעבאָסטע מיט איר טאָכטער באַריידן די געסט אויף וואָס די וועלט שטייט און מען טראַכט אויס אויף זיי וואָס אין קאַרט שטייט.

די קליינע קאָמעדיע איז זייער לעבעדיק אָנגעשריבן, און גיט אונדז אַ פאַרשטעלונג וועגן אַ שטיק יידיש לעבן אין אַמסטערדאַם פון אָנהויב 19טן י״ה.

אין דעם בוך זיינען דאָ באַזונדערע קאַפּיטלען מיט אויסצוגן פון פאָלקס־לידער, ווי אויך לידער און באַשרייבונגען פון דער יידישער ליטעראַטור וועגן שפּילן, באַזונדערס וועגן קאָרטן: דידאקטישע, מאָראַלישע, מוסר־לידער, חוזק־לידער און סתם שילדערונגען.

יצחק יואל לינעצקי, אליקום צונזער, ש. פרוג, יהודה לייב גאָרדאָן, מאָריס ווינטשעווסקי, א. רייזען און אַנדערע יידישע דיכטער האָבן ספּעציעל אָדער דורך אָגב געשריבן וועגן דער תאווה צו קאָרטן, און די טרויעריקע רעזולטאַטן דערפון פאַר דעם יחיד און זיין פאַמיליע.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז געווידמעט דער ליידנשאַפט פון די יידן צו לאָטעריי־שפּיל. דער חשק צו ווערן פלוצלונג רייך און געווינען די „פינף און

זיבעציק טויזנט". זייער אָפט איז דאָס געווען אַ ווינטש־פינגערל און די אייג־ציקע האָפענונג אין זיין אָרעמען לעבן.

נוסח אַמעדיקע איז דער נאָמען פון אַ באַזונדער קאַפּיטל, וואָס איז אונדז צו גוט באַקאַנט.

אין סך הכל איז יצחק ריבקינדס בוך אַ ווערטפולער צושטייער צו דער יידישער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור. עס איז אַ גוטער אָנהויב אין דער פאָרשונג פון די אַזאַרט־שפּילן ביי יידן.

אַרויסגעגעבן איז דאָס בוך, ווי אַלע אויסגאַבעס פון יידישן וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט פיין און קאָרעקט, און איז פאַרזען מיט אַ סך הערות, באַ־מערקונגען און דערקלערונגען.

# אַ נייער באַנד היסטאָרישע שריפטן פון שאול גינזבורג

## משומדים אין צאַרישן רוסלאַנד

### פאָרשונגען און זכרונות וועגן יידישן לעבן אין אַמאָליקן רוסלאַנד

**שאול גינזבורג איז געווען אַ היסטאָריקער, זשורנאַליסט און פאָלקלאָריסט. ער האָט צוזאַמען מיט פ. מארעקן אַרויסגעגעבן אַ רייכע זאַמלונג פון יידישע פאָלקס-לידער. ער איז געווען דר רעדאַקטאָר פון דער ערשטער טעגלעכער יידישער צייטונג אין רוסלאַנד „דער פריינד", וואָס האָט אָנגע-הויבן צו דערשיינען אין פעטערבורג אין יאָר 1903.**

אין זיינע היסטאָרישע אַרבעטן האָט זיך ש. גינזבורג דער עיקר פאַר־נומען מיט דער אויספאָרשונג פון דעם יידישן לעבן אין רוסלאַנד. טייל פון זיינע היסטאָרישע ווערק האָט ער געשריבן אויפן סמך פון זכרונות און באַגע־געגנישן מיט וויכטיקע יידישע פערזענלעכקייטן אין צאַרישן רוסלאַנד, טייל — אויפן גרונד פון די היסטאָרישע מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין די רוסישע מלוכה־אַרכיוון, און זיינען געוואָרן צוטריטלעך פאַר דעם יידישן פאָרשער ערשט נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע פון פעברואַר 1917. פון די אַרכיוון האָט ער געשעפט מיט דער פולער האַנט.

דריי בענד פון ש. גינזבורגס שריפטן זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ניו יאָרק פון אַ ספּעציעלן קאָמיטעט. דער פערטער באַנד — פון אַמאָליקן פעטערבורג — און די „משומדים" זיינען אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „ציקאָ".

דאָס בוך „משומדים" איז איינגעטיילט אין 4 אָפּטיילונגען: פאַרצייטיקע משומדים, מוסרים און מיסיאָנערן, קאַריעריסטן און צווישן צוויי וועלטן. פּיאָטר שאַפּיראָ איז געווען אַ דיפּלאָמאַט און גראַף דעוויער — אַן אַדמי־ניסטראַטאָר, דער ערשטער פעטערבורגער גענעראַל פּאָליצמייסטער אין דינסט פון רוסישן צאַר פּיאָטר דעם גרויסן, סוף 17טן און אָנהויב 18טן י"ה.ביידע האָבן זיך געשמדט אין זייער יוגנט און האָבן מיט יידן קיין שיכות ניט געהאַט זייער גאַנץ לעבן. די באַשרייבונגען וועגן די צוויי פּערזאָנען, זייער לעבן און זייערע קאַריערעס ווי רוסישע „טשינאָווניקעס" האָבן גיכער צו טאָן מיט דער רוסישער געשיכטע, איידער מיט דער יידישער. עס איז אַ מין געשיכטלעכער קוריאָז און נישט מער.

אינטערעסאַנטער און וויכטיקער פאַר דעם יידישן לייענער איז דער אַר־

טיקל וועגן די צוויי משומדים אברהם פערעטץ און לייב נעוואַכאָוויטש. פּערעטץ איז געווען אַן אײדעם פון דעם באַרימטן יהושע צייטלין. צייטלין איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט. אַ גרויסער למדן, אַ תלמיד פון אריה לייב וואָלאָזשינער און אַ מקורב פון ווילנער גאון, איז ער גלייכ־צייטיק געווען אַ גרויסער גביר, האָט געפירט אַ פאַרצווייגטן מסחר, און האָט פאַרמאָגט אַ סך גיטער. איינער פון זיינע מאַיאָנטקעס איז געווען „אוסטיע", וואָס ער האָט געמאַכט פאַר אַ גייסטיקן צענטער, אַ מיטלפּונקט פון תורה און השכלה. ער האָט מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט די דעמאָלט באַרימטע משכילים מענדל לעפין (מחבר פון אַ ריי ביכער, האָט אויך איבערגעזעצט אויף יידיש משלי און קהלת), ברוך שיק און בנימין ריבעלעס.

אברהם פּערעטץ איז געווען ביים שווער אויף קעסט און געלערנט צוזאַ־מען מיט זיין חבר ליב בן נח (נעוואַכאָוויטש), שוין צו יענער צייט אַ משכיל. פּערעטץ האָט פאַרמאָגט גרויסע פינאַנציעלע פעאיקייטן. אים איז געווען ענג אין שקלאָוו און אוסטיע. אין גיכן איז ער אַוועקגעפאָרן קיין פּעטערבורג און איז דאָרטן געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע סוחרים און פינאַנסיסטן. זיין חבר ליב בן נח איז אויך געפאָרן מיט אים. אין יענער צייט (אין אָנהויב פון 19טן י״ה) האָבן די אויבערשטע שיכטן פון די רוסישע יידן געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, דעם „מלך חסד", אַז ער וועט פאַרבעסערן דעם רעכטלעכן מצב פון די יידן אין רוסלאַנד. מיט דעם אונטערגאַנג פון דער פּוילישער מלוכה (די דריטע צעטיילונג פון פּוילן איז פאָרגעקומען אין 1795) זיינען צו רוסלאַנד אַריבער דער מזרח־דיקער טייל פון פּוילן און גאַנץ ווייסרוסלאַנד, וואו עס האָט געוואוינט אַ באַ־דייטנדיקע יידישע באַפעלקערונג. כדי צו איבערצייגן דעם צאַר און זיינע טשינאָווניקעס, אַז יידן זיינען אויך מענטשן האָט לייב נעוואַכאָוויטש אַפילו פאַרעפנטלעכט אַ שריפט אין רוסיש (שפּעטער אויך איבערגעזעצט אויף העב־רעאיש — קול שועת בת יהודה — דאָס יאָמער־געשריי פון דער טאָכטער פון יהודה.

פאַרשטייט זיך אַז דאָס „יאָמער־געשריי", ווי אויך די שתדלנות פון נתן נאָטע נאַטקין האָבן אויפן צאַר און זיינע באַאַמטע נישט געהאַט די מינדסטע השפּעה, און לויטן סטאַטוס וואָס דער מלוכהשער קאָמיטעט האָט אַרויסגע־געבן איז די רעכטלעכע לאַגע פון די יידן אין דער רוסישער אימפּעריע נאָך

פאַרערגערט געוואָרן. אונדזערע ביידע העלדן אברהם פּערעטץ און ליב בן נח זיינען געוואָרן פאַרצווייפלט און אַנטוישט און האָבן „געביטן דאָס רענדל", ד. ה. זיי זיינען אַריבער צום קריסטנטום.

פּערעטצעס זון גריגאָרי איז געווען פאַרמישט אין דעם דעקאַבריסטן־אויפשטאַנד פון 1825. ער איז אויף אַזאַ אופן געווען דער ערשטער ייד וואָס האָט אַנטייל גענומען אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. לייב נעוואַכאָוויטש טאָכטער איז געווען די מוטער פון דעם וועלט־באַרימטן רוסישן געלערנטן איליאַ מעטשניקאָוו.

דרך אַגב, זלמן שניאור האָט אין דעם ערשטן טייל פון זיין היסטאָרישן ראָמאַן „דער ווילנער גאון", געשילדערט יענע תקופה, ווי אויך אייניקע פּער־זאָנען וואָס ווערן דערמאָנט אין גינזבורגס אַרטיקל.

אין דעם אָפּטייל „מוסרים און מיסיאָנערן" ברענגט דער מחבר אַרויס פון אַרכיוואַלן שטויב דריי שוין כמעט פאַרגעסענע נעמען פון משומדים: יעקב בראַפמאַן, יוסף ראַבינאָוויטש און יעקב פּרילוצקער. אַלע דריי האָבן געלעבט אין מיטן פון 19טן יאָרהונדערט אין צאַרישן רוסלאַנד. דער גורל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען: רעכטלאָזיקייט, שנאה און פאַר־אַכטונג מצד די מאַכטהאָבערס. די יידן זיינען געווען פאַרשטיקט אין „תחום". אָרעמקייט, אומוויסנקייט און דערשלאָגנקייט האָבן באַהערשט די יידישע מאַסן די דריי דערמאָנטע משומדים זיינען אַרויסגעוואַקסן פון די טיפענישן פון דער יידישער סביבה. זיי האָבן באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערצי־אונג. אַ ביסל אַ שמעק געטאָן פון דער אַלגעמיינער בילדונג אין רוסיש. זיי האָבן פאַרמאָגט פערזענלעכע אַמביציע, געוואָלט זיך אַרויסהייבן פון דער קלאָ־געדיקער אומגעבונג. אַ געוויסע ראָליע האָט אויך געשפּילט געליטענע עוולות, פאַרביטערונג איבער דעם אומדערפּאָלג אין לעבן. קעמפן קעגן דער יידישער רעליגיע און קעגן דעם אייגענעם פאָלק איז געווען אַ סך לייכטער און וויני־קער געפערלעך ווי קעמפן קעגן דער רעגירונג און גזעלשאַפטלעכער אָרדע־נונג — און זיי זיינען געוואָרן מוסרים און רענעגאַטן. בראַפמאַן איז געוואָרן צענזאָר אין ווילנע, און האָט שפּעטער פאַרנומען אַ הויכן מלוכה־פּאָסטן. מיט דער שטיצע פון דער צאַרישער רעגירונג האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ווערק וואָס איז געוואָרן טרויעריק־באַרימט, און איז אויסגענוצט געוואָרן פון אַלע אַנטיסעמיטן און שונאי ישראל אין קאַמף קעגן יידן. דאָס איז די „קניגאַ קאַ־

האַלאַ" — דאָס בוך פון קהל, וואו ער האָט מיט ציניִשע עם־האַרצישע (אַמעראַ־צישע) פעלשונגען „דערוויזן" אַז עס עקסיסטירט אַ געהיימע אינטערנאַציאָ־נאַלע אָרגאַניזאַציע פון יידן, אַ מין זקני ציון־אָרגאַניזאַציע. יוסף ראַבינאָ־וויטש און יעקב פּרילוקער האָבן מיט דער הילף פון רעגירונג־סובסידיעס (גענומען פון יידישן געלט — פון דעם באַרימטן ליכט־אָפּצאָל — סוועטשנאָי סבאָר אין רוסיש) זיך באַמיט צו גרינדן קריסטלעך־יידישע סעקטעס, „יידיש־קריסטלעכע געמיינדעס" און „באָווי איזראַיל" („בייער ייד").

פאַרשטייט זיך, אַז די פּלענער זייערע זיינען מיאוס דורכגעפאַלן. יידן האָבן זיך מיט פאַראַכטונג באַצויגן צו די „רעפאָרמאַטאָרן" און זייערע באַמיאונגען.

כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, וואָס יעקב פּרילוקער האָט אין 1885 אין זיינעם אַ מעמאָראַנדום צו דער רוסישער רעגירונג זיך געוועגדט וועגן אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ מיסיאָנערישע צייטונג אין דער יידישער שפּראַך. זיין בקשה איז אָפּגעזאָגט געוואָרן מיט דער דערקלערונג, אַז אין קיין פאַל טאָר מען ניט דערלויבן קיין יידישע צייטונג, אַפילו אַ מיסיאָנערישע. דערביי איז נויטיק צו באַמערקן, אַז די ערשטע יידישע צייטונג אין רוס־לאַנד איז דערשינען נאָך אין די זעכציקער יאָרן. דאָס איז דער „קול מבשר" וואָס אַלעקסאַנדער צעדערבוים האָט אַרויסגעגעבן ווי אַ וועכנטלעכע ביילאַגע צום העברעאישן „המליץ".

שמעון דובנאָוו דערציילט אין זיינע זייער אינטערעסאַנטע זכרונות, אַז אין יאָר 1881 האָט ער געשריבן אין דעם רוסיש־יידישן וואָכנבלאַט „ראַז־סוועט" אַן אַרטיקל וועגן דער נויטיקייט פון אַ צייטונג אין דער יידישער שפּראַך. דער אַרטיקל האָט געהייסן: „אַ יידישע צייטונג פאַרן פאָלק". אין האַרבסט 1881 האָט אין פּעטערבורג אָנגעהויבן צו דערשיינען אַ וועכנטלעכע צייטונג „דאָס יידישע פאָלקסבלאַט" און האָט עקסיסטירט ביז 1890. דאָרטן האָבן געדרוקט זייערע ערשטע ווערק ספּעקטאָר און שלום עליכם, און דער דיכטער שמעון פרוג האָט געשריבן זיינע שיינע הומאָריסטישע לידער (פון זשאַרגאָן צו יידיש. ווילנע 1929).

זייער אינטערעסאַנט איז דער אַרטיקל וועגן דינאַל כוואָלסאָן. ער גייט אַריין אין דעם אָפּטייל קאַריעריסטן. עס איז באַקאַנט דער שפּאַסיקער ענטפער

וואָס כוואָלסאָן האָט געגעבן בעת מ׳האָט אים געפרעגט פאַרוואָס ער האָט זיך געשמדט. ער האָט געזאָגט אַז ער האָט עס געטאָן פון איבערצייגונג. ער האָט זיך נעמלעך איבערצייגט, אַז עס לוינט זיך בעסער צו זיין אַ פּראָפעסאָר אין פעטערבורג ווי אַ מלמד אין ווילנע.

יוסף (דאָס איז זיין אמתער נאָמען) כוואָלסאָן איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע אין יאָר 1819. זיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער למדן און נאָך אַ גרעס־סערער קבצן. יוסף האָט געלערנט אין חדר, אין קלויז און אין דער ישיבה. געווען אַ גרויסער מתמיד און פאַררעכנט פאַר אַן עילוי. צו 22 יאָר (שוין נאָך דער חתונה) האָט ער זיך אַוועקגעלאָזן צו פוס, אָן אַ גראָשן געלט, קיין ריגע, זיך באַקענט מיט דעם באַרימטן ד״ר ליליענטאַל. שפּעטער אַוועק קיין דייטש־לאַנד. דער רעפאָרם־ראַבינער און געלערנטער ד״ר אברהם גייגער האָט אים פּראָטעזשירט און געהאָלפן. מיר דערוויסן זיך אַן אינטערעסאַנטן פּרט: פער־דינאַנד לאַסאַל, דער יידיש־דייטשישער סאָציאַליסטישער פירער איז געווען כוואָלסאָנס לערער אויף דייטש. אַ דאַנק זיינע אויסערגעוויינלעכע כשרונות, התמדה און ענערגיע האָט כוואָלסאָן פאַרענדיקט זיין שטודיום מיט אַן אויס־צייכענונג און האָט באַקומען דעם דאָקטאָר־טיטל פון לייפּציגער אוניווערסי־טעט. ער האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד, זיך געשמדט, און איז געוואָרן פּראָפעסאָר פון אָריענטאַלישן פאַקולטעט אין פעטערבורגער אוניווערסיטעט.

פּראָפעסאָר כוואָלסאָן איז געווען זייער פּאָפּולער ביי יידן צוליב זיינע גרונטיקע וויסנשאַפטלעכע ווערק, וואו ער האָט דערוויזן, אַז דער בלוט־בלבול איז אַן אַבסאָלוט פאַלשע באַשולדיקונג. אין פאַרשידענע צייטן בעת בלוט־בלבולים אויף יידן אין רוסלאַנד פלעגן זיך די פאַרטיידיקער שטיצן אויף פּראָפעסאָר כוואָלסאָנס וויסנשאַפטלעכע ווערק.

אַ סך יאָרן נאָך זיין אָנגענומען קריסטנטום האָט כוואָלסאָן נאָך אַלץ זיך אינטערעסירט מיט יידישע ענינים, געווען אַפילו אַ געוויסע צייט אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון „מפיצי השכלה״ (יידישע בילדונג־געזעלשאַפט) און האָט זיך אָפּט גאַנץ טאַקטלאָז אַריינגעמישט אין אינערלעך־יידישע ענינים. ער האָט אָבער קיין מאָל ניט רעאַגירט אויף דעם וואַקסנדיקן שטראָם פון אַנטיסעמיטיזם און קעגן די באַליידיקנדיקע שקרים און בלבולים אויף דער יידישער רעליגיע.

אין דעם בוך זיינען אויך פאַראַן גרעסערע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער

טראַגישער, שאַרפקאַנטיקער פּערזענלעכקייט פון אברהם אורי קאָווגער און פון דעם וועלט־באַרימטן מוזיקער אַנטאָן רובינשטיין.

אין סך הכל איז דאָס בוך „משומדים אין צאַרישן רוסלאַנד" אַ גאַנץ אינטערעסאַנט און נוצלעך לייען־מאַטעריאַל, געשריבן אין אַ קאָרעקטער, פּליסיקער שפּראַך, און איז צוטריטלעך פאַר דעם יידישן לייענער.

דאָס בוך איז פאַרזען מיט אַ הקדמה פון דער רעדאַקציע און מיט אַ זוכ־צעטל פון די פּערזאָנען וואָס ווערן אין דעם בוך דערמאָנט.

# דער היסטאָריקער רינגעלבלום האָט פאַרשריבן...

עמנואל רינגעלבלום. כתבים פון געטאָ, באַנד צוויי. נאָטיצן און אָפּהאַנד-לונגען (1942-1943). יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט, וואַרשע. פאַרלאַג יידיש בוך, 1963. 383 זייטן.

די נאָטיצן און אָפּהאַנדלונגען האָט דער מחבר געשריבן אין וואַרשעווער געטאָ ביז דעם אויפשטאַנד אין אַפּריל 1943, און שפּעטער — אין אַ בונקער אויף דער „אַרישער" זייט. די אַנדערע מאַטעריאַלן האָט דער יידישער היס־טאָרישער אינסטיטוט באַקומען פון דעם פאַרשטייער אין אונטערערדישן יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט, אַ בערמאַן, וועמען ד"ר רינגעלבלום האָט בשעתו איבערגעגעבן די כתבים.

עמנואל רינגעלבלום איז, ווי באַוואוסט, געווען איינער פון די אָנגע־זעענסטע און טאַלענטירטסטע אין דער גרופּע יונגע היסטאָריקער פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. די גרופּע האָט זיך געגרעכנט פאַר תלמידים פון ד"ר יצחק שיפּער און איז פון אים געווען אינספּירירט. זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל: „דער יונגער היסטאָריקער", און זיינען געווען פאַרבונדן מיט דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט—ייוו"אָ אין ווילנע.

די פירנדיקע פּערזאָנען פון דער גרופּע זיינען חוץ דעם מחבר געווען ד"ר רפאל מאַהלער (איצט אין ישראל) און י. אייזנבאַך. זיי און נאָך יונגע געלערנטע זיינען געווען דער וויסנשאַפטלעכער נאָכוואוקס פון דעם עלטערן דור היסטאָריקער, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער פאָרשונג פון דער געשיכטע פון די יידן אין פּוילן, ווי פּראָפ. משה שאָר, ד"ר מאיר באַלאַבאַן, ד"ר י. שיפּער און אַ גאַנצע ריי געלערנטע.

דאָס בוך וואָס ווערט רעצענזירט אין דער צווייטער באַנד פון רינגעל־בלומס שריפטן. דער ערשטער באַנד איז דערשינען אין וואַרשע מיט אייניקע יאָרן צוריק.

אין אָקטאָבער 1939, גלייך נאָך דעם אַריינמאַרש פון די נאַצישע היילות אין וואַרשע, איז רינגעלבלום באַשטימט געוואָרן ווי דער אָנפירער פון דער יידישער סאָציאַלער אַליינהילף פון דער קהילה. דעמאָלט האָט ער געמאַכט די התחלה צו שאַפן דעם אונטערערדישן אַרכיוו, וואָס איז שפּעטער געוואָרן

דער געטאָ־אַרכיוו, מיט דער ענערגישער הילף פון דער גרופּע מיטן פאַר־שטעלטן נאָמען „עונג שבת". די באַראַטונגען פון דער גרופּע פלעגן פאָרקומען שבת. צו אָט דער געהיימער געזעלשאַפט זיינען צוגעצויגן געוואָרן די יידישע וויסנשאַפטלערס און שרייבערס וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין וואַרשע. זיי האָבן געזאַמלט און פאַרשריבן אַלע מעגלעכע מאַטעריאַלן וועגן דער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן אין יענער אימהדיקער צייט, און וועגן די גזירות, דריפות און רציחות פון די דייטשן זינט זיי האָבן פאַרנומען דאָס לאַנד.

רינגעלבלומס נאָטיצן זיינען געשריבן געוואָרן אויף דער הייסער מינוט. זיי נעמען אַרום דעם גאַנצן אומפאַנג פון יידישן לעבן אין יענעם מאָמענט: פּיין, באַליידיקונגען דערנידערונגען, רציחה, שנאה און שאָדנפרייד מצד דער פוילישער באַפעלקערונג, הונגער, יודן־ראַט, יידישע פאָליציי — דאָס אַלץ ווערט רעגיסטרירט קורץ, לעבעדיק, אָפטמאָל מיט דער פּרטימדיקייט פון אַן עד ראיה, טיילמאָל פאַרצייכנט האַסטיק־רעפּאָרטעריש.

אויספירלעך ווערן געשילדערט באַזונדערע פּערזאָנען, ווי דער דירעק־טאָר פון „דזשאָינט" י. גיטערמאַן און דעם שרייבערס פּאַרטיי־חברים פון די לינקע פועלי ציון: שכנא זאַגאַן (אין בוך — סאַגאַן), אַ געוועזענער טוער פון די לינקע פּ. צ. פאַר דער מלחמה און מיטגליד פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש"אָ); ד"ר י. שיפּער, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער; מרדכי אַנילעוויטש, איינער פון די קאָמענדאַנטן פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע (אומגעקומען אין דעם אויפשטאַנד פון געטאָ); דער עקאָנאָמיסט מנחם לינדער (אומגעקומען אין אַפּריל 1942); קרוב 100 יידישע אינטעלעקטואַלן; וויסנשאַפטלערס, רבנים, שרייבערס, פּאָעטן, זשורנאַליסטן, קינסטלערס, אַרטיסטן, לערערס, וואָס זיינען דערהרגעט געוואָרן, געשטאָרבן פון הונגער און פון כל מיתות משונות. הגם דער גורל פון דעם רוב פּערזאָנען פון דער רשימה איז אונדז שוין לאַנג באַוואוסט פון די צענדליקער ביכער און פּנקסים — פון דער צאָלרייכער חורבן־ליטעראַטור, דערשינען אין משך פון די לעצטע יאָרן — ווי וואויל די רשימה איז בלויז אַ טייל פון אונדזער גייס־טיקן פאַרמעגן, וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן במשך פון די שוידער־יאָרן, — ווערט מען פון דער רשימה צום וויפלטן מאָל אויפגעטרייסלט, וויפיל גאונות און טאַלאַנט איז עס פאַרשניטן געוואָרן אויף אַן אַכזריותדיקן אופן פון מענטשן־חיות!

## י. גראָסמאַן / עסייען און זכרונות

אויסער די באַטיצן און אָפּהאַנדלונגען איז אין דעם בוך פֿאַראַן אַן אַרבעט פֿון 150 זייטן (אָריגינעל געשריבן אין פּויליש און איבערגעזעצט אויף יידיש פֿון ב. מאַרק) וועגן די יידיש־פּוילישע באַציאונגען אין דער צייט פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די אַרבעט האָט דער מחבר געשריבן נאָך דעם וואַר־שעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד, מיט דער הילף פֿון דער אונטערערדישער באַוועגונג איז ער אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פֿון דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין טראַווניק (לובלינער געגנט) און איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ בונקער אויף דער אַרישער זייט, וואו עס האָט זיך געפֿונען זיין פֿרוי און זון.

רינגעלבלום באַשרייבט די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לאַגע פֿון פּוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן פֿאַר 1939, געשריבן האָט ער דאָס אין סעפּטעמבער 1943. דעמאָלט זיינען נאָך אין פּוילן געווען אַ פֿערטל מיליאָן יידן. עס איז שוין געווען נאָך אַלע גירושים („אויס־זידלונגען"). מ'האָט שוין געוואוסט וואָס עס באַטייט אוישוויץ, מיידאַנעק און אַנדערע גיהנומס. ער שטעלט פֿעסט, אַז עס זיינען, אמת, פֿאַראַן אידעאַליס־טישע פּאָליאַקן, חסידי אומות העולם, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייערע לעבנס צו ראַטעווען יידן, אָבער זיי זיינען אַ טראָפּן אין ים פֿון שנאה, רויבלוסט, חיהשן אַנטיסעמיטיזם און גערנוויליקע מיטאַרבעט מיט די דייטשן צו אומ־ברענגען די רעשטלעך יידן אין די באַהעלטענישן און אויף דער אַרישער זייט.

ער פֿרעגט: „ווען די טויטן־צוגן זיינען געלאָפֿן פֿון פֿאַרשיידענע געגנטן פֿון לאַנד קיין טרעבלינקע אָדער אַנדערע אומקום־ערטער, צי דעמאָלט האָבן זייערע לעצטע בליקן אויף גאַס וועלט געמוזט פֿאַלן אויף די גלייכגילטיקע אָדער אַפֿילו צופֿרידענע פּנימער פֿון זייערע שכנים? צי דעמאָלט ווען, פֿאַר־איאָרן (1942) זומער זיינען איבער די גאַסן פֿון דער הויפּטשטאָט געפֿאָרן וועגענער אָנגעלאָדן מיט געכאַפּטע יידישע מענער, פֿרויען און קינדער, האָט זיך געמוזט אויף יענער זייט פֿון די געטאָ־מויערן צעהילכן אַ געלעכטער פֿון צווילדעוועטן המון? צי האָט געמוזט הערשן אַ טעמפּע גלייכגילטיקייט לגבי דער גרעסטער טראַגעדיע פֿון אַלע צייטן?".

אַזעלכע און ענלעכע פֿראַגעס שטעלט דער מחבר, וואָס איז געווען באַ־האַלטן אין אַ בונקער אויף דער גראָיעצקער גאַס אונטער ספּעקטעס (גלע־זערנע קאַסטנס פֿאַר גרינס). ער אַפּעלירט נאָך צום פּוילישן פֿאָלק צו העלפֿן ראַטעווען דעם לעצטן פֿערטל מיליאָן יידן אין פּוילן.

ער שרייבט, אַז בלויז דער באַוואוסטזיניקער פּוילישער אַרבעטער־קלאַס האָט פאַר דער מלחמה באַקעמפט די פאַשיסטישע כוחות פון פּוילן, וועלכע האָבן געהאַט די פולע שטיצע פון דער רעגירונג. די פּוילישע רעגירונג איז זינט 1934 געווען אַזוי פאַרבלענדט מיט איר גרויסקייט־מאַניע און מיט איר שנאה צו די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, באַזונדערס צו די יידן, אַז זי איז וואָס מער אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון נאַצי־דייטשלאַנד, און האָט ניט געזען ווי דער „מערבדיקער שכן" גראָבט אַ גרוב פאַר פּוילן.

רינגעלבלום איז געווען זייער אַ פּעאיקער און געשולטער היסטאָריקער, גלייכצייטיק איז ער געווען אַן אַקטיווער און שיעור ניט אַ פאַנאַטישער פאַר־טיי־מאַן, און דאָס איז קענטיק פון זיינע באַשרייבונגען בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע.

די רעדאַקציע פון דעם בוך איז אויך זייער ווייט פון אָביעקטיווקייט. אין די באַמערקונגען, הערות און דערקלערונגען צום טעקסט ווערט כסדר אָקצענ־טירט די ראָל פון דער פּ.פּ.ר. (קאָמוניסטישע פּאַרטיי) אין קאַמפן קעגן די נאַציס און דער פאַרטיידיקונג פון די יידן אין די געטאָס.

אָבער ניט געקוקט אויף די חסרונות זיינען די „כתבים פון געטאָ" אַ וויכ־טיקער מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע בעת דער שווי־דערלעכער תקופה פון 1939 ביז 1943.

יעקב צעלעמענסקי, וואָס געפינט זיך איצט אין ניו יאָרק איז אין יענע יאָרן געווען אַ קוריער פון דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג. ער דערציילט אין זיין בוך „מיטן פאַרשניטענעם פאָלק", אַז צוליב אַ מסירה איז דער בונקער אויף גראַיעצקי דורכגעפאַלן. ער שרייבט: „דעם 1טן מערץ 1944 זייענען צוויי לאַסטאויטאָס געקומען צו פאָרן און 38 יידן זיינען פון דער געשטאַפּאָ אַוועקגעפירט געוואָרן אין פאַוויאַק, וואו מען האָט זיי דערשאָסן".

ד"ר עמנואלס רינגעלבלומס לעצטער בריוו, אַדרעסירט צום יידישן ווי־סנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו יאָרק, צום יידישן פּען־קלוב, צו שלום אַש, ה. לייוויק, י. אָפּאַטאָשו, ר. מאַהלער, איז דאַטירט: וואַרשע, דעם 1טן מערץ 1944 (6 טעג פאַר זיין אומקום). דאָס איז אַ פאַטעטישער עס.אָ.עס.־רוף, אין וועלכן ער באַשרייבט די לאַגע פון די 5 פּראָצענט יידן וואָס זיינען נאָך פאַר־בליבן אין פּוילן, און שיקט איבער „הייסע גרוסן צו אַלע יידישע קולטור־

טוער, שרייבערס, זשורנאַליסטן, מוזיקערס, פּלאַסטיקערס, אַלע בויערס פון דער מאָדערנער יידישער קולטור און קעמפּערס פאַר נאַציאָנאַלער און אַלגעמיין־מענטשלעכער אויסלייזונג".

דער בריוו איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אין מאַי 1944.

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן קאָרעקט און איז פאַרזען מיט אַן אינדעקס פון נעמען.

# אַ בוך וואָס דערמאָנט און מאָנט

ח. ש. קאַזדאַן. די געשיכטע פון יידישן שול-וועזן אין אומאָפּהענגיקן פוילן. אַרויסגעגעבן פון דער געזעלשאַפט „קולטור און הילף", מעקסיקע, 1947. אַריינפיר-ווערטער פון ש. מענדעלסאָן און י. ראָטענבערג.

אין משך פון די 20 יאָר צווישן ביידע וועלט־מלחמות איז דער יידישער ישוב אין פוילן געווען דער קאַלירפולסטער, עכטסטער און שעפערישסטער אויף אַלע געביטן פון אונדזער באַציאָנאַלן לעבן און קאַמף.

ער האָט פאַרמאָגט אומגעוויינטלעכע וויטאַליטעט און שוואונג.

באַזונדערס בולט האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזן אויפן פעלד פון קולטור־שאַפן. נאָכן פאַלן פון דעם צאַרישן רעזשים האָט די יידישע סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ אָנגעהויבן אַן עקשנותדיקן קאַמף מיט דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט פאַר יידישע שולן און קולטור־אַנשטאַלטן. אין די גרעסטע שטעט ווי וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק און לאָדזש האָבן זיך געעפנט שולן מיט טויזנטער קינדער. ביי אומגעהויער שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אין דער צייט פון הונגער און נויט, אין קאַמף מיט דער מאַכט איז אַנטשטאַנען דער יידישער און העברעאישער שולוועזן.

די יידישע לערערשאַפט, צוזאַמען מיט דער סאָציאַליסטישער אינטע־ליגענץ און פאָלקס־מאַסן, שאַפן דעם באַזיס פון דער יידישער שול, וואָס האָט זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַזוי פּרעכטיק אַנטוויקלט.

שוין אין דער ערשטער סטאַדיע פון דער יידישער שול־בויאונג זיינען געמאַכט געוואָרן פּרוואוון צו לייגן דעם פונדאַמענט פון אַ צענטראַליזירטער שול־אָרגאַניזאַציע (די קולטור־באַראַטונג אין וואַרשע, אָקטאָבער 1919, און די פאַר־באַראַטונג צום שול־צוזאַמענפאָר, אַפּריל 1921).

די גרינדונג פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש"אָ) איז פאָר־געקומען אויף דעם ערשטן שול־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע, יוני 1921. קרוב 400 דעלעגאַטן פון גאַנצן לאַנד האָבן זיך אין צוזאַמענפאָר באַטייליקט. זיי האָבן רעפּרעזענטירט איבער 200 שול־אַנשטאַלטן מיט קרוב 20 טויזנט קינדער.

די אַנטשטייאונג און די געשיכטע פון דעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן

פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע ווערן גרינדלעך און געוויסנדיק באַ־שריבן אין דעם בוך.

דער מחבר — ח. ש. קאַזשדאַן — איז איינער פון די וויכטיקסטע בויערס און שאַפערס פון דער יידישער שול־באַוועגונג. ער איז געווען אַן אָנגעזעענער פירער פון ציש״אָ. אין משך פון אַ ריי יאָרן — דער פאָרזיצער פון פּעדאַ־גאָגישן אַמט און שפּעטער — דער פאָרזיצער פון דער ציש״אָ. עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך וואָס דער גרעסטער טייל פון זיין בוך איז געווידמעט דעם יידישן שולוועזן פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע. אָבער אויך אַנדערע טיפּן שולן ווי תרבות, חורב, יבנה, שול־קולט און אַנדערע ווערן אין דעם בוך באַשריבן.

דאָס ווערק איז באַזירט אויף אויטענטישע דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וואָס דער מחבר האָט געקאָנט באַקומען אין די ביבליאָטעקן פון ניו יאָרק.

דער מחבר שילדערט די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן אין פּוילן, די באַצי־אונג פון דער בילדונגס־מאַכט לגבי אונדזערע שולן. ער גיט אַ געטרוי בילד פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום די שולן. עס ווערט קלאָר אַז די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט, באַזונדערס דער „בונד״ און די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ איז געווען דער הויפּט־כוח וואָס וואָס די יידישע שול האָט זיך אויף אים באַזירט.

דער קאַמף פאַר דער יידישער שפּראַך און דער וועלטלעכער שול איז פאַרבונדן מיט די נעמען פון וולאַדימיר מעדעם, בייניש מיכאַלעוויטש (ער־שטער פאָרזיצער פון ציש״אָ), יוסף לעשטשינסקי (כמורנער), שלמה מענ־דעלסאָן, ברוך כהן (ווירגילי), אַננאַ ראָזענטאַל, גרשון פּלודערמאַכער א״א, ביי דער אַקטיווער מיטאַרבעט פון דער יידישער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ, ווי הירש דוד נאָמבערג, יעקב דינעזאָן, נח פּרילוצקי, ד״ר צמח שאַבאַד און אברהם גאָלאָמב.

מיט טיפער ליבשאַפט און גרונטיקער זאַך־קענטעניש ווערן געשילדערט די שיינע דערגרייכונגען פון אונדזערע שולן, זייער הויכער דערציערישע און פּעדאַגאָגישע ניוואָ, די גראַנדיעזע שול־אויסשטעלונגען, די יידישע גימנאַזיע און דער לערער־סעמינאַר אין ווילנע, די אָנערקענונג און אכטונג, וואָס דער שולוועזן האָט זיך דערוואָרבן אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּעדאַגאָגישן פאָרום. די פּראַקטיקע דערציאונגס־אַנשטאַלט, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין

די פּראָגרעסיווע פּעדאַגאָגישע קרייזן פון מערב־אייראָפּע — די קינדער־סאַנאַטאָריע אויפן נאָמען פון וו. מעדעם.

דער שרייבער פון די שורות, וואָס האָט זיין באַשיידענעם חלק אין דער שול־בויאונג פון דער ציש״אָ (אין ביאַליסטאָק און אין ווילנע) האָט, לייענענדיק דאָס בוך געהאַט טיילווייז דעם זעלביקן געפיל וואָס דער מחבר, וואָס שרייבט אין זיין נאָכוואָרט:

„כל־זמן איך בין געווען „פאַרקאָכט" אין פּראָצעס פון זאַמלען מאַטעריאַל און שרייבן די קאַפּיטלעך פון בוך בין איך געווען אין אַן אילוזאָרישער וועלט. איך האָב אַפילו מאָמענטנווייז געפילט שטאָלץ, דערהויבנקייט, צופרידנקייט. אָבער איצט ווען איך בין געקומען צום טראַגישן סוף פּסוק, האָב איך דער־פילט די טראַגישע פוסטקייט אַרום דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס איז באַשריבן אין בוך, כ'האָב דערשפּירט די פאַרשוואונדענקייט פון אָט דער שיינער וועלט פון פּוילישן יידנטום".

„עס איז געווען אַמאָל־אַמאָל. און עס איז נישטאָ מער... אין גאַנצן אַכט יאָר טיילן אונדז אָפּ פון יענער וועלט — און עס דוכט זיך, אַז עס איז אַ חלום פון גאָר פאַרצייטיקע יאָרן"...

עס איז אָבער נאָר טיילווייז אַזוי. מעכטיקע שפּורן פון דער היסטאָרישער נאַציאָנאַלער קולטור־באַוועגונג זיינען פאַרבליבן ביז היינטיקן טאָג, און וועלן נאָך האָבן זייער ווירקונג אויף דער געשטאַלטונג פון דער יידישער שול אין די קומענדיקע יאָרן. הונדערטער פאַרטיזאַנער און קעמפערס אין די געטאָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט די ציש״אָ־שולן. לערערס און תלמידים פון די ציש״אָ־אַנשטאַלטן שטייען ביז היינטיקן טאָג אויף זייערע פּאָסטנס אין די שולן אין אַלע לענדער און קאָנטינענטן, וואו עס געפינט זיך אַ יידישער ישוב: אין פּוילן, פראַנקרייך, בעלגיע, פאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע, מעק־סיקע, אַרגענטינע, בראַזיל, אויסטראַליע דרום־אַפריקע — אומעטום זיינען זיי אַקטיוו אין דער שול און אין דעם יידישן קולטור־לעבן.

די יידישע שול פון ציש״אָ איז פאַר דעם לערער דער עמוד האש וואָס גיט אים מוט און אינספּיראַציע אין זיין שווערער אחריותדיקער אַרבעט מיט יידישע קינדער איבער דער גאָרער וועלט. און ריכטיק שרייבט ש. מענדעלסאָן אין זיין הקדמה:

„זאָל דאָס בוך באַטראַכט ווערן ניט ווי אַ מצבה אויף אַן אונטערגעגאַנגגע־

נער וועלט, נאָר ווי אַ מאַנונג פאַר די היינטיקע דורות. מיר מוזן פון דעם לערנען און מאַכן אויספירן. דאָס יידישע שולוועזן מוז פאַרגעזעצט ווערן".

ווען דאָס בוך איז שוין געווען אין דרוק האָט זיך באַקומען די טרויעריקע ידיעה, וועגן דעם טויט פון שלמה מענדעלסאָן, וואָס איז געווען די נשמה פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע און איינער פון אירע טאַלאַנטירטע אידעאישע מיטבאַגרינדערס און שאַפערס.

דאָס ווערק איז געהייליקט זיין אָנדענק...

עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אַז אין דעם בוך ווערט באַשריבן די שול־באַוועגונג פון אַלע ריכטונגען. הגם די שילדערונג פון די אַנדערע שולן איז נישט אַזוי געֵנוי און אַלזייטיק צוליב סוביעקטיווע און אָביעקטיווע סיבות (עס איז נישט מעגלעך געווען צו באַקומען די אָריגינעלע דאָקומענטן און מאַטעריאַלן) באַקומען מיר דאָך אַ קלאָר בילד וועגן פּראָגראַם, אידעאישער באַזע און אנטוויקלונג פון די תרבות־שולן און פון דער רעליגיעזער שול־באַוועגונג.

די תרבות־שול איז געווען אַ וועלטלעכע, העברעאישע, האָט פולשטענדיק איגנאָרירט די יידישע שפּראַך און קולטור־שאַפונג און האָט געדינט דער ציוניסטישער באַוועגונג.

די רעליגיעזע שול־באַוועגונג איז געווען קוואַנטיטאַטיוו די גרעסטע. די אגודה — די אָרגאַניזאַציע פון דער אָרטאָדאָקסיע — איז געווען זייער פאַנאַטיש און אַגרעסיוו אין קאַמף מיט קעגנערישע ריכטונגען. זי האָט שאַרף באַקעמפט סיי די ציש"אָ, סיי די תרבות. אין אַן אַגודיסטישן פּראָפּאַגאַנדע־אויפרוף ווערט צווישן אַנדער געזאָגט:

„די פרייע שול־אָרגאַניזאַציעס פון תרבות און ציש"אָ האָבן אומעטום... פאַרלייגט נעסטן פון כפירה און מינות... עס האַנדלט זיך דערין צי זאָל דאָס יידישע פאָלק ווייטער דערציען זיינע קינדער אויף דער שויס פון תורה, איינפלאַנצן אמונה און יידישקייט אין זייערע יונגע הערצער ווייטער פלעכטן די גאָלדענע קייט פון עבר... אָדער עס זאָל זיך אָנהויבן אַ ניי לעבן אָן תורה, אָן אמונה, אָן יידישקייט. אַ יידיש לעבן, וואָס זיינע העלדן און „גדולים" זיינען אַ הערצל, אַן אחד העם, אַ ביאַליק, אָדער אַ מאַרקס, אַ מעדעם און אַ מיכאַלעוויטש, אָדער גאָר אַ מענדעלע, אַ שלום עליכם און פרץ".

עס איז אַן אינטערעסאַנט און גוצלעך ווערק. קיין שום קולטור־טוער, קיין שום אינטעליגענטער יידישער מענטש וועט זיך אָן אים ניט קענען באַגיין.

אין דער קומענדיקער אויפלאַגע וועלן דאַרפן אויסגעמיטן ווערן די דרוק־פעלערן. מען וואָלט אויך געדאַרפט איינפירן אַ רעגיסטער פון נעמען וואָס ווערן אין דעם בוך דערמאָנט.

פאַר די לייענערס וואָס זיינען נישט געניט באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער יידישער שול־באַוועגונג וואָלט אפשר נויטיק געווען קורצע זאַכלעכע באַשרייבונגען פון פערזאָנען וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער שול־בויאונג, און האָבן משפיע געווען אויף דער אויסגעשטאַלטונג פון זייערע אידעאָלאָגישע יסודות.

עס וואָלט אויך געווען אַ יושר צו רעסטאַווירן און פאַרעפנטלעכן אַלע נעמען פון די יידישע לערערס און לערערינס, וואָס זיינען אומגעקומען און אומגעבראַכט געוואָרן אין די געטאָס און לאַגערן.

קאַזדאַנס ווערק פאַרדינט אַ גרויסע פאַרשפּרייטונג פון פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן און צוליב מערערע טעמים. צוליבן אינהאַלט — עס איז דאָס איינציקע ווערק, וואָס שילדערט אַ גאַנצע עפּאָכע אין אַ גאַנצן — הויך ווער־טיקן — געביט פון מאָדערנעם יידישן נאַציאָנאַלן שאַפן. צוליב דער פאָרם: עס איז געשריבן אין אַ קלאָרער, פיינער, לייכט־פאַרשטענדלעכער שפּראַך. און אויך צוליב פּראַקטישן נוצן: פאַראַן אין בוך פיל באַשרייבונגען וואָס געהערן נישט בלויז צו אַ גלאָררייכער, אַזוי טראַגישער געשיכטע, נייערט פון וועלכע מען קאָן אויך אַ סך לערנען אין אונדזער וויטערדיקער אַזוי נוי־טיקער און וויכטיקער יידישער קולטור־טעטיקייט.

באמת און אין פולן זינען פון וואָרט:

אַ בוך וואָס דערמאָנט — און מאָנט.

# אַ וויכטיקער, סאָלידער זאַמלבוך

פנקס פאַר דער פאָרשונג פון דער יידישער ליטעראַטור און פרעסע. רעדאַק־טאָר דר. ש. ביקל, אַרויסגעגעבן פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1965. — געווידמעט דעם אָנדענק פון ש. ניגער, צום צענטן יאָרצייט — 1955—1965.

דער אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1948, האָט שוין באַוויזן צו אַנטוויקלען אַ וואָגיקע פאַרלאַג־טעטיקייט פון גאָר אַ ברייטן פאַרנעם. צו דערמאָנען איניקע פובליקאַציעס: אַ פולע אויסגאַבע פון שמעון דובנאָווס „וועלט געשיכטע פון יידישן פאָלק" אין 10 בענד; 7 בענד פון דעם „לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור"; 3 גרויסע בענד פון דער „דערציונג־ענציקלאָפעדיע" און 3 בענד פון „באַגנטן עבר". לעצטנס האָט דער זעלביקער פאַרלאַג אַרויסגעגעבן דעם „פנקס", וואָס איז אַן אינטערעסאַנטער זאַמלבוך מיט ווערטפולע, פאַכמענישע אינפאָרמאַ־טיווע אַרטיקלען וועגן דער יידישער ליטעראַטור, פאָלקלאָר, פרעסע און שאַפערישע יידישע צענטערן איבער גאָר דער וועלט, ווי אויך אַ רייע בריוו פון יידישע שרייבערס און וועגן לייוויק־אַרכיווביים ייוואָ אין ניו־יאָרק.

דער רעדאַקטאָר פון דעם „פנקס" זאָגט אין זיין הקדמה, אַז דער באַנד איז נאָך נישט קיין פולשטענדיקער, און אַ סך אַרטיקלען וואָס זיינען געפּלאַנט גע־וואָרן זיינען אין דעם בוך נישט אַריין. עס איז צו האָפן אַז די פּלאַנירטע עסייען און פאָרשונגען וועלן אַריין אין צווייטן באַנד וואָס וועט דערשיינען גאָר בקרוב.

ד"ר ש. ביקל גיט אַ פיינע, אָריגינעלע אָפּשאַצונג איבער דעם שאַפן פון אונדזערע באַטייטיקסטע פּראָזאַיקערס — דוד בערגעלסאָן און יוסף אָפּאַטאָשו.

דער ייִנגערער דור יידישע בעלעטריסטן זיינען כמעט אַלע אונטער דער השפעה פון איינעם אָדער פון דעם אַנדערן פּראָזע־מייסטער. בערגעלסאָן איז דער גרויסער פּאָרטרעטיסט פון דער יידישער ליטעראַטור. אין זיינע ראָמאַ־נען און דערציילונגען הערשט אַ שטילקייט. „אים גייט אין אויסשעפּן פּסיכיש דעם מענטש, אויסצופּרעסן פון אים דאָס סאַמע עמאָציאָנעלסטע נשמה־פּינ־טעלע".

אָפּאַטאָשו איז נאַציאָנאַל־ראָמאַנטיש, דינאַמיש. ער האָט מיט זיינע ווערק

באַרייכערט אונדזער ליטעראַרישע מענטשן־גאַלעריי, ער האָט אויסגעברייטערט דעם געאָגראַפישן, צייטלעכן און אידעישן שטח פון אונדזער ליטעראַטור". אין דעם געזעמל פון מענטשן, וואָס אַפּאַטאַשו האָט מיט אַזאַ שאַפערישער ענערגיע און דינאַמישקייט אויפגעקליבן אין זיינע ווערק, דערזעט מען אַ פּאָלק פון געשטאַלטן איבער דער גאַנצער לענג פון דער יידישער געשיכטע און איבער דער ברייט פון דער יידישער געאָגראַפיע". דאָס זיינען בקיצור די גרונט־געדאַנקען פון דר. ביקלס גייסטרייכן עסיי וועגן די צוויי גרויסע שרייבערס.

דער אַרטיקל פון ד״ר יום טוב לעווינסקי (איז ער נישט אַ קרוב פון אונדזער אַלטן באַקאַנטן „ר׳ קרוב״ — אלחנן לייב לעווינסקי?) „ווי האַלט עס מיטן יידישן פאָלקלאָר?" גיט אַ שלל אינפאָרמאַציע, ווייזט אַרויס טיפע בקיאות וועגן איצטיקן מצב און געשיכטע פון פאָלקלאָר ביי די יידישע עדהס און שבטים. ער רופט אָן נעמען פון צענדליקער פאָרשערס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם פאָלקלאָר ביי די רעשטן שומרונים, קראים, תמנים, ספרדים און אשכנזים. ער שטעלט זיך אָפּ ספּעציעל אויף דער וויכטיקייט פון פאָלקלאָר־פאָרשונג פון די יידיש־ריידנדיקע אשכנזים, וועגן דער נייטיקייט צו שיקן אַן עקספּעדיציע וואָס זאָל זאַמלען מעשיות, ווערטלעך און לידער צווישן מזרח־איראָפּעישע יידן, וואָס וואוינען אין ישראל פון צווייטן און דריטן דור, ווי אויך ביי־געקומענע אין לאַנד. דער מחבר אינפאָרמירט אויך וועגן די אויפטוען אויפן פעלד פון יידישן פאָלקלאָר אין אַמעריקע און אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. ער דערמאָנט צענדליקער נעמען פון אַלטע און יונגע פאָרשערס. דאָס געזאָגטע איז בלויז אַן אָנרעגונג צו לייענען דעם גאַנצן אינטערעסאַנטן און וויכטיקן אַרטיקל.

אַ ביז גאָר באַלערנדיקער עסיי איז „דער קול מבשר און זיין רעדאַקטאָר", פון דעם באַקאַנטן פאָרשער און ביבליאָגראַף א. ר. מלאכי. ווי באַוואוסט האָט אין יאָר 1862 אָנגעהויבן צו דערשיינען אין אָדעס די ערשטע יידישע צייטונג אין רוסלאַנד, דער „קול מבשר", פריער ווי אַ צוגאָב צו דער העברעישער צייטונג „המליץ", און שפּעטער — ווי אַ זעלבסטשטענדיקע יידישע צייטונג. ביידע, דער „המליץ" און דער „קול מבשר" האָט אויפגעשטעלט און רעדאַקטירט אַלעקסאַנדער צעדערבוים. ער איז געווען אַ שרייבער אויף ביידע שפּראַכן, אַ דינאַמישער, רירעוודיקער געזעלשאַפטלעכער עסקן און אַ משכיל. די צייטונג איז אַרויס אין אָדעס, וואָס איז דעמאָלט געווען דער צענטער פון

די משכילים אין רוסלאַנד. עס האָבן שוין דעמאָלט געשמט אין די משכיליש־ליטעראַרישע קרייזן דער פּאָעט אברהם גאָטלאָבער, דער שרייבער שלום יעקב אַבראַמאָוויטש — מענדעלע מוכר ספרים, דער געטרייער יידישיסט פון יענער צייט יהושע מרדכי ליפשיץ, מחבר פון ערשטן יידישן ווערטערבוך, מענדל ליעפין, דער איבערזעצער פון משלי און פון קוהלת אויף יידיש, אברהם גאָלדפאַדען, איינער פון די ראשונים פון יידישן טעאַטער, און אַנדערע.

דער „קול מבשר" איז געווען זייער אַ לעבעדיקע צייטונג, וואָס האָט גענומען שטעלונג צו אַלע פּאָליטישע געשעענישן אין דער וועלט, באַזונדערס אין רוסלאַנד. ווי די דעמאָלטיקע יידיש־רוסישע משכילים, האָט צעדערבוים ביי יעדער געלעגנהייט געשריבן, אַז יידן דאַרפן זיך בילדן, לערנען די שפּראַך פון דער מדינה, זיך אָפּזאָגן פון „פאַנאַטיזמוס" און אַבערגלויבן כדי צו זיין ראוי צו דער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס וועט זיכער געגעבן ווערן די יידן דורך דעם „מלך חסד" (אַלעקסאַנדער דעם צווייטן).

צעדערבוים האָט זיך אויך אָפּט אַריינגעמישט אין דער מחלוקת צווישן חסידים און מתנגדים, וואָס האָבן געפירט זייערע סכסוכים מיט גרויס פאַר־ביטערונג.

ער האָט אויך פאַרטיידיקט די יידן כלפּי חוץ — זיך משתדל געווען ביי דער רעגירונג און רעאַגירט אויף די באַליידיקונגען פון די יידן מצד דער אַנטיסעמיטישער פּרעסע, און האָט אויך געוואָרנט די יידן אין די שטעטלעך זיי זאָלן נישט אַרויסטראָגן זייערע קריגערייען אין דער עפנטלעכקייט כדי די רעגירונג זאָל זיך ניט אַריינמישן און עס וועט קומען צו בזיונות פאַר אַלע יידן, חסידים, מתנגדים און אויפגעקלערטע.

ווי דער רעדאַקטאָר פון „קול מבשר" האָט צעדערבוים זיך באַמיט צו האָבן פאַר מיטאַרבעטערס די וויכטיקסטע יידישע שרייבערס פון יענער צייט. מענדעלע מוכר ספרים האָט אָנגעהייבן צו דרוקן אין ק.מ. זיין „דאָס קליין מענ־טשעלע" וואָס איז געוואָרן זייער פּאָפּולער ביי די ברייטע מאַסן לייענערס, דער באַרימטער פּאָעט, דער גרעסטער פון דעם דור — יהודה לייב גאָרדאָן, האָט אויך געדרוקט אין ק.מ. שירים און משלים (שפּעטער אַרויס אין אַ באַזונדער ביכל א.נ. „שיחת חולין" — וואָכעדיקע שמועסן).

די ליטעראַרישע סענסאַציע איז געווען די שאַרף־סאַטירישע דערציילונג „דאָס פּוילישע יינגל" פון יצחק יואל לינעצקי. צעדערבוים דערציילט אין זיין

הקדמה צו דער דערציילונג, וואָס ער האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן אין בוכ־פאָרם: „דיזע דערציילונג האָט אַזוי שטאַרק פּאַראינטערעסירט דעם עולם, אַז מען האָט מיט אומגעדולד דערוואַרטעט פון איין וואָך צו דער אַנדערער די פאָרזעצונג. יעדער האָט זיך פריער געכאַפּט לעזן דעם פעליעטאָן פאַר אַלע פרישסטע בייאיקייטן. נאָך מער! חסידים וואָס זיינען גאָר טויט ברוגז אויף דעם „קול מבשר", ווער שמועסט אויף דיזער דערציילונג — גאָר להרג ולאבד! האָבן אויך יעדע וואָך געזוכט דאָס בלאַט און האָבן מיט פאַרגעניגן געלעזן „דאָס פוילישע יינגל", כאָטש אין זיך האָבן זיי דעם שרייבער פאַרשאָלטן די ביינער". אין קול מבשר האָבן זיך אויך געדרוקט דערציילונגען איבערגעזעצט פון רוסיש און דייטש. היינעס ביט פאַרענדיקטע דערציילונג „דער רבי פון באַכאַראַך" האָט זיך אויך דאָרטן געדרוקט (נישט אָנגעבנדיק דעם מחבר).

צעדערבוים האָט זיך אַרומגעזען אַז אין דער יידישער צייטונג פעלט איין מין בעלעטריסטיק — רייזע־באַשרייבונגען, האָט ער זיך אונטערגענומען צו מאַכן אַ רייזע אין די שטעט און שטעטלעך פון יידישן תחום, כדי צו קענען באַשרייבן זיינע איינדרוקן פון דעם יידישן לעבן אין רוסלאַנד. זיינע איינ־דרוקן מיטן נאָמען „אַ גאַסט אויף אַ ווילע זעט אויף אַ מיילע" האָבן זיך גע־דרוקט אין דער צייטונג קרוב צו אַ יאָר.

צעדערבוימען איז איינגעפאַלן צו באַזעצן זיך אין פּעטערבורג און דאָרטן אַרויסגעבן זיינע צייטונגען (ער האָט דערווייל באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אויך אַ צייטונג אין רוסיש). צוליב אַ מסירה אויף דעם „קול מבשר", ווי אויך צוליב קאַנצעלאַרישע שוועריקייטן, האָט מען אים אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן די יידישע צייטונג אין דער הויפּשטאָט. אין 1871 האָט די ערשטע און איינציקע יידישע צייטונג אין רוסלאַנד אויפגעהערט צו דערשיינען. א. ר. מלאכי שאַצט אָפּ אַז דער „קול מבשר" האָט היסטאָרישע פאַרדינסטן דער־מיט וואָס ער האָט געשאַפן אַ דעת הקהל אין די יידישע שטעט און שטעט־לעך, האָט איינגעוואוינט די פּרויען צו לייענען וועלטלעכע ליטעראַטור און האָט געהאָלפן צו שאַפן די לייענערין, ער האָט אויך געגעבן אַ שטויס צו דער שאַפונג פון דער יידישער פּרעסע אין רומעניע, גאַליציע, ענגלאַנד און אַמעריקע.

ד"ר אליהו שולמאַן דערציילט אין זיין גרונטיקן, אינפאָרמאַטיוון אַרטיקל וועגן דעם יידישן חודש־זשורנאַל „די יידישע וועלט", געשאַפן אין 1912, אַרויס

פריער אין פעטערבורג, און פון יאַנואַר 1913 — אין ווילנע, אין פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין, וואָס איז בשעתו געווען דער יידישער פאַרלעגער־מעצענאַט פון מאָדערנע ליטעראַרישע ווערק (פון שלום אַש, דוד בערגעלסאָן, און אַנד.). רעדאַקטאָר פון „יידישע וועלט" איז געווען שמואל ניגער.

דער זשורנאַל איז געווען אַן אמתע רעוועלאַציע פאַרן מאָדערנעם יידישן לייענער. עס איז געווען אַ צייכן פון דער צייט די יידישע פאָלקס־אינטע־ליגענץ האָט דווקא אין יענער צייט פון דער פּאָליטישער רעאַקציע אין לאַנד, נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון 5טן יאָר, געוועגדט איר האָפענו־נגען אויף דער אויפבליאונג פון דער ליטעראַטור און וויסנשאַפט אויף יידיש, און דער נייער זשורנאַל האָט באַפרידיקט אירע דערוואַרטונגען און האָפע־נונגען. גענוג צו זאָגן אַז צווישן די מיטאַרבעטערס פון דעם זשורנאַל זיינען אַנגעזאָגט געוואָרן: שלום עליכם, מענדעלע מוכר ספרים, י. ל. פרץ, דוד איינהאָרן, ח. נ. ביאַליק, דוד בערגעלסאָן, אברהם רייזען, דוד איגנאַטאָוו; ליטעראַטור־קריטיק און פּובליציסטיק: שמעון דובנאָוו, י. צינבערג, ד"ר ח. זשיטלאָווסקי, ש. ניגער, הלל צייטלין און אַ סך אַנדערע — אַלץ גדולים, אנשי השם!

דער לעצטער נומער פון דער ווילנער „יידישע וועלט" איז אַרויס אין אַפּריל 1915, מיט דער טרויעריקער ידיעה וועגן דעם טויט פון י. ל. פרץ. אין אויגוסט פון דעם יאָר ווערט ווילנע אָקופּירט פון די דייטשן. קלעצקין און ניגער עוואַקואירן זיך קיין פעטערבורג, און דער זשורנאַל הערט אויף צו עקסיסטירן אין זיין פריערדיקער פאָרעם. ד"ר שולמאַן גיט איבער אַז אין אַ פאַרענדערטער פאָרעם און אונטער אַנדערע נעמען (צוליב דער מיליטע־רישער צענזור אין די מלחמה־יאָרן) איז ער געדרוקט געוואָרן אין פעטראָגראַד און עס זיינען אַרויס נאָך 12 נומערן ביז 1916.

„די יידישע וועלט" איז געווען דער בעסטער, נייסטער יידישער ליטע־ראַרישער זשורנאַל. דער אינטעליגענטער יידישער לייענער האָט מיט גרויס התלהבות באַגריסט דאָס דערשיינען פון דער וויכטיקסטער ליטעראַרישער טריבונע.

דער שרייבער פון די שורות האָט צום ערשטן מאָל געלייענט דער זשור־נאַל אין 1917. ער דערמאָנט זיך ביז היינטיקן טאָג דעם טיפן רושם וואָס עס האָבן אויף אים געמאַכט בערגעלסאָנס „נאָך אַלעמען", איינהאָרנס לירישע

לידער, באַזינס (ד״ר זילבערפאַרבס) בריוו פון דער פּראָווינץ און ד״ר ח. זשיטלאָווסקיס „ווי אַזוי בין איך געוואָרן אַ יידישיסט״, און אַנד. עס איז באמת געווען אַ טיפע איבערלעבונג.

משה שטאַרקמאַנס עסיי וועגן דער העברעאישער און יידישער פּרעסע אין אַמעריקע גיט אַ היסטאָרישן אַריינבליק אין דעם אָנהייב פון יידישן זשורנאַליזם אין בײדע שפּראַכן אין לאַנד.

די וויכטיקסטע ראָלע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע ווערט באַטאָנט אין ד״ר מאַרגאָשעס אַרטיקל „די יידישע פּרעסע, אַנשטאָט באַנוגע־נען זיך מיט שרייבן כראָניק, האָט געמאַכט געשיכטע״. דער אָפּטייל: שאַפע־רישע יידישע צענטערן״ באַשטייט פון 8 לענדער אין דריי קאָנטינענטן — צפון און דרום־אַמעריקע, איראָפּע און אויסטראַליע — אַרגענטינע, בראַזיל, מעקסיקע, אורוגוואַי, טשילי, אויסטראַליע, פראַנקרייך און קאַנאַדע. מלך ראַוויטש גיט אַ גענויעם איבערבליק איבער דעם יידישן ליטעראַרישן שאַפן אין אונדזער לאַנד, מיט נעמען פון די רעפּרעזענטאַטיווסטע אויפן פעלד פון בעלעטריסטיק, וויסנשאַפט און דערציונג.

פון אַלע יידישע צענטערס וואָס ווערן באַשריבן אין בוך איז די אימ־פּאָזאַנטסטע אין אירע אויפטוען — אַרגענטינע, מיט איר האַלבמיליאָניקן יידישן ישוב, סיי אין דער פּרעסע, זשורנאַליסטיק, ליטעראַטור און וויסנ־שאַפט. אין בוענאָס איירעס ווערן אַרויסגעגעבן צוויי גרויסע טעגלעכע יידישע צייטונגען און דער איינציקער יידישער זשורנאַל פאַר פילאָסאָפישע עסייען „דווקא״ (זינט 1949), אַ גוט פונקציאָנירנדיקער פאַרלאַג פון די פוילישע יידן, פון אַרגענטינער אָפּטייל פון ייוואָ, אַרגענטינער אָפּטייל פון וועלט־קאָנגרעס; עס איז דאָרטן שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן די פולע אויסגאַבע פון דובנאָווס „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק״, לעצטנס איבערגעדרוקט געוואָרן י. צינבערגס ווערק „די ליטעראַטור ביי יידן״, מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט שוין איצט (אין דעצעמבער 1973) אַרויסגע־געבן דעם 35טן באַנד, רעדאַקטירט און צונויפגעזאַמלט פון ש. ראָזשאַנסקי.

דער לעצטער טייל פון דעם פּנקס איז „אַרכיוואַליאַ״, פון דעם היסטאָ־ריקער יחזקאל ליפשיץ. דער אָפּטייל באַשטייט פון בריוו פון יידישע שריי־בערס און דער ה. לייוויק אַרכיוו. 3 בריוו פון דוד האָפּשטיין צו אברהם ליעסין, עזרא קאָרמאַן און צו זיינע קרובים (1925־1946); 22 בריוו פון פּרץ מאַרקיש

צו יוסף אָפּאַטאָשו (1925־1946); אַ ווענדונג פון דעם ביבליאָטעקאַר פון דער באַרימטער שטראַשון־ביבליאָטעק אין ווילנע חייקל לונסקי, וועגן דער סכנה פאַר דער בייבליאָטעק מצד דער סאָוועטישער מאַכט (מערץ 1941); און אַנדערע בריוו.

פּרץ מאַרקישעס בריוו צו יוסף אָפּאַטאָשו זיינען דורכגעדרונגען מיט וואַרעמקייט און האַרציקייט. אין די בריוו קומט אויך צום אויסדרוק דער טיפער רעספּעקט און די ליבשאַפט פון די רעפּרעזענטאַטיווסטע יידיש־סאָוועטישע שרייבערס צו לייוויקן און אָפּאַטאָשו.

אָפילו נאָך דעם יאָר 1929, ווען די צווי (צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע) זיינען אַרויס פון דער „פרייהייט" צוליב דער באַציונג פון די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן צום אַראַבישן פּאָגראָם אויף די יידן אין ארץ ישראל, איז מאַרקיש גרייט געווען זיי מוחל צו זיין. אין 1935, ווען די האַק פון דעם תליון איז שוין געהאָנגען איבער די קעפּ פון די יידישע שרייבערס און איבער טויזנטער פירנדיקע קאָמוניסטישע פירערס פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, שרייבט מאַרקיש צו אָפּאַטאָשון אין דעם בריוו פון 6טן יולי: „טייערינקער אָפּאַטאָשו, וועגן דיר און וועגן דיין געזעלשאַפטלעכן לעבן לייענען מיר אין דער „פרייהייט" און קוועלן אַז. מיר וואַרטן אַלע, זאָלסט קומען צו אונדז און זיך באַזעצן אין ביראָ־בידזשאַן! עס וואָלט געווען אַ וועלט־סענסאַציע. מיר וועלן אויך פאָרן. בערגעלסאָן פאָרט נאָך אַמאָל אין אויגוסט, איך — שפּעטער אַ ביסל. בכלל איז דאָרט דער אָנהייב פון דער סאָציאַליסטישער קולטור (אידישער). מען פירט שוין אַהינצו אַריבער אַלע אונדזערע קולטור־אַנשטאַלטן, אוניווערסיטעטן, מוזייען, אינסטיטוטן און אַנדערע קאַטעדרעס. עס איז גוט! שרייב אַז וועגן זיך, איבער וואָס אַרבעטסטו איצט? און דיין פּלאַן וועגן קומען צו אונדז אין אַ פּאָר יאָר אַרום אויף זיך באַזעצן אין ביראָ־בידזשאַן, האָט מען ביי אונדז אויפגענומען מיט גוואַלדיקער באַגייסטערונג. לאָז דעם געדאַנק נישט אָפּ. ביי אונדז אין לאַנד שטייט דיר פאַר אַזעלכע מעגלעכקייטן — שעפערישע און מאַטעריעלע, וואָס עס האָט דיר אין חלום ניט געחלומט! גלויב מיר, מיינע היימישע און אַלע יידישע שרייבערס פון מאָסקווע גריסן דיך האַרציק, און באַגריסן דיין געדאַנק וועגן קומען צו אונדז און ווערן אַ טייל פון אונדזער גרויסער סאָוועטישער משפּחה".

וואָס עס איז געוואָרן פון יידישן ביראָ־בידזשאַן און פון דער „גרויסער

סאָוועטיטער משפּחה" איז אונדז צו גוט באַקאַנט. באַשערט געווען אָפּאַטאַשון צו שטאַרבן אין ניו יאָרק מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

אין דעם „לייוויק־אַרכיוו" ווערן אויסגערעכנט אַלע כתבֿ ידן פֿון זיינע דראַמעס, פּאָעמעס און לידער, ווי אויך פֿרעמדע מאַנוסקריפּטן, בריוו און פּאָעמעס וואָס לייוויק האָט נאָך אין יאָר 1954 איבערגעגעבן דעם ייִוואָ אין ניו יאָרק.

דער „פּנקס" האַלט 416 זייטן, איז שיין אַרויסגעגעבן און איז פֿאַרזען מיט אַן אינדעקס. די רעדאַקציע־קאָלעגיע באַשטייט פֿון ח. בעז, דר. ש. מאַר־גאָשעס, ד"ר ע. נאַקס און יעקב פּאַט.

דער אַלוועלטלעכער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס איז ווערט אַ וואַרעמען יישר כוח פֿאַר אַרויסגעבן דעם וויכטיקן פּנקס.

# וולאַדקע (פייגעלע פעלטעל-מענדריזשעצקי) —
# „פון ביידע זייטן געטאָ-מויער"

אַרויסגעגעבן פון דעם בילדונגס-קאָמיטעט פון אַרבעטער-רינג, ניו-יאָרק 1948, 358 זייטן.

וועגן וואַרשעווער געטאָ און וועגן דעם יידישן אויפשטאַנד קעגן די נאַציס איז שוין דאָ אַ גאַנצע ליטעראַטור.

עס האָבן וועגן דעם געשריבן מענטשן, וועלכע האָבן דעם געטאָ אין די אויגן נישט אָנגעזען און אַוודאי נישט אָנטייל גענומען אינעם אויפשטאַנד. עס האָט וועגן דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ געשריבן אַ מענטש, וואָס איז בשעת־מעשה געווען גאַנץ ווייט פון וואַרשע. דערביי באַשרייבט מען וועגן באַשטימטע פּאַרטייען און גרופּעס זאַכן, וועלכע זיינען גאַנץ ווייט פון אמת.

דאָס בוך וואָס מיר באַשרייבן איצט פּרעטענדירט נישט צו זיין קיין געשיכטע פון געטאָ, ווי אויך נישט קיין אַלזייטיקע באַשרייבונג פון דעם אויפשטאַנד.

די מחברין פון דעם בוך איז נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע שריפטשטעלערין. זי איז בלויז אַן עדות און אַן אָנטייל־נעמערין אין דעם העראָאישן קאַמף. זי שילדערט די סביבה, אין וועלכער זי האָט זיך געפונען. ווען מען האָט איר פאָרגעלייגט אָנצושרייבן וואָס זי ווייס וועגן דער טראַגישער תקופה פון די וואַרשעווער יידן, האָט זי געזאָגט: „איך קאָן שרייבן נאָר וועגן זאַכן וואָס איך האָב אַליין איבערגעלעבט, געהערט און געזען. און אויך דאָ איז מיין פעדער צו שוואַך אויף אָפּצושפּיגלען די טיפקייט פון די איבערלעבונגען. און דאָס וואָס איך האָב געהערט און געזען זיינען דאָך בלויז טראָפּנס אינעם ים פון דער גרויזאַמער טראַגעדיע".

וולאַדקע איז דער אַרישער נאָמען פון פייגעלע פעלטעל. ווען די נאַצישע חיילות האָבן פאַרנומען וואַרשע אין יאָר 1939 איז זי אַלט געווען זיבעצן יאָר. זי האָט באַקומען איר דערציאונג און בילדונג אין די יידישע שולן פון וואַרשע. זי איז געווען אַ מיטגליד פון דער בונדישער קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיף" (סאָציאַליסטישער קינדער־פאַרבאַנד), און דערנאָך — פון דער יוגנט־אָרגאַ־

ניזאַציע „צוקונפט“. פון די ערשטע טעג זינט דער היטלער־אָקופּאַציע איז פייגעלע געוואָרן אַ מיטגליד פון דעם אומלעגאַלן קאָמיטעט פון יוגנט־בונד „צוקונפט“.

די באַשרייבונג הייבט זיך אָן פון 22טן יולי 1942. אין דעם טאָג האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן פון געטאָ פּלאַקאַטן פון דער דייטשישער מאַכט מיט דער פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן פון וואַרשעווער געטאָ, אָן אונטערשייד פון עלטער און געשלעכט, ווערן „איבערגעזידלט“ (אַרויסגעשיקט). דאָס איז שוין געווען נאָך דעם זעלבסטמאָרד פון דעם פּרעזעס פון „יודנראַט“, אינזשעניער טשער־ניאַקאָוו. וואָס די דאָזיקע „איבערזידלונג“ באַטייט, האָבן די יידן געהאַט אַ בעפּלדיקע אַנונג. פאַר דעם זיינען שוין געשיקט געוואָרן וואַגאָנען מיט „איבערגעזידלטע“ יידן כלומרשט אויף אַרבעט. געציילטע פון זיי האָט זיך איינגעגעבן על פּי נס אָדער על פּי צופאַל אומצוקערן זיך לעבעדיקע אין געטאָ. אייניקע זיינען אַרויסגעשפּרונגען פון לויפנדיקן צוג אונטער אַ האָגל פון קוילן. אַנדערע זיינען אַנטלאָפן פון טרעבלינקע. דאָס וואָס די אַנטלאָפענע האָבן איבערגעגבן, האָט נישט איבערגעלאָזן קיין שום ספק, אַז די אַרויסגע־פירטע יידן ווערן אומגעבראַכט אויף אַ בעסטיאַלישן, ראַפינירטן, סיסטע־מאַטישן אופן.

ביי יעדערן האָט אָבער געטליעט אַ פונק פון האָפענונג: אפשר וועט מען איבערלעבן. אפשר וועט דאָס צו אים ניט קומען. און מען האָט זיך געקלאַ־מערט אָן דעם לעבנספאָדעם מיט די לעצטע כוחות. מען האָט זיך באַמיט צו קריגן אַן אַרבעט־קאַרטע (דער „אויסזידלונג“־באַפעל איז נישט געווען חל אויף די וואָס אַרבעטן אין די דייטשישע פאַבריקן (שעפּער), אין „יודנראַט“ און אין דער יידישער פּאָליציי). מען האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין לעכער, אין קעלערן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די „אַקציעס“, בלאָקאַדעס פון גאַנצע גאַסן, סעלעקציעס אויפן טרויעריק־באַרימטן אומשלאַג־פּלאַץ.

דאָס הויז וואו וולאַדקע האָט געוואוינט איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט דייטשן אוקראַאינער און יידישע פּאָליציי. מען האָט אַלעמען אַראָפּגעיאָגט אויפן הויף, באַגלייט מיט ווילדעגעשרייען און קלעפּ.

אין בוך ווערט אַזאַ מאָמענט באַשריבן מיט שוידערלעכער פּשטות: „מיר זיינען שוין אויפן הויף — מען שטויסט אונדז אין דער ריכטונג צום טויער. דער אַספאַלט איז ערטערווייז באַשפּריצט מיט בלוט. אַ שטיל קרעכצן דער־טראָגט זיך פון דער נאָענט. רעכטס, האַרט ביים מויער, ליגט עמעצער אין

אַ קאַלוזשע בלוט. אַ ייד לויפט מיט אַן אויסגעשטרעקט שטיקל פּאַפּיר צו די עטלעכע שטייענדיקע דייטשן. ער ווייזט זיי דאָס פּאַפּירל און בעט זיך עפּעס ביי זיי, מען הערט ניט וואָס, מען זעט נאָר דעם רעוואָלווער אין דעם דייטשס אויפגעהויבענער האַנט. אַ וויטאָגלעך וואָיען דערטראָגט זיך צו אונדז. דאָס שלאָגט דער דייטש דעם יידן".

אין אַ דעצעמבער־פרימאָרגן גייט פייגעלע אַרויס פון געטאָ. געסטאַפּאָ פאַרהאַלט זי, זי איז אין טויט־סכנה. אַ דאַנק אַ גליקלעכן צופאַל און איר זעלבסט־באַהערשונג ווערט זי געראַטעוועט... און ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ שיקסע אויף דער פּוילישער (אַרישער) זייט. פון אַ יידישער פייגעלע ווערט אַ פּוילישע וולאַדקע.

אין דער פּוילישער וואַרשע איז אַ נאָרמאַלע לעבעדיקע באַוועגונג, גלייך ווי עס וואָלט אויף יענער זייט מויער גאָרנישט פאַרגעקומען.

„די ענגשאַפט אויף דער גאַס איז גרויס — מען איז צוזאַמענגעקוועטשט צווישן רוקן און פּלייצעס". דייטשן פירן דורך דעם קאָנטראָל פון די אַרבעט־קאַרטן. עס פאַלן באַפעלן: רעכטס, לינקס, לינקס! מען רייסט אָפּ מענער פון פרויען, מאַמעס פון קינדער, מען פּרואווט זיך בעטן, זיך רייסן פון די הענט פון דער פּאָליציי. עס העלפט נישט. אין דעם טאָג איז וולאַדקע אַוועק אויף רעכטס מיט איר כלומרשטער אַרבעט־קאַרטע. איר מאַמע מיט איר ברודער — לינקס, און מער האָט זי זיי שוין ניט געזען. און אַזוי געדויערט דאָס וואָכן און חדשים. די יידישע באַפעלקערונג פון וואַרשעווער געטאָ ווערט צעפּערטלט. די איבערגעבליבענע שטאַרבן אויס פון הונגער, מגפות אין די טויזנטער. מען גייט אַוועק „פרייוויליק" צום אומשלאַג־פּלאַץ — זיי קענען שוין ניט אויס־האַלטן דעם הונגער און פּיין פון די קינדער. און ווידער סעלעקציעס שוין אין די אַרבעט־שעפּער און אין די שפּיטעלער. וולאַדקעס שוועסטער ווערט אויך אַרויסגעפירט, און זי בלייבט די איינציקע פון דער משפּחה. זי אַרבעט אין אַ שאָפּ.

דורך דער גאַנצער צייט פון די דעפּאָרטאַציעס האָבן זיך געהערט מוטיקע רופן פון דער אומלעגאַלער יידישער באַוועגונג — בונד, החלוץ, דרור, השומר הצעיר, קאָמוניסטן און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס — מען זאָל ניט גלייבן דעם דייטש; אַז דאָס אַרויספירן באַטייט טויט. זיי האָבן גערופן צו אַנטקעגן שטעלן זיך. די וואָרענונג איז אָבער ניט אויסגעפאָלגט געוואָרן.

אין אָקטאָבער האָט וולאַדקע באַקומען אַ ידיעה, אַז אַבראַשע בלום, איינער פון די אָנגעזעענסטע פירערס פון דער בונדישער אונטערערדישער באַוועגונג, וויל זיך זען מיט איר. אין אַ קליינעם צימערל זיינען זיך צונויפ־געקומען עטלעכע חברים יוגנט־טוערס פון דער אומלעגאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַבראַשע בלום גיט איבער אַז אין געטאָ איז געשאַפן געוואָרן אַן אַלגעמיינער יידישער קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון פאָרשטייערס פון פאַרשיי־דענע פאָליטישע גרופּירונגען. די אויפגאַבע פון קאָמיטעט איז: צונויפנעמען די איבערגעבליבענע כוחות און אָרגאַניזירן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד.

עס הייבט זיך אָן פאַר וולאַדקען אַ ניי לעבן, נייע אויפגאַבעס. שטענדיק אין טויטגעפאַר, אַז פּוילישע „שמאַלצאָווניקעס" (שאַנטאַזשיסטן) זאָלן זי נישט דערקענען און איבערגעבן צו דער געסטאַפּאָ. זי ווערט אַ קוריער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, שמוגלט אַריבער ליטעראַטור, געווער פון דער אַרישער זייט אין געטאָ אַריין. זי שטייט אין קאָנטאַקט מיט די פירערס פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג: מיקאָלאַי בערעזאָווסקי (דר. לעאָן פיינער), מיכאל קלעפּפיש (געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט בעת דעם אויפשטאַנד), מיט דעם פאָרשטייער פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אריה ווילנער, טאשיע אַלטמאַן, מאַרק עדלמאַן און מיטן העלדישן קאָמענדאַנט פון געטאָ־אויפשטאַנד מרדכי אַנילעוויטש.

באַשיידן און אויפריכטיק באַשרייבט וולאַדקע אירע איבערלעבונגען, אָן אַ סימן פון באַרימעריי גיט זי איבער וועגן אירע געפערלעכע שליחותן פון דער אַרישער זייט אין געטאָ און צוריק, וועגן דער חברישער, ברידערלעכער באַציאונג צווישן די מיטגלידער פון די קאַמף־אָרגאַניזאַציעס פון די בונדישע און ציוניסטישע ריכטונגען. עס קומט בולט צום אויסדרוק די שרעקלעכע איינזאַמקייט און די פּיינלעכע גלייכגילטיקייט מצד דער פּוילישער אונטער־ערדישער באַוועגונג. פאַר יעדער רעוואָלווער און פאַר אַ שאַכטל דינאַמיט, וואָס עס האָט זיך איינגעגעבן צו קויפן און אַריינשמוגלען אין געטאָ, איז געצאָלט געוואָרן אַ בלוטיקער פּרייז אין בוכשטעבלעכן זינען פונעם וואָרט.

נאָך דעם 18טן יאַנואַר 1943, ווען עס איז פאָרגעקומען די ערשטע שלאַכט פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע מיט די געסטאַפּאָ־מערדערס, דאָס ערשטע מאָל ווען די יידישע יוגנט האָט קאָלעקטיוו געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און זיך ניט געלאָזט פירן אין די וואַגאָנעס — דעמאָלט האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען

פון דער פוילישער אונטערערד 50 רעוואָלווערן און 50 גראַנאַטן. בעת דעם אויפשטאַנד אין געטאָ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ערב פסח, דעם 19טן אַפּריל 1943, איז וולאַדקע געווען אויף דער אַרישער זייט.

די קאַפּיטלען „די געטאָ ברענט" און „קאַמף און אומקום פון וואַרשעווער געטאָ", זיינען אויפטרייסלענדיקע, דראַמאַטישע שילדערונגען פון דעם העראָ־אישן, האָפענונגלאָזן געראַנגל פון באַגייסטערטע העלדן מיט אַן אַכזריותדיקן ברוטאַלן שונא, באַוואָפנט מיט די מאָדערנסטע מערדערלעכע מלחמה־מכשירים.

די גרופּע אונטערערדישע קעמפערס אויף דער אַרישער זייט קוקן זיך צו מיט קלאַפּנדיקע הערצער צו דעם קאַמף. זיי זיינען הילפלאָז. זיי קענען מיט גאָרנישט העלפן זייערע ברידער און חברים. זיי באַוואונדערן זייערע געטאָ־ברידער און פילן זיך שולדיק וואָס זיי קענען ניט זיין אויף יענער זייט מויער צוזאַמען מיט די קעמפערס אין זייער טראַגישער לאַגע. און פון ערגעץ קומט ניט קיין הילף. די וועלט שווייגט. דער ס.אָ.ס.־רוף ווערט נישט דער־הערט. די פאַלאַקן אין וואַרשע זיינען אויף פאַרוואונדערט און איבערראַשט. אַזוינס האָבן זיי זיך אויף די „זשידקעס" נישט געריכט! אָבער קיין סימן פון מיטגעפיל און ווילן צו העלפן.

דער דייטשישער ס.ס.־גענעראַל סטראָפּ האָט געמאָלדן אַז דער אויפ־שטאַנד איז ליקווידירט געוואָרן דעם 16 מאַי. וולאַדקע דערציילט, אַז עטלעכע וואָכן נאָך דער דאַטע האָט מען געהערט שיסערייען און אויפרייסן אין געטאָ.

דער וואַרשעווער אויפשטאַנד איז איינגעשטילט געוואָרן ערשט מיט דעם אומקום פון דעם לעצטן קעמפנדיקן געטאָ־ייד.

# אַן אויפריכטיק און אויפטרייסלענדיק בוך

מיטן פאַרשניטענעם פאָלק, פון יעקב צעלעמענסקי. צוגעגרייט צום דרוק
א. שולמאַן און י. ש. הערץ. פאַרלאַג אונזער צייט, נ. י.

דער מחבר פרעטענדירט ניט אויף ליטעראַרישקייט און היסטאָרישקייט. ער איז ניט קיין שרייבער לויטן פאַך. ער האָט נאָך לאַנגע וואַקלענישן און ספקות באַשלאָסן צו דערציילן זיינע איבערלעבונגען, און דאָס וואָס ער האָט געזען בעתן גרויסן יידישן חורבן.

און איבערגעלעבט און געזען האָט דער מחבר גאָר אַ סך. ער קאָן מיט פולן באַוואוסטזיין זאָגן: אני הגבר ראה עני — איך בין דער מאַן וואָס האָט געזען דעם צער און פיין פון יידישן פאָלק אין פוילן אין די אימהדיקע יאָרן פון נאַצי־הערשאַפט.

ער האָט אויך געזען דעם אויפבלי און די אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. זייענדיק אַ מיט־גליד פון צענטראַל־ראַט פון יידישע פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אַן אַקטיווער מיטגליד פון „בונד" איז י. צעלעמענסקי אַ פאַר וואָכן פאַר דער מלחמה דעלעגירט געוואָרן פון דעם צענטראַלראַט אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון פוילן צו העלפן אָרגאַניזירן און פאַרשטאַרקן די יידישע פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג.

די מלחמה האָט אים פאַרכאַפּט אין קראָקע, וואָס איז געוואָרן די הויפּט־שטאָט פון דעם אַזוי־גערופענעם „גענעראַל־גאָווערנמענט""; און איז אַדמיני־סטראַטיוו געווען אָפּגעטיילט פון קאָנגרעס־פוילן. נאָך אַ ריי וואַנדערונגען צוזאַמען מיט טויזנטער יידישע פליטים, וואָס האָט געשטראָמט קיין מזרח; נאָכן פאַרזוכן דעם טעם פון די נאַצישע פייניקונגען און די סאָוועטישע „נייע אָרדע־נונג" אין לעמבערג, האָט צעלעמענסקי דערגרייכט וואַרשע, פאַרשטעלט פאַר אַ פּאָליאַק (ער האָט געהאַט אַ „גוטן אויסזען", ד. ה. ער איז ניט געווען ענלעך צו אַ ייד). זיין גאַנצע משפחה האָט נאָך דעמאָלט געלעבט. זייער רירנדיק באַשרייבט דער מחבר זיין באַגעגעניש מיט דער פאַמיליע. קיין געטאָ איז נאָך דעמאָלט ניט געווען, אָבער די יידישע באַפעלקערונג איז שוין געווען שרעק־לעך טעראָריזירט. זיי האָבן געליטן ניט בלויז פון די מערדערלעכע נאַציס,

נייערט אויך פון די פּאָליאַקן, וואָס האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט צו באַרויבן און פּייניקן זייערע יידישע שכנים.

צעלעמענסקי האָט באַקומען די אויפגאַבע פון דעם אונטערערדישן קאָמיטעט פון „בונד" צו זיין דער שליח אין אַ ריי שטעט פון פּוילן, צו אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט וואַרשע און צו פאַרבינדן די טעטיקייט פון די אונטערערדישע קאָמיטעטן פון דער פּאַרטיי, און טאָן וואָס עס איז מעגלעך צו העלפן פאַרשפּרייטן די אומלעגאַלע בולעטינען און די ידיעות פון דער אויסלענדישער ראַדיאָ. שפּעטער איז ער באַשטימט געוואָרן ווי דער קוריער פון דער פּאַרטיי אין די וויכטיקסטע פּוילישע שטעט.

מ'האָט באַדאַרפט האָבן אויסערגעוויינלעכע אָריענטירונגס־פעאיקייטן און מוט כדי אָנצוגיין ווי אַן אַריער אין דעם שרעקלעכן ים פון שנאה און טעראָר מצד די דייטשן און זייערע מיטהעלפּערס, ווי אויך מצד די אָרטיקע פּאָליאַקן, וואָס האָבן געלויערט אויף יעדערן וואָס אויף אים איז געפאַלן דער קלענסטער חשד אַז ער איז אַ ייד. דער מחבר באַשרייבט אַ סך פאַלן ווען זיין לעבן איז געהאָנגען ממש אויף אַ האָר.

אין משך פון די יאָרן וואָס דער מחבר האָט געאַרבעט ווי דער שליח פון דער פּאַרטיי האָט ער באַזוכט אַ גאַנצע רייע שטעט אין פּוילן און האָט דערנאָך געוואוינט אין וואַרשע אויסער דער געטאָ.

ער איז געווען אין שטענדיקער פאַרבינדונג מיט דעם געהיימען פּאַרטיי־קאָמיטעט און מיט דער אונטערערדישער באַוועגונג. פון דער מוראדיקער טראַגעדיע פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען איינגעקלעמט אין אַ ים פון רציחה, שנאה און האָפענונגסלאָזיקייט, שיינען אַרויס די הערלעכע געשטאַלטן פון דער אָנפירונג, פון די פשוטע פאָלקס־מענטשן און פון דער יידישער יוגנט, וואָס האָבן טאָג־טעגלעך אין משך פון חדשים און יאָרן געשטעלט אַ מוטיקן ווידערשטאַנד אַקטיוו און פּאַסיוו די נאַציס און זייערע משרתים. דער מחבר דערמאָנט אַ סך פאַלן ווען מענטשן האָבן מקריב געווען זייער לעבן כדי צו ראַטעווען זייערע ברידער־יידן. זיין פאָטער איז אומגעקומען בעת ער האָט אַריינגענומען אין בונקער אַ יידן וואָס איז געיאָגט געוואָרן פון דער געשטאַפּאָ. דער מעזריטשער מורה הוראה האָט זיך פריוויליק איבערגעגעבן די דייטשן, ווען זיי האָבן געדראָט אומצוברענגען 25 ערובניקעס אויב דער „יודע" וועט זיך ניט צושטעלן. פאָלקס־קינדער זיינען פריוויליק

געגאַנגען אויפֿן מזבח און האָבן אָפּגעגעבן זייערע יונגע לעבנס אין דינסט פֿון כּלל.

אַן ענלעכער פֿאַל פֿון פֿרייוויליק זיך איבערגעבן דער געשטאַפּאָ כּדי צו ראַטעווען צייטווייליק די פֿאַרבליבענע יידן פֿון געטאָ (וואָס זיינען שפּע־טער סייווי אומגעבראַכט געוואָרן) איז פֿאָרגעקומען אין ווילנע. דער קרבן איז געווען איציק וויטענבערג, איינער פֿון די אָנפֿירערס פֿון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זיין באַקאַנט מיט וויטענבערגן. אין ווילנער קולטור־אַמט פֿון די יידישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען איז ער געווען דער פֿאָרשטייער פֿון די לינק־געשטימטע לעדער־אַרבעטער, און איך בין ביז 1939 געווען דער פֿאָרשטייער פֿון די יידישע לערערס. איך וויל בשום אופֿן נית מינימיזירן דעם טאַט פֿון וויטענבערגן, אָבער וועגן אים האָט מען געשריבן אין ביכער, לידער און דראַמעס, און וועגן הונדערטער און טויזנטער פֿאָלקס־מענטשן, און יוגנטלעכע, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכן מוט און העלדישקייט פֿאַרן גיין „זייער לעצטן וועג“ ווערט קוים דערמאָנט אין ביכער און פּנקסים פֿון די שטעט און שטעטלעך.

ווי דער שליח פֿון דער אונטערערדישער באַוועגונג איז צעלעמענסקי געווען אין שטענדיקן קאָנטאַקט — דירעקט אָדער אומדירעקט — מיט דער אָנפֿירונג פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.). ער באַ־שרייבט אַ גאַנצע ריי פֿאַלן ווען די פּאַרטיי פֿון די פּוילישע אַרבעטער האָט זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו די יידן, און האָט זיך באַמיט צו העלפֿן זיי, ווען עס איז געווען מעגלעך (פֿאַרבינדונגען, שאַפֿן דירות, שיקן זייערע קור־יערן צו העלפֿן א.א.וו.), אָבער ער דערציילט מיט ביטערער אַנטוישונג, אַז די פּ.פּ.ס. האָט זיך אָפּגעזאָגט צו העלפֿן מיט געווער דער יידישער אונטערער־דישער באַוועגונג האַרט פֿאַר דעם אויפֿשטאַנד פֿון דעם וואַרשעווער געטאָ, ווען דער חלק איז שוין געלעגן אויפֿן האַלדז פֿון דעם רעשטל וואַרשעווער יידן נאָך די דעפּאָרטאַציעס, אַקציעס, הריגות און עפּידעמיעס אין שטאָט.

נאָך דעם אויפֿשטאַנד פֿון וואַרשעווער געטאָ אין אַפּריל 1943 האָט זיך טייל פֿון די אַקטיווע אָנטיילנעמער מיט גרויס מי און מסירת נפֿש אַרויס־געראַטעוועט אין די וועלדער אַרום וואַרשע. אויך רעשטלעך פֿון וואַרשעווער יידן און פֿאַרשטעלטע „אַריער“ זיינען געקומען אין די וועלדער. זיי האָבן זיך

גענויטיקט אין הילף, אונטערשטיצונג און אויפמונטערונג. עס זיינען געווען געפערלעכע קראַנקע, וואָס מ׳האָט געמוזט אַרויספירן פון וואַלד און באַזאָרגן מיט דירות אָדער צייטווייליקע וואוינונגען. צעלעמענסקי באַשרייבט מיט וואונדערלעכע פשטות ווי עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו זען די אומגליקלעכע יידן, און זיי העלפן מיט באַשיידענע מיטלען וואָס ער האָט געהאַט אין זיין רשות.

דעם שרייבער פון די שורות זיינען אָבער קשה אייניקע פּראָבלעמען, וואָס ווערן אין בוך ניט פאַרענטפערט: פון די פאַרשידענע פּובליקאַציעס וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די לעצטע צוואַנציק יאָר באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז די „אַרמיאַ קראַיאָוואַ״ איז געווען אַ נאַציאָנאַליסטישע פּוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע וואָס איז געווען דורכגעפּרעסן מיט שנאה צו יידן און האָט זיי גערודפט וואו נאָר זי האָט זיי געטראָפן, אַפילו די אויפשטענדלער וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אין די וועלדער האָבן געהאַט אויסצושטיין פאַרפאָלגונגען מצד דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ״. עס זיינען באַוואוסט פאַלן ווען זיי האָבן ביי די יידן צוגענומען דאָס געווער און אַפילו געהרגעט די יידישע פּאַרטיזאַנען. און אין דעם בוך ווערט דערציילט, אַז די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט פון דער א.ק. באַקומען הילף, אַפילו געווער וואָס איז געווען יקר המציאות (זייט 228 — סוף יאַנואַר 1943 האָט דער שטאַב פון אַ.ק. געגעבן דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע 50 גרויסע פּיסטאָלעטן און 50 גראַנאַטן).

עס וואָלט אויך געווען אינטערעסאַנט צו וויסן אויב די לאָנדאָנער גלות־רעגירונג האָט כאָטש איין מאָל געשיקט אַן אויפרוף דורך ראַדיאָ צום פּוילישן פאָלק מיט דער אויפקלערונג, אַז זיין שונא זיינען די דייטשן און ניט די יידן. אפשר וואָלט אַ ביסל געווירקט אויף געוויסע שיכטן פון פּוילישן פאָלק זיי זאָלן איינשטילן זייער מערדערלעכע שנאה לגבי די יידן. אין דעם בוך ווערט יאָ דערציילט, אַז מ׳האָט אין וואַרשע געהיים זיך צוגעהערט צו דער בי בי סי פון לאָנדאָן וועגן דעם מאָרד איבער עדליך און אַלטער, מ׳האָט געהערט די רעדעס פון אַרטור זיגעלבוים און ד״ר עמנואל שווערער דורך דער לאָנדאָנער ראַדיאָ.

עס ווערן דערמאָנט אַ גאַנצע ריי מענטשן וואָס האָבן איבערגעלעבט די מוראדיקע תקופה, און זיי געפינען זיך איצט אין די שטאַטן, אין קאַנאַדע

און ישראל. עס וואָלט, לויט אונדזער מיינונג, געווען נויטיק, אַז אַ פּאַראַנט־וואָרטלעכע און אויטאָריטאַטיווע אָרגאַניזאַציע זאָל זיי דערמאָנען די צוואה פון דעם יידישן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו, וואָס האָט (ווי מ׳דערציילט) געזאָגט גייענדיק זיין לעצטן וועג: יידן, פאַרשרייבט אַלץ וואָס איר האָט געזען.

אין סך־הכל:

דאָס בוך פון י. צעלעמענסקי איז אַ פיינער ביישטייער צו דער געשיכטע פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער אין די גרויליקע יאָרן פון דער נאַצי־הערשאַפט אין פוילן.

עס איז אַ מענטשלעכער, אויפריכטיקער דאָקומענט, דערציילט פון איינעם וואָס איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן, זיך אַנטוויקלט אין דער יוגנט־באַוועגונג „צוקונפט״ און אין דער יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

די גרויסע צאָל נעמען פון וויכטיקע פּערזענלעכקייטן, וואָס ווערן אין דעם בוך דערמאָנט, זאָגט עדות אויף דעם גלענצנדיקן זכרון פון דעם מחבר, און אַז ער האָט די פאַקטן פאַרשריבן אין דער ריכטיקער צייט.

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן פיין, קאָרעקט, ווי אַלע פּובליקאַציעס פון „אונזער צייט״, פאַרזען מיט אַ סך בילדער און אילוסטראַציעס. עס איז צו האָפן, אַז דאָס בוך וועט באַקומען די געהעריקע אָפּשאַצונג און פאַרשפּרייטונג ווי דאָס האָט כשר פאַרדינט.

# אַ פּרעכטיק בוך וועגן געפונענע דאָקומענטן פון בר כּוכבאס צייטן

בר כּוכבא — די ווידער־אויפדעקונג פון דעם לעגענדאַרישן העלד פון צווייטן אויפשטאַנד קעגן די רוימער (ענגליש) פון יגאל ידין.

יגאל ידין, דער מחבר פון „מסדה" איז פּראָפעסאָר פון אַרכעאָלאָגיע אין העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, געוועזענער שעף פון גענעראַל־שטאַב פון דער ישראל־אַרמיי. ער איז אַן אָנגעזעענער אַרכעאָלאָג, באַרימט אין דער וועלט פון זיינע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען אין מסדה און אין מדבר יהודה, וואו די בר כּוכבא־דאָקומענטן זיינען געפונען געוואָרן.

זיין פאָטער ל. סוקעניק איז געווען אַ באַקאַנטער אַרכעאָלאָג, אַ מחבר פון וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען. אינם בר כּוכבא באַשרייבט ידין די דראַמאַטישע פּאַסירונגען בעת די אויסגראָבונגען אין מדבר יהודה, און דעם גרויסן געפינס פון אויטענטישע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן פון צוויי יאָרהונדערט נ.ק.ב., ווען עס איז פאָרגעקומען דער אויפשטאַנד פון בר כּוכבא.

דער צווייטער אויפשטאַנד פון די יידן קעגן די רוימער (132־135), צוויי און זעכציק יאָר נאָך דער יידיש־רוימישער מלחמה, איז געווען אַ טראַגישע תקופה אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק. די מלחמה פון 68־70, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט דעם ענדגילטיקן חורבן פון דער יידישער מלוכה און דער צעשטערונג פון ירושלים דורך דעם רוימישן מיליטער, אָנגעפירט פון דעם אימפּעראַטאָר טיטוס, האָט טיף אויפגעטרייסלט די יידישע באַפעלקערונג פון ארץ ישראל. דאָס אַנטליפן פון די יידן אין די רוימישע קאָלאָניעס, און די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס האָבן איבערגעלאָזן דאָס לאַנד אין אַ צושטאַנד פון פול־שטענדיקן חורבן. די קליינע צאָל איבערגעבליבענע יידן האָבן אַ לענגערע צייט נישט געקענט קומען צו זיך. די בענקשאַפט נאָך דער פאַרלאָרענער זעלבסט־שטענדיקייט און די האָפענונג אויף דער אויסלייזונג האָט נאָך געטליעט צווישן פאָלק.

גראָד אין די תפוצות — אין עגיפּטן, מעסאָפּאָטאַמיע, ציפּערן און קירענ־איקאַ — זיינען אין די יאָרן 115־117 פאָרגעקומען אויפשטאַנדן קעגן די רוי־מער, אָבער זיינען אכזריותדיק דערשטיקט געוואָרן פון די רוימישע לעגיאָ־

נערן. אין 132 איז אין ארץ ישראל געקומען צו אַן אויפשטאַנד, אָנגעפירט פון דעם העלד בר כוכבא.

וועגן דער יידיש־רוימישער מלחמה האָבן מיר אַ גענויע באַשרייבונג פון דעם גרויסן יידישן היסטאָריקער יוסף בן מתתיהו, באַוואוסט אין די נישט־יידישע מקורות ווי יאָזעפוס פלאַוויוס, אין זיין ווערק „די יידישע מלחמות". ער אַליין האָט איבערגעלעבט די מלחמה, און אין אָנהייב האָט ער אין איר אָנטייל גענומען, ווי דער יידישער מיליטער־פירער אין גליל. ער באַשרייבט לעבעדיק, מיט גרויס טאַלאַנט דעם גאַנג פון דער מלחמה און איר טראַגישן סוף מיט אַלע פרטים. אָבער פון דעם בר כוכבא־אויפשטאַנד האָבן מיר אין די



יגאל ידין ווייזט די מיטגלידער פון זיין גרופּע אַ פייל, וואָס איז געפונען געוואָרן אין אַריינגאַנג פון הייל.

יידישע מקורות (אין תלמוד און אין די מדרשים), ווי אויך אין די ווערק פון די רוימישע היסטאָריקערס פון יענער צייט זייער ווייניק און ניט־פאַרלאָז־לעכע ידיעות וועגן אָט דער וויכטיקער היסטאָרישער געשעעניש.

אונדז איז באַוואוסט, אַז דער תנא רבי עקיבא, איינער פון די גרעסטע תלמודישע פערזענלעכקייטן פון יענעם דור, איז געווען שטאַרק באַגייסטערט פאַר בר כוכבאן, און האָט אים געהאַלטן פאַר אַ משיח (דרך כוכב מיעקב), און עס איז דאָ אַ מאמר פון אַ צווייטן תנא — רבי יוחנן בן תורתא — וואָס האָט געזאָגט: „עקיבא, גראָז וועט אויסוואַקסן אויף דיינע באַקן, און בן דוד

וועט נאָך אַלץ ניט האָבן געקומען". נאָך מער: פון די מקורות איז אַפילו זיין נאָמען ניט באַוואוסט, בר כוכבא (דער זון פון שטערן) אָדער בר כוזיבא (דער ליגנער־זון), ווי עס האָבן אים גערופן זיינע קעגנערס.

די בר־כוכבא מטבעות, וואָס מען האָט געפונען אין אַ גרויסער צאָל בעת פאַרשיידענע אויסגראָבונגען אין מדבר יהודה, זיינען ביז איצט געווען די איינציקע ממשותדיקע באַווייזן פון דעם צווייטן יידישן אויפשטאַנד קעגן רוים. זיי זיינען פון זילבער און בראָנדז, געגאָסן פון רוימישע מטבעות מיט די אויפשריפטן: „ערשטער יאָר פון דער אויסלייזונג פון ישראל", „צווייטער יאָר פון דער פרייהייט פון ישראל", „שמעון דער נשיא פון ישראל", „באַפריי־אונג פון ירושלים", און אַנדערע.

אַ בריוו פון בר כוכבא. די ערשטע שורה:
משמעון בן כוסיבה לישע

אין משך פון דורות איז בר כוכבא געוואָרן ביים פאָלק דער לעגענדאַרער העלד, אָבער אַנשטאָט גענויע ידיעות וועגן זיין פּערזענלעכקייט, וועגן זיינע העלדישקייטן, אויך וועגן זיין שטרענגקייט, אַפילו אַכזריותדיקייט, זיינען, חוץ די מעשיות פון תלמוד און מדרש, פאַרבליבן ביז די לעצטע צייטן די שפּיל פון די חדר־יינגלעך ל"ג בעומר, ווען זיי זיינען געגאַנגען פון חדר אין וואַלד (דאָס איינציקע מאָל ווען מען האָט די יידישע יינגלעך געפירט אויף אַ שפּאַציר), באַוואָפנט מיט אַליין־געמאַכטע הילצערנע פייל־און בויגנס, און האָבן מלחמה־געהאַלטן מיט די יידישע שונאים (דער רבי האָט זיי דערציילט, אַז אין דעם טאָג זיינען טויזנטער תלמידים פון רבי עקיבא געשטאָרבן פון אַ מגפה(?), האָט אָבער ניט דערמאָנט וועגן דעם יידישן העלד, מסתמא ווייל עס איז בכלל ניט קיין יידישער דרך צו האַלטן מלחמה).

די אויפדעקונג פון די ים המלח־מגילות אין סוף פון די פערציקער יאָרן האָט געגעבן אַן אומגעהויערן שטויס צו די ווייטערדיקע זוכונגען, אויסגראָבונגען און געפינסן.

די וואַנדערנדיקע בעדווינען האָבן זיך געלאָזט גרופּעסווייז אין די היילן פון דרום־יהודה, נאָענט צום ים המלח, צו גראָבן אין די היילן, זוכן מגילות און רעשטן פון אויפשריפטן אויף פּאַרמעט, כדי צו פאַרקויפן זיי פאַר איבער־גטריבענע פרייזן צו וויסנשאַפטלערס און צו באַיוזע אַמאַטאָרן פון אַלטער־טימלעכקייטן. אַן אַראַבער מיטן נאָמען כאליל שאהין האָט פאַרקויפט דעם גייסטלעכן דע וואָ אין 1952 דאָקומענטן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען איינער מיטן אָנהייב: „פון שמעון בן כוזיבא צו ישוע בן גלגולה און צו די מענער פון דער פעסטונג, „שלום״. דע וואָ, דער דירעקטאָר פון דער פראַנ־צויזישער שול פאַר ביבל און אַרכעאָלאָגיע, און לאַנקאַסטער האַרדינג, דירעק־טאָר פון אַלטערטימלעכקייטן פון דער ירדן־מלוכה, האָבן זיך געלאָזט פירן אין די היילן פון וואַדי מוראַבאַס, ניט ווייט פון ים המלח. אָבער צו זייער גרויסער אַנטוישונג האָבן זיי געפונען, אַז אַלע היילן זיינען שוין געווען דורכ־געניושטערט פון די בעדווינען.

איידער די ידיעה וועגן די בר כוכבא־דאָקומענטן זיינען פאַרקויפט גע־וואָרן, האָט דער אַרכעאָלאָג סוקעניק (דער פאָטער פון יגאל ידין), וואָס האָט דער ערשטער דערקענט דעם וויסנשאַפטלעכן ווערט פון די ים המלח־דאָקו־מענטן), געפּלאַנט אַן עקספּעדיציע צום מדבר יהודה, צו מערב פון ים ספּע־ציעל צום אָאַזיס עין גדי (געדי), וואָס איז געווען אין די גרענעצן פון מדינת ישראל. ד״ר סוקעניק איז אָבער קראַנק געוואָרן און איז אין גיכן געשטאָרבן, און דער פּלאַן איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אין פעברואַר 1960 זיינען געמאַכט געוואָרן קורצע אַגונטערזוכונגען פון די היילן אין דעם ראַיאָן פון עין גדי, און עס זיינען געפונען געוואָרן שפּורן פון בר כוכבאס מענטשן. אין דער זעלביקער צייט האָבן די בעדווינען פון ירדן־געגנט אומגעשטערט געגראָבן אין די היילן פון מדבר יהודה. בן־גוריון, דעמאָלטיקער פּרעמיער פון ישראל, האָט אויסגעדריקט זיין זאָרג איבער די וואַנדאַלישע זוכונגען אויף דער טעריטאָריע פון ישראל, און יגאל ידין איז באַאויפטראַגט געוואָרן צו פירן אַן אַרכעאָלאָגישע עקספּעדיציע מיט דער ממשותדיקער הילף פון דער ישראל־רעגירונג. צו ידינס דיספּאָזיציע זיינען געשטעלט געוואָרן זעלנער און מיליטערישע אויסשטאַטונג, אויך פרייוויליקע

פון די קיבוצים און ניט־יידן פון איראָפּעישע לענדער האָבן זיך געמאָלדן צו העלפן דער עקספּעדיציע. סיי די מיליטערישע גרופּע, סיי די פּריוואַטיקע האָבן מיט חשק און ענטוזיאַזם זיך גענומען צו דער אַרבעט אויסצוגעפינען שפּורן וועגן דעם העלד און זיין צייט, און עס האָבן זיך אָנגעהייבן אַ פיבער־דיקע טעטיקייט צו דערגרייכן דעם שפּיץ פונם באַרג, און אָפטמאָל אַ סכנות־דיקע אַרבעט פון אַראָפּלאָזן זיך אין די טיפע היילן מיט שטריקלייטערס. דאָס מיליטער האָט צוגעשטעלט אַ מינע־דעטעקטאָר צו אויסשפּירן מעטאַלענע אָביעקטן אין ערטער וואו אַ מענטשלעכער פוס האָט ניט געגרייכט שוין איבער 1800 יאָר. עס איז צום ערשטן מאָל אינסטאַלירט געוואָרן עלעקטריע אין דער הייל, און דער גאַנצער שטח אונטער דער ערד איז באַלויכטן געוואָרן מיט אַ שאַרפער ליכט. אַן אַרמיי־העליקאָפּטער האָט געבראַכט געניטע פאָטאָ־גראַפן, וואָס האָבן פאָטאָגראַפירט יעדן ווינקל אַרום דעם גאַנצן היקף פון דעם אויסגראָב־שטח. די דאָזיגע אָנגעשטרענגטע פּאַכמענישע אַרבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט אַ זעלטענער הצלחה.

ביי דער עלעקטרישער באַלייכטונג האָט מען מיט דער הילף פון דעם מינע־דעטעקטאָר געפונען 19 מעטאַלענע חפצים, איינגעבונדן אין אַ קערבל מיט צוויי הענטלעך, בראָנדזענע קריגלעך, אַ פאַטעלניע, שיסלען וועלכע זיינען אַמאָל באַנוצט געוואָרן פאַרן רוימישן געטערדינסט, אָבער די געטער־בילדער אויף די הענטלעך זיינען געוואָרן ספּעציעל אָפּגעריבן, כדי מ׳זאָל זיי מעגן נוצן, אין הסכם מיטן יידישן דין. נאָכן אָפּרייניקן די מעטאַלענע חפצים פון שטויב און שמוץ האָבן אַלע כלים אויסגעזען ווי ניי. די אַלע זאַכן האָבן געהערט צו די יידן פון בר כוכבאס צייטן, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן אין הייל, ווען די גאַנצע געגענט איז געוואָרן אַרומגערינגלט פון רוימישן מיליטער אונטער דעם בעסטן גענעראַל אַלעקסאַנדער סעווערוס, וואָס איז ספּעציעל אַרויסגע־רופן געוואָרן פון בריטאַניע כדי צו אונטערדריקן דעם יידישן אויפשטאַנד.

ווען די מעטאַלענע חפצים זיינען געפונען געוואָרן, איז די גרופּע געווען זיכער, אַז זי איז אויפן וועג צו אויפדעקן וויכטיקע דאָקומענטן און גרויסע געפינסן. מיט גרויס אומגעדולד האָט מען אָנגעהייבן צו זוכן געשריבענע דאָקומענטן. באַלד האָט מען געפונען אַ פראַגמענט פון אַ מגילה — דעם אָנ־הייב פון קאַפּיטל טו פון תהילים: מזמור לדוד ה׳ מי יגור באהלך. דאָס איז געווען דער ערשטער געשריבענער דאָקומענט, וואָס מ׳האָט געפונען אין דער הייל. צו דער פרייד פון דער גרופּע איז ניט געווען קיין גרענעץ. גלייך נאָך

דעם האָט מען געפונען די וויכטיקסטע דאָקומענטן — בריוו־פאַראָרדענונגען, געשריבן אין נאָמען פון בר כוכבא.

איין בריוו הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „שמעון בר כוסיבה צו יהונתן און צו מסבלא" וועגן די מענטשן פון תקוע וואָס האָבן ניט אויסגעפאָלגט בר כוכבאס פאַראָרדענונג וועגן דער מאָביליזאַציע, און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין עין גדי. אַ צווייטער בריוו: אַ „בריוו פון שמעון בר כוסיבה, שלום. צו יהונתן בן בהיא (מיין באַפעל איז:) אַז אַלץ וואָס אלישע וועט הייסן טאָן העלפט אים און אַלע זיינע מענטשן". די בריוו זיינען געשריבן אין אַראַמיש, וואָס איז געווען די „לינגווא פראנקא" (די אומגאַנגשפּראַך) אין גאַנץ מיטל־מזרח צו יענער צייט. אַנדערע בריוו זיינען געשריבן אין העברעיש אָדער גריכיש.

יגאל ידין דערציילט דעם וויטערדיקן קוריאָז: „איך דערמאָן זיך ווען איך האָב געוויזן דעם בריוו צו בן גוריונען, דערמאָלט דער פּרעמיער פון דער מדינה, איז נאָר איין בריוו אין אַראַמיש געווען געפּנט און דעשיפרירט. „פאַרוואָס האָבן זיי געשריבן דעם בריוו אין אַראַמיש און ניט אין העברעיש?" איז תיכף געווען זיין כעסדיקע רעאַקציע, אַזוי ווי די שרייבערס פון דעם בריוו וואָלטן געווען מיטגלידער פון זיין ביוראָ־פּערסאָנאַל".

(עס דאַרף דערביי באַמערקט ווערן אַז אין יענער צייט איז אַראַמיש ביי יידן געווען ווי יידיש ביי אונדז איצט. י.ג.) איין בריוו באַשטייט פון אַ שטרענגן באַפעל און וואָרענונג: „פון שמעון בר כוזיבא צו יהושע בן גלגולא און צו די מענער פון דער פעסטונג שלום זאָל דער הימל זיין אָן עדות קעגן מיר אַז אויב איר וועט ניט מאָביליזירן (אומברענגען, לויט אַן אַנדער אויסטייטשונג, ווייל דאָס וואָרט איז אָפּגעמעקט) די גלילער וואָס זיינען מיט דיר, וועל איך אָנטאָן קייטן אויף דיינע פיס אַזוי ווי איך האָב געטאָן צו בן אפלול".

א בריוו פון בר כוכבא. די ערשטע שורה:

משמעון בן כוסיבה לישע.

אין איין בריוו בעט (פאַראָרדנט) ער, מ׳זאָל אים שיקן ארבעה מינים, ווייל עס איז נאָענט צו סוכות. אין נאָך איינעם הייסט ער צו שיקן ווייץ און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן.

נאָך דעם ווי מ׳האָט די געפונענע בריוו און דאָקומענטן אַריבערגעפירט קיין ירושלים, האָט זיך אָנגעהויבן די אַחריותדיקע אַרבעט פון די עקספּערטן

צו עפענען און דעשיפרירן די צענויפגעוויקלע מגילות געשריבן אויף פּאַפּירוס און לעדער. ביים פונאַנדערוויקלען די מגילות האָט מען באַדאַרפט זיין אַזוי געניט און ספּעציאַליזירט, ווי ביי אַן ערנסטער כירורגישער אָפּעראַציע, כדי ווי ווייט מעגלעך ניט צו באַשעדיקן די ווערטפולע דאָקומענטן. דערנאָך האָבן באַרימטע לינגוויסטן איבערגעלייענט די בריוו און די היסטאָרישע אָריגינעלע אויפשריפטן פון די חפצים. עס זיינען אויך כעמיש אַנאַליזירט געוואָרן די רעשטלעך פון קליידער און שטאָפן, וואָס מענער און פרויען האָבן אין יענער צייט געטראָגן.

אין אַ יאָר אַרום איז אַרויסגעפאָרן אַ צווייטע עקספּעדיציע קיין מדבר יהודה מיט יגאל ידין און מיטהעלפערס, עקספּערטן און וואָלונטירן, אַ מיליטער־אָפּטיילונג מיט די נייטיקע מכשירים — עלעקטרישע פאָטאָגראַפישע און אַנד. נאָך פאַרשיידענע שוועריקייטן און מניעות צוליבן קלימאַט, וועטער און שלעכטע וועגן, איז די עקספּעדיציע אָנגעקומען אין די היילן פון מדבר, און מ׳איז מיט באַנייטער ענערגיע צוגעטראָטן צו דער אַרבעט אין „הייל פון בריוו" — אַזוי האָט מען דאָס אָרט אַ נאָמען געגעבן — האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גאַנצן אַרכיוו פון דאָקומענטן, וואָס האָט געהערט צו אַ פרוי מיטן נאָמען באַבאַטא, די טאָכטער פון שמעון בן מנחם. באַבאַטאַס אַרכיוו באַשטייט פון אַן אומאָפּשאַצלעכן קוואַל פון יורידישן, היסטאָרישן, געאָגראַפישן און לינגוויסטישן מאַטעריאַל. 35 דאָקומענטן זיינען געווען פאַרפּאַקט באַזונדער לויטן אינהאַלט. אַלץ צוזאַמען אין אַ לעדערנעם זאַק, איבערגעבונדן מיט אַ שטריק, געשריבן זיינען זיי געווען אין נאַבאַטעיש (אַ שפּראַך פון אַן אַראַבישן שבט), אַראַמיש, גריכיש און העברעיש. צווישן די דאָקומענטן זיינען דאָ פּערזענלעכע פאַמיליע־מאַטעריאַלן און לעגאַלע קאָנטראַקטן מיט אונטערשריפטן פון עדות אין אַראַמיש, גריכיש און העברעיש.

עס איז אויך געפונען געוואָרן באַבאַטאַס קעסטל מיט צירונג און מעטאַלענע שפּיגלען, וואָס זי האָט ניט פאַרגעסן מיטצונעמען בעת זי האָט מיט אַ סך יידן צוזאַמען געמוזט אַנטלויפן פון די רוימישע סאָלדאַטן און זיך באַהאַלטן אין אַ ניט־צוטריטלעכער הייל.

דער מחבר פאַרענדיקט דאָס בוך מיט די ווייטערדיקע ווערטער: „אַרכעאָלאָגן זיינען אויך מענטשלעכע וועזנס, און ווי אַזעלכע זיינען זיי אויך עמאָציאָנעל פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון זייער אייגן פאָלק".

...אַרבעטנדיק טאָג־איין, טאָג־אויס אין דער פּאַרשטיקטער לופט פון די היילן, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף די שפּורן פון די טראַגישע אי־בערלעבונגען פון די באַלאַגערטע אומגעקומענע יידן — האָבן מיר אויסגע־פונען אַז אונדזערע געפילן זיינען אַ געמיש פון איבערגעלעבטן אָנשטרענג, יראת הכבוד, ווי אויך פאַרוואונדערונג און שטאָלץ, וואָס מיר זיינען אַ טייל פון ווידער אויפגעלעבטער מדינת ישראל, נאָך אַ גלות פון 1800 יאָר. אָט זיינען מיר דאָ, לעבנדיק אין געצעלטן אויפגעשטעלט דורך די פּאַרטיידי־קונג־כוחות פון ישראל; מיר גייען אַרום טעגלעך דורך די חורבות פון אַ רוימישן מיליטערישן לאַגער, פון די וואָס האָבן געבראַכט צום טויט אונד־זערע עלטערן.

פון די אַמאָליקע רוימער איז פאַרבליבן בלויז אַ הויפן שטיינער אין מדבר, אָבער מיר, די אָפּשטאַמיקע פון די באַלאַגערטע און אומגעקומענע, האָבן זיך אומגעקערט כדי צו אָפּראַטעווען די איבערבלייבענישן וואָס האָבן געהערט צו אונדזערע אור־אור־עלטערן.

דאָס בוך האָט אויך אַ „קאַנאַדער מאָמענט״: אין 1961, בעת די אַרכעא־אָלאָגישע עקספּעדיציע האָט צום צווייטן מאָל דורכגעפירט איר אַרבעט אין מדבר יהודה, איז אַלאַן בראָנפמאַן, דער פּרעזידענט פון דער מאָנטרעאָלער געזעלשאַפט „פריינט פון העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים״ געווען מיט אַ וויזיט אין ישראל. דאָס גאַנצע לאַנד איז דעמאָלט געווען ווי פאַר־עלעקטריזירט פון די איבעראַשנדיקע געפינסן פון בר כוכבאס צייטן. אַלאַן בראָנפמאַן איז אין אַ געדונגענעם העליקאָפּטער אַרויסגעפלויגן, צוזאַמען מיט יגאל ידינס פרוי כרמלה, צום אָרט פון די אויסגראָבונגען. ווען ער איז אַהין אָנגעקומען, איז ער אַוועק אין דעם גרויסן געצעלט, וואו מ׳האָט פאַר אים אויסגעשטעלט אויף אַ טיש אַלץ וואָס מ׳האָט ביז איצט אויסגעגראָבן און געפונען אין די היילן פון מדבר יהודה. יגאל ידין שרייבט: „ער (א. בראָנפ־מאַן) איז דער איבערגעגעבנסטער גאָווערנאָר פון ירושלימער אוניווערסיטעט. ער האָט אין דער פאַרגאַנגענהייט אונדז ברייטהאַרציק געהאָלפן אין פאַר־עפנטלעכן די רעזולטאַטן פון די אויסגראָבונגען אין חצור״.